איז נאָך פאַראַן הײַנט פאַר װעמען אַרױסצוגעבן אַ בוך אין ייִדיש? דער שרײַבערישער יצר הרע, אָדער יצר טוב, װיל זיך ניט רעכענען מיט פאַקטן און ציפערן. און דער גרעסטער טײל אַרבעטן, װאָס גײען דאָ אַרײַן, זײַנען סײװי געװען אױסגעזעצט. זײ האָבן זיך פריִער געדרוקט, טײלװײַז, אין פאַרשײדענע צײַטונגען, און אַלע אין דער „אַפריקאַנער ייִדישע צײַטונג“. דאָס בוך איז — מיט קאָנטיקע קאָרעקטורן און ענדערונגען — לױט די קאַפּיטלען װאָס האָבן זיך געדרוקט אין דער אַפריקאַנער ייִדישע צײַטונג, און אָט דער זאַץ איז דאָ אױסגענוצט געװאָרן.

װעגן אַמעריקע גײען דאָ אַרײַן אַלע פריִער געדרוקטע אַרבעטן. די אַנדערע רעפּאָרטאַזשן זײַנען נאָר אַ קלײנער אָפּקליב. דאָס רוב אַרבעטן, גענוג פאַר נאָך אַ גרױס בוך, זײַנען געבליבן אין שופלאָד. אָבער דער אָפּקליב איז געמאַכט געװאָרן, כּדי געבן אַ כּלל־בילד, און עס זאָל באַרעכטיקן דעם נאָמען: אַ ייִד אין דער װעלט.

עס איז געדרוקט אין אַ באַשײדענע צאָל עקזעמפּלאַרן, און איז באַשטימט װי אַ מתּנה צו לײענער. אָבער אױב לײענער װעלן אַרײַנשיקן אַן אָפּצאָל, לױט זײער אײנזען און מיגלעכקײט, און דערפון זאָל זיך אָנקלײַבן אַ קאָנטיקע סומע — װעט פון דעם געשאַפן װערן אַ פאָנד, אַרױסצוגעבן ייִדישע ביכער אין דרום אַפריקע. (מיט אונדזער גאַנצן פּעסימיזם װעגן דער מערכה פון ייִדישן בוך הײַנט, זײַנען מיר, װי עס װײַזט אױס, נאָך פאַרט אָפּטימיסטיש . . .). אַלע געלט־אָפּרופן, אױב אַזעלכע װעלן זײַן, װעלן קװיטירט װערן אין דער אַפריקאַנער ייִדישע צײַטונג.

דאָס בוך איז געװידמעט ש. לעװין, מײַן חבר אין דער רעדאַקציע. איך דאַנק דערמיט, אין אַ קלײנע מאָס, זײַן גינציקײט, װאָס ער האָט אָפט גענומען אױף זיך צוזאַמלעכע אַרבעטן אין דער רעדאַקציע, כּדי דערמיגלעכן מײַנע רײַזעס. און דאָס בוך דערשײַנט אַ דאַנק זײַן אָנמוטיקונג און זײַן גלױבן, אַז עס איז כּדאַי צו טאָן אַזױ.

ל.ש.

# ערשטער טייל: אין אַמעריקע

## במקום אַ הקדמה

מיין שרייב־מאַשינקע איז שוין זיבעט יאָרן געווינט געוואָרן צו וואַנדערן, צו זיין יידישלעך־נע־ונד. עס האָט שוין דורכגעוואַנדערט אַ וועלט, ווי מען זאָגט עס. געווען אין צענדליקער לענדער, אויף פיר קאָנטי־נענטן. און דאָך האָט זי היינט האַרץ־קלאַפעניש אין איר יעדער אויסקלאַפּ פון אַן אות, ערב לאָזן זיך אין וועג, צו באַזוכן די לעצטע צוויי קאָנטינענטן, וווּ זי איז נאָך ניט געווען, די אַמעריקעס. די סיבה איז, ווייל דאָס איז ניט קיין געוויינלעכע רייזע. די מאַשינקע גיט זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דאָס פאָרט זי זען דעם גרעסטן יידישן ישוב אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע; די גרעסטע קאָנ־צענטראַציע פון יידן, וואָס איז ווען ניט איז און ווו ניט איז געווען, אין גלות און אין ארץ ישראל. און אויך דערפאַר, ווייל די דאָזיקע רייזע גופא האָט אַ לאַנגע געשיכטע, אַ היסטאָריע פון אַ 23 יאָר.

אין 1948, ווען די שרייב־מאַשינקע איז נאָך געווען יונג און פריש, פול מיט שטורעם און דראַנג, האָט זי געזאָלט פאָרן קיין אַמעריקע. זי איז דאַן געווען פאַר־בעטן צו דער גרינדונג פון יידישן קולטור קאָנגרעס, אין ניו־יאָרק. אָבער — מען האָט איר ניט געגעבן קיין וויזע. אַ פאָר יאָר שפּעטער, אין 1953, האָט זי ווידער געהאַט אַן איינלאַדונג צו קומען אין קאָלאָמבוסעס מדינה. דאָס מאָל איז די איינלאַדונג געווען פון אַ נאָך גרעסערע, שטאַרקערע יידישע אָרגאַניזאַציע ווי די ערשטע — און אויך דאָס מאָל האָט מען איר אָפּגעזאָגט די דערלויבעניש אַריבערצוטרעטן דעם שוועל פון אַמעריקע.

די מאַשינקע האָט עס קיין מאָל ניט דערציילט, ווייל זי האָט זיך אַ ביסל געשעמט. אָט די שרייב־מאַשינקע

איז אין יענע יאָרן געווען „אַ דינער פון וואָל סטריט", „אַ לאָקיי פון קאַפּיטאַליזם", „אַ פּיינט פון דער ליכטיקער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע" — און פון נאָך אַזעלכע צאַרטע עפּיטעטן, מיט וועלכע נאַרישע יידן האָבן איר באַטיטלט, ווייל אירע יידישע אותיות האָבן געשריבן קעגן דער פאַרשוועמונג פון יידישן לעבן אין סאָוועטן פאַרבאַנד. און אַט די יידישע שרייב־מאַשין האָט מען ניט אַריינגעלאָזן אויף אַ קורצן באַזוך אין לאַנד פון קאַפּיטאַליזם, וועמען זי האָט געדינט . . . האָט זי זיך געשעמט דאָס צו דערציילן, „סדי די טעכטער פון די פלישתים זאָלן זיך ניט פרייען, סדי די טעכטער פון די אומבאַשניטענע זאָלן ניט קוועלן" . . . וואָרום עס וואָלטן דאָך אָנגעקוואָלן און געלאַכט אין די פויסטן אַלע זידלער און באַליידיקער, וואָס אַט די רעאַקציאָנערע יידישע שרייב־מאַשינקע לאָזט מען ניט אַריין אין לאַנד פון דער רעאַקציע . . .



געשען איז עס דערפאַר, ווייל אַ טומטומדיקער באַאַמטער, פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין דייטשלאַנד, האָט אויסגעפונען, אין פאַרשטויבטע אַרכיוון, אַ גוואַלדאַוונעם חטא אויף דער שרייב־מאַשין און אויף איר שרייבער: זיי האָבן, אין די נאָך־מלחמה יאָרן, אין דייטשלאַנד, געקעמפט מיט „צופיל" אייפער פאַר מענטשלעכע רעכט פון דער שארית הפליטה און פאַרן נאַציאָנאַלן אויפקום פון יידישן פאָלק.

מיר שטויסן זיך אָן וועך דער שמאָל־קעפּיקער באַאַמטער איז געווען: אַ מאַיאָר פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, דער קאָמענדאַנט פון מינכען. ער, אָדער אַ צווייטער, אַ יידישער טשינאָווניק אין דעם מאַיאָרס קאַנצעלאַריע. דאָס האָט איינער פון זיי ביידן אַזוי אויסגעטייטשט דעם געראַנגל אונדזערן אין יענע יאָרן ווי „רעוואָלוציאָנערע אויפשטורעמער", וועמען עס איז אַ סכנה אַריינצולאָזן אין אַמעריקע. די שמאָל־קעפּיקע ביוראָקראַטן האָבן נעבעך זיך ניט פונאַנדערגעקליבן אין דעם יידישן פּראָבלעם, ניט פאַרשטאַנען אין וואָס עס איז געגאַנגען יידן אין יענע נאָך־מלחמה יאָרן, ניט באַנומען זייער געפּאָדער און זייערע אידייען. פאַר זיי זיינען מיר געווען רעוואָלוציאָנערן, העצערס, אויפשטורעמערס

קענען דער לעגאַלער מאַכט, סביכול, און ווי אַזעלכע, האָבן זיי געפּסקנט, קענען מיר אויך ווערן דינאַמיט פאַר דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע . . .

הערביי האָט די ביוראָקראַטישע מאַשין זיך געהאַלטן ביי איר׳ע געזעצן, אַז אַלץ דאַרף בלייבן בסוד סודות; מען טאָר נישט אַנטפּלעקן דעם אַפּליקאַנט, פאַר וואָס מען זאָגט אים אָפּ די טוריסטן וויזע. דער אָפּזאָג דאַרף בלייבן איינגעהילט אין פינצטערניש. האָט מען אפילו ניט געקענט ברענגען באַווייזן, מייבונגען אַנטקעגן, אויפ־קלערונגען — וויבאַלד מען האָט ניט געוווּסט די „באַ־שולדיקונג״. אַזוי זינלאָז האָט געקענט האַנדלען די טעמפּע ביוראָקראַטיע אפילו פון דער גרויסער אַמעריקע.

און אינטערעסאַנט זייער איז געווים, וואָס יענע גרוי־סע יידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געשיקט די איינ־לאַדונג, האָט זיך באַלד אָפּגעטרייסלט פון איר פאַר־בעטענעם, וויבאַלד די מאַכט לאָזט אים ניט אַריבער דעם שוועל צוליב „סעקיוריטי״ מאָטיוון. אין אַ בריוו פון יענע אָרגאַניזאַציע, צום פאַרבעטענעם, ווערט בפירוש געזאָגט, אַז זי קען ניט אינטערווענירן, וויבאַלד עס האַנדלט זיך אין „סעקיוריטי״ פון לאַנד . . . דאָס ווייזט אויך די טעמפּקייט פון יידישע טשינאָווניקעס, אין יידישע אינ־סטיטוציעס, די טעמפּקייט — און דעם גלות־פּחד, אויך אין לאַנד פון די פרייע און בראַווע. (און דאָס, ווי ווייט ייִדן זיינען דאָרטן פריי און בראַוו, פאַרן מיר טאַקע זען).



מיט אַ זעקס חדשים צוריק איז ווידער געווען אַ געלעגנהייט פאַר אַזאַ נסיעה, צו אַ קוק טאָן אויף דער מדינה פון אָנקל סעם — און ווידער איז געקומען דער איינגעשטעלטער סטערעאָטיפּיער ענטפער פון היגן קאָנסולאַט: פאַרבאָטן. און ווידער אָן אַ דערקלערונג. אָבער דאָס מאָל איז געווען מער געדולד און מער עקש־נות; עקשנות צוליב דער עצם פאַסצינירטקייט פון דער זאַך. און די שרייב־מאַשינקע (ניט גראַד די, אויף וועל־כער עס ווערט געשריבן מיט יידישע אותיות) האָט אוועקגעלייגט לשון, אַהין און ווו מען דאַרף, צו די הויכע פענצטער. איר, אַזעלכע און אַזעלכע, האָט די שרייב־מאַשין זיי געזאָגט, עס איז דאָך פע, פע, און פע . . .

דער ענטפער האָט ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן אויף

זיך, מיט — אַן אַנטשולדיקונג, אין אַ פּערזענלעכן אינטערוויו, און מיט אַן אויפקלערונג. באשר אין 1948 איז די וועלט געווען צעטומלט. עס איז נאָך אַלץ געווען דער פּסיכאָז פון נאָך מלחמה. און עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן די צייט פון איזערנעם פאָרהאַנג. און אין 1953 איז אַמעריקע אַליין געווען פאַרווירט, אַריינגעשליידערט אין מעקאַרטישן מכשפה־געיעג, ווען סענאַטאָר מעקאַרטי האָט געשראָקן אַמעריקע מיט איר אייגנעם שאָטן. האַרטע, נאַרישע ביוראָקראַטן האָבן געשאַלטעוועט מיט פּראָצעסן און מיט חשד און מיט דיסקרימינאַציע. און — „ווי אַר סאָרי". איצט זייט איר און אייער שרייב־מאַשין גוטע, אָנגעלייגטע געסט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קומט, זייט ווי לאַנג איר ווילט, ווו איר ווילט, עסט און טרינקט ביי אחנוז, און זאָל עס אייך וויל באַקומען.

אַ יידישע שרייב־מאַשינקע האָט אַ יידישע נאַטור, איז אַ יידישער גזלן — האָט עס מוחל געווען. נאָר געבעטן, אַז מען זאָל עס איר געבן שריפטלעך, שוואַרץ אויף ווייס, כדי מען זאָל וויסן און זען, אַז אויך אַמעריקע קען טאָן נאַרישקייטן — און הלוואי וואָלט דאָס נאָר געווען די גרעסטע נאַרישקייט אירע.



איצט איז שוין געוויס קלאָר פאַר וואָס מיין שרייב־מאַשינקע איז פול מיט רייזע פיבער, מיט קאַנטיקן און אומרו, צו אַריבערגיין די גרענעץ פון לאַנד, וואָס איז אַזוי פיל יאָרן געווען פאַר איר אַ פאַרבאָטענע. לאָמיר זען דעם גן עדן, ווו מען האָט ניט געוועלט אַריינלאָזן, און טאַקע, דער עיקר, דעם גרויסן יידישן קיבוץ דאָרטן, וואָס דאָס איז דאָך דער הויפּט־ציל פון דער נסיעה. לאָמיר קומען אַהין און זען און הערן און פאַרנעמען און — דערציילן.

(געדרוקט אין דער אַפריקאַנער יידישע צייטונג, כ׳ אלול תשל"א, 10טן סעפּטעמבער 1971).

# אַנטדעקט אַמעריקע...

איינדרוקן פון אַ רייזע אין אַמעריקע — ווו הייבט מען אָן? די איינדרוקן זיינען אַזוי פיל, און אַזוי פאַרשיידנאַרטיק, ווי עס איז אַמעריקע, פיל־געשטאַלטיק, פיל־פנימדיק.

איך בין געפאָרן מיטן בפירושן ווילן צו „אַנטדעקן אַמעריקע“, צו זען און צו לערנען פון דער נאָענט דעם גייסטיקן מהות פון אַמעריקע, איר סאָציאַלן גאַנג, קולטורעלן כאַראַקטער, דעם פּאָליטישן דרך און די פּראָבלעמען אַלע פון דער גרעסטער, מאַכטיקסטער מדינה אין דער היינטיקער וועלט.

נישט ווייניקער פון דעם האָב איך געוועלט זען און פילן דאָס יידישע לעבן. ווי עס זעט אויס דער אינדיווידועלער, געזעלשאַפטלעכער, נאַציאָנאַלער און קולטורעלער לעבן פון יידן אין דעם לאַנד ווו עס געפינט זיך די גרעסטע פיזישע יידן־קאָנצענטראַציע פון אַלע צייטן און דער מאַטעריעל־שטאַרקסטער קיבוץ אין דער יידישער געשיכטע.

פינף וואָכן האָב איך עס געזען, געלערנט און, דער עיקר, זיך באַמיט צו פאַרשטיין וואָס עס איז דער מהות פון אַמעריקע, דאָס יחידישע, דאָס באַזונדערע, וואָס אַמעריקע שטעלט פאָר מיט זיך. און וואָס איז דער דענאָמינאַטאָר, וועלכער פאַרבינדט אַלע טיילן פון גרויסן לאַנד און אַלע מענטשן אירע, אַלע ראַסן און עטנישע גרופּעס אין איר. וואָס און ווו איז די נשמה פון אַמעריקע. (לויטן כלל אין חסידות, וואָס י״ל פרץ האָט אַזוי קינסטלעריש אויסגענוצט, אַז אַלץ וואָס איז מחיה אַנדערע מוז אַליין האָבן אַן אינערלעכן חיות. און אָפּט, אין געשפּרעכן, אפילו מיט יידן וועלכע קענען נישט קיין

יידיש, האָב איך גענוצט דאָס וואָרט „נשמה" — וואָס איז די נשמה פון אַמעריקע? — און זיי האָבן פאַרשטאַנען).

איך האָב געזוכט דעם ענטפער אין פערזענלעכע געשפרעכן מיט יחידים, מיט גרופן, מיט צופעליקע מענטשן און מיט אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן, מיט שרייבער, מיט פּאָליטיקער, דורך טויזנטער מייל אין לאַנד, אין שטעט און אין דערפער. איך האָב כסדר געהאַט אַט די זעלבע ביטע: זאָגט מיר, לערנט מיר, וואָס איז דער מהות פון אַמעריקע, וואָס איז דער תוך, דאָס יחידישע, דאָס באַזונדערע וואָס אַמעריקע שטעלט פאָר מיט זיך. איך האָב געזוכט דעם ענטפער אין צייטונגען פון פאַרשיידענע ערטער, אין טעאַטער, אין גאַלעריען, אין היימען, אין אינסטיטוציס, אין סענאַט און אין האַרלעם, צווישן די „שוואַרצע פּאַנטערס" און אויף אַ מיליאָנערישקן באַנקעט אין הילטאָן האָטעל, אין אוניווערסיטעטן און אין פאַבריקן, און דעם שטעטעלע ווילליאַמסבורג, ביי די שטילע וואַסערן וווּ עס זיינען אָנגעשוווּמען, אין 1607, די ערשטע ענגלישע קאָלאָניסטן, און אין דעם קאָכיקן רויש פון ניו-יאָרקער סאַבוויי. איך האָב געזוכט דעם אַרכימעדישן פּונקט, אַן אָנשפּאַר, פון וועלכן עס זאָל זיך לאָזן אָנהייבן פאַרשטייען דאָס גיגאַנטישע בילד, אין דעם געמיש פון פאַרבן און קאָנטורן, פון קולטורן און לעבנס נוסחאות — וואָס איז די ראַם, וואָס האַלט עס אַלץ צוזאַמען?!

און עס איז געווען, אין אַ שפּעטע נאַכט-שעה, מיט אַ גרעסערע גרופּע פריינד, אין אַ יידישע הויז, אין אַ שטעטעלע ניט ווייט פון ניו-יאָרק, האָט אַ יונגע לעקטאָרין פון אַ קאָלעדזש געענטפערט מיין מאַטערנדיקע שאלה — מיט איין וואָרט. און געזאָגט האָט זי דאָס וואָרט שטיל, ווי זי וואָלט געוועלט נאָך אויספּרובירן זיין טעם און זיין קלאַנג אויף אירע ליפּן.

ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ע. דאָס איז דאָס וואָרט און דאָס איז דער ענטפער. דאָס איז דאָס ליכט, וואָס פירט און באַשיינט די אַמעריקאַנער געשיכטע און די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט — און וואָס ווערט אָפט פאַרטונקלט, אָבער ווערט ניט פאַרלאָשן. דעמאָקראַטיע. דאָס איז דער צעמענט, וואָס האַלט צוזאַמען אַלע מענטשן אין אַמעריקע, די פאַרשיידענע ראַסן און גרופּעס, דורך די פאַרשיידענע פּאַרטייען און אידייען און ראַנגלענישן. אַמאָל ווערט

דער צעמענט שלאַבעריק, דין און קלעפּיק, פּול מיט לעכער — אָבער, עס צעפּאַלט זיך ניט. און אַזוי לאַנג ווי דער צעמענט האַלט אויס . . . אָבער וועט ער אויסהאַלטן, ווען פון אַלע זייטן טרעט מען אים מיט גראָבע פיס. עס איז מיין איינדרוק און די האָפנונג, אַז מען וועט עס ניט צעטרעטן. עס איז די איינציקע האָפענונג פאַר דער וועלט. און דערפאַר דאַרפן אַלע ווייטערדיקע באַשרייבונגען, אַלע איינדרוקן, דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, דאָס שיינע און דאָס מיאוסע, געזען ווערן דורך דעם מיקראָסקאָפּ, לויט דעם צענטראַלן און באַזונדערן דרך פון דער אַמע־ריקאַנער דעמאָקראַטיע.

## אין מאַנהעטן

וויבאַלד די איינדרוקן זיינען אַ סך און פאַרשיידנ־אַרטיקע, איז ניטאָ קיין אַנדער עצה ווי זיך האַלטן, טייל־וויז כאָטש, ביי אַ כראָנאָלאָגישן סדר פון דער רייזע. הייבן מיר אָן מיט ניו־יאָרק, אָדער, מער נאָך, פון דעם נאָפּל, פון וועלכן ניו־יאָרק, און אַמעריקע, האָבן אָנגע־הייבן אַרויסוואַקסן: מאַנהעטן.

אין דער שטאָט פון מיליאָנען אויגן און פענצטער גייט אָן אַ שטענדיקער פאַרבן־שפּיל, דורך טאָג און נאַכט, וואָס בייט זיך אין יעדע פאָר גאַסן, אָדער אפילו אויף דער זעלבער גאַס און עוועניו. און אַמאָל — מישן זיך די פאַרבן אַדורך, דער רינשטאָק און דער הימל, הגם אויך דער הימל אין מאַנהעטן איז זעלטן בלוי און זעלטן צו קענען דערבליקן אַ שטערן אין אים, דורך דער דיקער סאַזשע, וואָס הויערט איבער די קעפּ פון אירע מויערן.

פאַראַן גאַסן מיט שמוץ און מיט שרעק. און פאַראַן גאַסן — וואָס אפילו ווען דיינע פיס זיינען מיד, ווילסטו ניט אויפהערן גיין איבער זיי, אַריינזאַפּן זייער שיינקייט, רחבות, זייער שטילקייט, זייער מענטשלעכע חשיבות.

אין אַ טאָג פון מיינע ניו־יאָרקער טעג האָב איך „פאַרבלאָנדזשעט" מיט מיין פרוי אויף דער פינפטער עוועניו, אין דעם טייל אַנטקעגן צענטראַל פּאַרק. מיר זיינען געווען מיד, ווי עס קענען נאָר זיין געסט אין ניו־יאָרק, וואָס ווילן אַלץ זען און אומעטום זיין, ווו זיי ווילן און ווו זיי מוזן גיין. די אַריינשריפטן אין וואַנט פון פּאַרק האָבן מיר געלערנט געשיכטע און

דעם גייסט פון אַמעריקע — ווי צענדליקער אַנדערע אַזעלכע אויפשריפטן, אויף געביידעס און סטאַטועס, אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד. עס איז די געשיכטע און דער גייסט פון פרייהייט, פון דעמאָקראַטיע. זאָלטן אַזאַ אויפשריפט, וועגן אַ מענטשן אָדער אַ היסטאָרישע געשעעניש, זאָל ניט דערמאָנען דאָס וואָרט הומאַניזם. יעדערע פון די מענטשן, פאַר וועמען די פלאַקאַטן זיינען איינגראַווירט געוואָרן, שרייבער, וויסנשאַפטלער, מעדיצינער, ווערט געריסט אַז ער האָט בייגעטראָגן צו דער פרייהייט פון אַמעריקע, צו הומאַניסטישע דערגרייכונגען, צו אַלמענטשלעכער פאַרשטענדיקונג. איך האָב ניט געקענט אויסלאָזן דעם גאַנג ביי דער וואַנט, אין דער גאַנצער לענג פון צענטראַל פאַרק. און איך האָב זיך ניט געשעמט און אויסגעטאָן די שיך, צו באַפרייען מיינע מידע פיס — און אפשר האָט מען געהאַפט גיין פון אויפשריפט צו אויפשריפט מיט באָרוועסע טריט . . .

אין דער גאַנצער לענג פון אַט דעם טייל איז דער צענטראַל פאַרק וווּנדערלעך שיין, ביז דער אָזערע וואָס ליגט צופוסן פון פאַרק און אויפן גרענעץ פון האַרלעם — וואָס אויב די איינוווינער פון האַרלעם וואָלטן נאָר געוועלט, האָבן זיי געקענט האָבן די פולע הנאה פון דעם פאַרק, אַנשטאָט אַריינצוברענגען דאָ וואַנדאַליזם און פחד. (אגב, אין דעם טייל פון פינפטער עוועניו, און דאָרטן אַרום, געפינען זיך אויך אַ סך יידישע אינסטיטוציעס, ווי דער יידיש וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, ייוו״אָ, טעמפּל עמנואל, דער טעאָלאָגישער סעמינאַר, דער יידישער מוזייאום, אין שכנות פון דעם באַרימטן גוגענהיימער מוזייאום, דער גיגאַנטישער מוינט סיני האָספּיטאַל און אַנדערע).



עס איז אַ שטאָט מיט אַ סך פּנימער, אפילו מאַנהעטן אַליין, ניט אַריבערגייענדיק צו בראָנקס און ברוקלין און קווינס און אַנדערע געגנטן. אַט זיינען גאַסן אין מאַנהעטן וווּ מענטשן האָבן מורא אַרויסגיין ביינאַכט, און אַט, דערנעבן, זיינען ליכטיקע עוועניוס, מיט אומצייליקע רואיקע שפּאַצירערס.

אויף די גאַסן ווו מען האַנדלט בפרהסיה מיט צעשריענער פּאָרנאָגראַפּיע, פאַר קינד און קייט צו זען,

זייַנען אויך פֿאַראַן די שענסטע טעאַטערס, וווּ עס ווערן געגעבן פּרעכטיקע פֿאָרשטעלונגען, קונסט און שיינקייט פֿון איידעלסטן און בעסטן מין.

אַ קילער, שפּעט־זומערדיקער אָוונט. אין דעם וועלט־באַרימטן האָטעל וואָלדאָרף אַסטאָריע אַמחזירט זיך און פּאָליטיקירט אַמעריקע און די וועלט. און אַרום האָטעל, אויף די עוועניוס דערבײַ — אָבער נאָר דערבײַ — איז ליכטיק און רויִק און שיין. אָבער אָט פֿאָרן מיר דורך דער שטאָט, דורך ציענדליקער גאַסן, פֿאַרבײַ הונדערטער הײַמען, וווּ מענטשן האָבן מורא אַרויסגיין פֿאַרן אייגע־נעם שוועל. דאָס רוב פֿון אָט די דירות, אָדער אַפּאַרט־מענטס, זייַנען אַלטע, מיט באַשיידענע באַקוועמלעכקייטן, ווי אין יעדע גרויסע שטאָט. איך בין אַריבערגעגאַנגען שוועלן פֿון אַזעלכע הײַמען און נאָך מער אַרײַנגעקוקט אין פֿענצטער — און עס וואַלגערט זיך ניט קיין רײַכ־קייט אין דעם רײַכסטן לאַנד. דאָס לאַנד וואָס פֿאַרטיילט מיליאַרדן הילף צו אַלע טיילן אין דער וועלט, נעמט עס אַרויס פֿון אירע שווער־אַרבעטנדיקע בירגער. דאָס רוב מענטשן אַרבעטן זייער שווער. דער קלימאַט אין ניו־יאָרק איז אַ שווערער. און די קאָמוניקאַציע איז אַ שווערע. די שטרעקעס גרויסע. מען פֿאַרלירט אַ סך צייט און נערוון פֿאַרנדיק צו און פֿון דער אַרבעט. און ווען אָט די מענטשן קענען שוין און ווילן אַרויסגיין בײַנאַכט זיך אַנטשפּאַנען, פֿאַרברענגען — האַלט מען זיך אָפּט צוריק, ווײַל עס איז פֿאַראַן מורא צו קומען שפּעט אין דער אייגענער היים. אָבער אויף מעדיסאָן עוועניו, בײַם האָטעל פֿון וואָלדאָרף אַסטאָריע, איז ניטאָ קיין מורא.



אַ שטאָט פֿול מיט שאַרפֿע קאָנטראַסטן — און ניט נאָר בײַנאַכט, און ניט נאָר אין דעם זין פֿון זיכערקייט.

ניו־יאָרק האָט איר אייגענעם כּישוף, איר אייגענעם מאַגנעט, ווי אַלע גרויסע שטעט פֿון דער וועלט. וואָס איז דאָס אייגנטימלעכע פֿון ניו־יאָרק? אָט די שאַרפֿע קאָנטראַסטן.

אין קיין אָרט פֿון דער וועלט זעט מען אַזוי פֿיל פֿאַר־שיידנאַרטיקע מענטשן, אין זייער אויפֿפֿירונג, אין קליי־דונג, אין לעבנס־נוסח. עס איז אַ געווימל פֿון אַלע קאָ־לירן, פֿאָרמען, תּנועות, מענטשלעכע פּירונגען. עס איז

געוויס דערפאַר, וואָס ניו־יאָרק איז די גרעסטע איינ־
זאַמלונג פון פאַרשיידענע פעלקער, ראַסן, שבטים, און
וויפל עס ווערט פאַרשמאָלצן — בלייבן נאָך פאָרט אַ סך
באַזונדערקייטן פון די מיטגעגומענע אָדער געירשנטע
היים־פירונגען. אָבער פאַראַן ואויך אַן אַנדער מאָטיוו:
אין ניו־יאָרק קומען מענטשן, ווייל זיי ווילן זיין אַנ־
דערש, און ווילן זיך פירן לויט זייער אייגענעם איינ־
שטעל — און דאָ קענען זיי עס טאָן, מער ווי אין וועל־
כער אַנדער שטאָט אין דער וועלט. מענטשן קומען דאָ
— צו זאָגן פאַרעדאָקסאַל — צו זיין אַליין אין דער
מאַסע, צו אונטערגורטעווען זיך אין דעם מענטשן
שטראָם, צווישן האַדסאָן און איסט ריווער. דערפאַר
זעט מען דאָ אַזוי פיל איינזאַמע מענטשן, און, זאָל עס
ניט אויסגערעדט זיין, מיאוסע מענטשן. דאָ טייטלט מען
ניט אויף קיינעם מיט די פינגער, דאָ איז קיינער ניט
אויסגעשטעלט צו פרעמדע בליקן און באַקאַנטע אויגן.
דאָ קען מען לעבן מיטן אייגענעם פנים און מיט איי־
גענע געוווינהייטן. דערפאַר געוויס זעט מען אויך אַזוי
פיל אַלטע מענטשן אין ניו־יאָרק, מער ווי אין וועלכן
אַנדער אָרט (און געוויס אויך צוליב דער מעדיצינישער
פאַרזאָרגונג און פענסיעס וואָס עלטערע מענטשן באַ־
קומען). אויך די עלטערע ווילן נישט אַוועק פון ניו־
יאָרק, וווּ עס ווינקען אַלע ליכטער, אויך צו די טונקל־
געוואָרענע אויגן; די ליכטער און די פרייהייט צו לעבן
ווי מען וויל, ווען אפילו דאָס לעבן איז שווער. אָט די
אַנאָנימקייט וואָס ניו־יאָרק גיט דעם מענטשן, וועלכער
וויל עס — און גאָר אַ סך מענטשן ווילן עס — איז אויך
אַ טייל פון איר שיינקייט.



דאָס פאָרן אין סאַבוויי פון ניו־יאָרק איז אַ ענוי נפש,
אַן אָפּקומעניש און מאַטערניש. די סטאַנציעס זיינען
דאָס רוב שמוציקע, שטינקנדיקע, לופטלאָזע לעכער. די
בענק, אויף וועלכע מען דאַרף זיצן אָפּט דורך לאַנגע
שטרעקעס, זיינען האַרטע. די באַנען טרייסלען און
קלאַפּן, גאָר ניט צו פאַרגלייכן מיט דער מעטראָ פון
פאַריז, מיט דער טיוב פון לאָנדאָן, מיט דער סאַבוויי
פון באָסטאָן, אָדער אפילו מיט דער אין אַטענס און אין
מאַדריד, אָדער ווער רעדט גאָר וועגן דער נייער אונ־

טערגרונט אין מאָנטרעאָל, און געוויס מיט דעם אונטערגרונט פון מאָסקווע. ניו־יאָרק, די גרעסטע וועלט־שטאָט, מיט דער גרעסטער באַוועגונג, האָט די ערגסטע אונטערגרונטישע קאָמוניקאַציע. אָבער אויך די בעסטע און שענסטע אונטערגרונט באַנען, דאָס אַרונטערשטופּן מיליאָנען מענטשן אין לעכער פון דער ערד, ווי מייז, און זיך יאָגן מיט זיי דורך פינסטערע טונעלן, איז אַ דעגראַדאַציע פון מענטשלעכער חשיבות. דאָס איז די ערגסטע שטראָף פון אונדזער ציוויליזאַציע, פון די גרויסע שטעט. און די אונטער־ערד באַן אין ניו־יאָרק — דאָס איז די טיפסטע מענטשלעכע געפאַלנקייט. די ווייניקע מאָל ווען מען האָט געמוזט „בעמען" די סאַבוויי, האָב איך עס געווונטשן, אַז אַ באָמבע זאָל אויפרייסן (ווען קיינער פאָרט ניט, באַטירלעך . . .) און פאַרשיטן אַלע די פינסטערע קאַטאַקאָמבן; עס זאָל קומען אַ צייט, ווען הענג־באַנען זאָלן טראַנספּאָרטירן די מיליאָנען מענטשן, אַז זיי זאָלן קענען בשעת דער רייזע אָטעמען פרישע לופט, זען גאָטס ליכטיקע וועלט. אַ לענגערע שטרעקע מיטן סאַבוויי, דאָס דורכטרייסלען זיך אין די אייזערנע ארונות, איז שוין געוויס אַן אָפּקום פאַר חיבוט־הקבר. און מענטשן פאָרן אין דעם טאָג איין און טאָג אויס, אַ לעבן לאַנג, שעהן לאַנג יעדן טאָג. ווי זאָגט מען עס: מען זאָל ניט געפּרוווט ווערן צו וואָס מען קען געוווינט ווערן . . .

אָבער פון טיפסטן אַרונטער צום העכסטן אַרויף — און עס לוינט זיך צו קוקן אויף ניו־יאָרק פון אויבן. ווען אַ סעסיע אין 'יונ"אָ פאַרנודיעט (וועגן דעם אַ באַזונדער) קען מען אַרויף צום העכסטן שטאָק און לאָזן אָפּרוען די אויגן און נערוון אין דער פּראַכטיקער פּאַנאָראַמע פון דער צעוואַקסענער שטאָט. און איך האָב געטאָן אַזוי, פון דעם בנין פון די פאַראייניקטע פעלקער, פון ראָקפעלער צענטער, אָדער פון אַנדערע הייכע בנינים, וווּ דער עלעוויטער האָט אָפּט אַרויפגעפירט.



אַ פריינד, אַ פּאָעט און אַ קלוגער ייִד, האָט מיר געלאָזט וויסן אין די ערשטע טעג: איר וועט זיין פאַרליבט אין ניו־יאָרק. איך ווייס עס, איך דרינג עס פון דעם וואָס איך האָב געלייענט אייערס, אַז דער אָטעם פון

ניו־יאָרק וועט אייך באַגייסטערן. (דאָס איז געווען יעקב גלאַטשטיין, און, לײדער, דאַרף מען שוין איצט צושרייבן: זכרונו לברכה).

פֿאַראַן מאַיעסטעטישקייט אין די טורעמדיקע בנינים. זיי זײַנען נישט נאָר שטיין, ציגל און גלאָז. פֿאַראַן אַן אַרכיטעקטאָנישער בלוט־שטראָם, וואָס פֿליסט דורך זייערע אָדערן. אַ לעבעדיקער פּולס שלאָגט אין זייערע גופֿים, דער פּולס וואָס עס האָבן אַרײַנגעקנאָטן אין זיי די הענט פֿון די בויערס און די פֿאַנטאַזיע פֿון די אַרכי־טעקטן.

אין מאַנהעטן באַגעגענען זיך די נײַע און אַלטע אַרכי־טעקטור. ניו־יאָרק ווערט פֿיבערדיק איבערגעבויט. און די נײַע, צו די הייכקייטן פֿאַריסענע בנינים זײַנען נישט נאָר גלעזערנע פּושקעס, ווי קריטיקער זאָגן. זיי זײַנען מאָדערנע סקולפּטורן, וואָס גיבן אויסדרוק צו אונדזער צײַט. זייערע גלעזערנע ווענט זײַנען דער אויסדרוק פֿון אונדזער געעפֿנטער, פֿרייער געזעלשאַפֿט, וואָס טורעמט צו הייכקייטן און צו אָפֿענע פּאַנאָראַמעס. מען ווערט נישט מיד קוקנדיק אויף ניו־יאָרק פֿון דער הייך, צו אָב־סערווירן איר אימפּעט, און די וואַסערן וואָס באַקראַנצן מאַנהעטן, מיטן אָפֿענעם מויל צום ים.

מיט אַ שיף אַרום מאַנהעטן. די שטאָט איז נאָענט און שיין, אין אַלע אירע בײַטונגען, פֿון ברעג צו ברעג. אָט איז דאָס קליינע אינדזל מיט דער צעליכטיקטער פֿרייהייטס סטאַטוע. און דערבײַ — דער אינדזל פֿון טרערן, ווי ייִדן האָבן עס גערופֿן. הונדערטער טויזנטער ייִדן זײַנען דאָ אַדורכגעגאַנגען — טרערן, יסורים, לײַדן. אָבער די וואַסערן פֿון האַדסאָן האָבן עס שוין לאַנג אָפּגעוואַשן פֿון זייערע פּנימער און די פּנימער פֿון זייערע קינדער שפּיגלען זיך אין דער פֿרייהייטס סטאַ־טוע, ווי די פֿרייהייטס סטאַטוע שפּיגלט זיך אַנטקעגן ים און זאָגט אָן די בשׂורה פֿון אויפֿגעהייבענעם ליכט־פֿאַקל, פֿון דעמאָקראַטיע, פֿון מענטשלעכער פֿרייהייט, וואָס וועט נישט פֿאַרלאָשן ווערן, קעגן אַלע כוואַליעס, וועלכע טראָגן זיך קעגן איר. עס איז די טיפֿסטע האָפֿנונג, אַז דער דאָזיקער פֿרייהייטס פֿאַקל וועט נישט פֿאַרלאָשן ווערן, נאָר פֿאַרקערט, זיך העלער צעליכטיקן. דאָס איז, אין גרונט, די איינציקע האָפֿנונג פֿאַר דער הײַנטיקער וועלט — אַמעריקע.

# אין גרעסטן גלות

אין גרעסטן גלות — אַמעריקע. איך זאָג ניט: אין גרעסטן יידישן גלות. דאָס איז אַן אַנדער באַגריף. די 6 מיליאָן יידן לעבן ניט אין גלות אין אַמעריקע, אָבער דער גלות לעבט אין אַ גרויסן טייל פון זיי. און עס איז ניט קיין פראַגע פון סעמאַנטיקס און פון פשטלעך, פון ווערטער־אַקראָבאַטיק. עס איז אַ גרויסער, קאַרדינאַלער אונטערשייד פון באַגריפן און פון פאַקטן.

יידן אין אַמעריקע זיינען פריי — ניט רעכענענדיק די נאַטירלעכע לימיטאַציעס, וואָס אַ מינדערהייט, אפילו די שטאַרקסטע, און אין דער פרייסטער געזעלשאַפט, מוז האָבן. וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן אין אַמעריקע רעדט מען שוין ניט — דאָס איז אוודאי פאַראַן, אין דער גרעסטער מאָס וואָס מיגלעך.

עס איז געווים געווען די גרעסטע היסטאָרישע ישועה — אָדער צו זאָגן פאָלקסטימלעך: די רפואה פאַר דער מכה — וואָס אונדז איז געגעבן געוואָרן, דורך דער צייטיקער איבערוואַנדערונג פון מיליאָנען יידן אַריבערן אַטלאַנטיק, פון אייראָפּע קיין אַמעריקע. עס לאָזט זיך גאָר ניט טראַכטן, וואָס עס וואָלט געשען מיטן יידישן פאָלק אָן דעם יידנטום אין אַמעריקע, נאָך דעם גרויליקן חורבן אין אייראָפּע. און לאָמיר זיך אויך אַליין פאַרלויפן דעם וועג און זאָגן, אַז אַלע „טענות צו יידן אין אַמעריקע", וואָס וועלן דאָ באַלד קומען, קענען אָפּגעשוואַכט ווערן, אויב אפילו ניט אָפּגעפרעגט ווערן, מיט דער קעגן־טענה פון יונגשאַפט; דאָס רוב אַמעריקאַנער יידן האָבן זיך נאָך ניט איינגעבירגערט — צו שאַפן זייער אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן און גייסטיקן לעבן,

לויט דעם דרך פון אַמעריקע און לויט די באַדינגונגען, וואָס אַמעריקע גיט זיי. עס איז אַ כלל, אַז דער ערשטער דור פון מיגראַנטן זוכט מאַטעריעלע דערגרייכונגען. ערשט דער צווייטער דור שאַפט קולטורעלע פאָרמען. און דער יידישער ישוב אין אַמעריקע טראָגט נאָך אַלץ דעם שטעמפּל פון ערשטן דור, אין זיין גייסטיקער פיזיאָנאָמיע, — הגם דאָס בייט זיך איצט מיט ראַשיקער געשווינדיקייט. און נאָך מער: די אַמעריקאַנער געזעל־שאַפט בכלל גייט נאָך אַלץ אַדורך קינדער קראַנקהייטן, צוליב דעם וואָס זי איז נאָך, אָדער ביז איצט געווען, אַ לאַנד פון מיגראַנטן, פון אויפנעמען נייע מאַסן מענטשן. און אויב אפילו די דאָזיקע מענטשן האָבן ניט די דעה, ווייל זיי האָבן נאָך ניט די מאה, מערקט זיך פאָרט זייער איינפלוס, וואָס איז אָפט באַגלייט מיט אַנאַרכיסטישער צעשויבערטקייט, מיטן פיבער פון נייע מענטשן, באַזונדערש אין די גרויסע שטעט. און דאָ קאָנצענטרירן זיך דאָך אויך דאָס רוב יידן — און דאָס ווירקט זיך אויס, אַז אַ סך יידן זאָלן נאָך אַלץ זיין אָנגעאָטעמט מיטן ווינט פון ים, וועלכער האָט זיי געבראַכט צו די ברעגן פון אַמעריקע. אָבער, ווי געזאָגט, דאָס בייט זיך איצט מיט ראַשיקער געשווינדיקייט, צווישן דעם גרעסטן טייל יידן, הגם עס זיינען אויך פאַראַן אַנדערע טיילן — און וועגן דעם אַלעמען ווילן מיר דערציילן.



מיר האָבן בכוונה דאָ כסדר גענוצט די ווערטער „יידן אין אַמעריקע“, און ניט אַמעריקאַנער יידן, ווייל „אַמעריקאַנער יידן“ זיינען נאָך דערווייל אַ ברוכטייל פון יידן אין אַמעריקע.

לאָמיר עס דערקלערן.

אין מזרח און מערב אייראָפּע האָבן מיר געהאַט אַ יידיש פאָלק. אמת, דאָס איז אפשר געווען דער איינציקער פענאָמען אין דער גאַנצער וואַנדער־געשיכטע פון יידישן פאָלק. ניט אין בבל, ניט אין שפּאַניע, ניט אין צרפת (פראַנקרייך), ניט אין איטאַליע האָבן מיר געהאַט אַ פאָלק. דאָרטן זיינען געווען ישובים, אָפט קאָנטיקע, וויכטיקע, שאַפערישע, יידיש־גייסט־דערהאַלטענדיקע געמיינדעס. אָבער נאָר אין דער גרויסער תקופה פון מזרח און מערב אייראָפּע — די לענגסטע תקופה פון

יידישן לעבן אויף איין אָרט — האָבן מיר געהאַט אַ פּאָלק אין גלות, איין פּאָלק. דאָרטן זיינען מיר געווען אַן „עם לבדד“ און אַן „עם עולם“ אין דער זעלבער צייט. דאָס האָט געהאַט מעלות און חסרונות. דאָס גוטע האָבן מיר אַליין באַשאַפן, דורך אונדזער לעבן ווי אַ פּאָלק, דאָס שלעכטע, וואָס דאָס לעבן אין געטאָס האָט מיטגעווירקט — איז אַרויפגעצווונגען געוואָרן פון דרויסן. אָבער אפילו ווען יידן אין מזרח און מערב אייראָפּע האָבן געפירט מחלוקות, זיך געטיילט לויט כיתות, שיטות, שטאַנדן און בתי מדרשים, איז געווען אַ גורל־שותפות און אַ פּערמאַנענטע לעבנס־שותפות, וואָס האָט געהאַלטן אַלע יידן אין איין פּאָלקישע ראַם. פאַראַן קליינע יידישע ישובים היינט (דרום אפריקע איז אַ שיינער ביישפּיל) ווו די דאָזיקע טראַדיציע פון מזרח אייראָפּע ווירקט זיך נאָך קאָנטיק אויס. נאָר אין אמעריקע זיינען דערוויילע פאַראַן — יידן, צעטיילטע אין שבטים, וואָס פאַרשיידענע אַלגעמיינע יידישע פּאָלקס־דאגות־און פרייַדן פאַראייניקן זיי אָפּט — אָבער עס איז נאָך ניט קיין גוף, ניט קיין געמיינזאַמער יידישער ישוב, וואָס מען זאָל קענען רופן „אַמעריקאַנער יידן“.

## מיט חסידים

דער באַזוך אין אַמעריקע איז אויסגעפאַלן אין צייט פון די „ימים נוראים“ און סוכות — און דאָס איז געווען אַ גוטע געלעגנהייט צו זען יידן, פאַרזאַמלטע אין מאַסן, אין שולן, שטיבלעך און טעמפּלען. (צוליבן וועלן זען וואָס מער יידן, האָט מען געמוזט פאַרבייגן דעם מנהג און דעם אייגענעם איינשטעל, צו האָבן אַ באַשטימטן אָרט פאַר תפילה, נאָר געגאַנגען אין פאַרשיידענע ערטער).

אין די חסידים שטיבלעך פון די סאַסאָווער, יאַבלאָנער, גערער און באַבאָווער האָט מען געדאַוונט מיטן איינגעשטעלטן ניגון און דרך. ניט אין אַלע איז עס דער זעלבער דרך, הגם אַלע זיי דאַוונען אין נוסח פון ארי הקדוש. גערער חסידות איז האַרציק. גאָט איז אַ טאַטע און מיר זיינע קינדער. אָבער פאַראַן אויך חסידים — וואָס זיינען ניט דערגאַנגען צום מקור פון חסידות. מען קען אויך זיין אַ חסיד שוטה. פאַראַן אַזעלכע, פאַר וועמען גאָט איז נאָר האַר, און זיי נאָר

קנעכט און נאַר. פאַלט מען אריין אויף אַ ווײַלע אין אַזאַ שטיבל, גייט מען ניט אַרויס דערהייבן.

אַ בליק אין דער סאַסאָווער שטיבל יום כפור. קיין רבי איז שוין דאָ נישטאָ. נפטר געוואָרן. אימיצער פראַוועט רבישאַפט. קוקט ער אויף די פּיס פון דעם אַריינקומענדיקן און מרוקעט: היתכן, אין די אייגענע שיך, אנשטאָט אין שטעק־שיך. זאָגט אים דער אַריינגע־קומענער: עס איז אַן בייז. דער איינשטעל פון ניט טראָגן קיין שיך איז דאָך צוליב עינוי נפש, מען זאָל זיך פּייניקן, און קיינער ווייס דאָך ניט וועמען דער שוך קוועטשט...

פאַרשטייט אָבער דער ייד ניט קיין גלייכוואָרט — וויבאַלד ער קוקט דווקא אַראָפּ אויף אַ יידן, אַנשטאָט, ווי חסידות דאַרף טאָן: אַרויף. פאַראַן אויך אייגעפראָ־רענע חסידים. אָבער די זיינען אַ מינדערהייט, קליינע כיתות, וועלכע זיינען קיין מאָל ניט געווען באַדייטיק אין דער חסידישער וועלט, און זיי האַלטן זיך ביים צעפאַלן. אין דאָס רוב שטיבלעך איז פאַראַן — גאָט, גאָט און יידן, און ביידע האַלטן זיך צוזאַמען, ביי די הענט, און זינגען זיך אַ לויב — קעגנזייטיק. אַזעלכע תפילות דערגייען צום הימל — און נאָך העכער, צו דערמאָנען י״ל פּרץ, צום מענטשלעכן האַרץ. זיי דער־הייבן, דערוואַרעמען מיט ליכטיקער אמונה.



אין די גרעסערע חסידישע כיתות, אין ברוקלין, איז אויסגעקומען צו זיין ביי אַן אנדער געלעגנהייט, אין לעצטן טאָג סוכות. אין בית המדרש פון דער גרעסטער כיתה האָט מען געהאַלטן אין טיילן עליות — און מאַכן מי שברך פאַר געגעבענע דאָלאַרן. עס איז ניט געווען קיין זייער באַגייסטערנדיקע שטימונג. דער מנהג אַליין איז שטאַרק היערווידער — אָבער עס איז אַ מנהג אַמעריקע. (אין דער אַלטער היים איז עס אויך געווען, אָבער אפשר ווייל אָרעמער, שטילער, איז עס געווען ניט אַזוי אָפּשטויסיק. און אפשר האָט דער אייגענער איינשטעל זיך געביטן). דער רבי איז דאָ געשטאַנען פאַרוויקלט אינגאַנצן אין טלית, מיט דער פּלייצע צו קהל, צום מסתרדיקן געדרודער, און אַריינגעקוקט אין אַ ספר, אָדער אריינגעטאָן אין אייגענע געדאַנקען. מען האָט דעם רבין געקענט פאַרשטיין. אים איז עס געוויס

דערווידער. נאָר וויבאַלד עס איז אַזאַ מנהג אַמעריקע, ווו מען דאַרף אויסשרייען דעם געבער פון דאָלער, קען ער זיך ניט העלפן. (דאָס זעלבע, צו אויסרופן דעם געבער פון דאָלער, האָב איך געזען אין אַ בית המדרשל אין מיאַמי — און דאָרטן איז עס געווען נאָך מיאוסער, אפשר דערפאַר ווייל דאָס איז פאָרגעקומען איידער מען האָט געדאַרפט אָנהייבן זאָגן אַ האַרציקע תפילה, — ווען צווישן די חסידים איז עס פאָרגעקומען ביי דער שמחת תורהדיקער קריאה (לייענען), ווען עולם איז סייווי פריי פון דיסציפּלין — און אפשר דערפאַר, וואָס דאָרטן, אין מיאַמי, זיינען די נדבות געווען גאָר קליינע . . . און דער אויסגעשריי נאָך גרעסער; דער גבאי האָט אויסגע־רופן — מר. בערנאַרד קרעקפּאָט גיט איין דאָלער — און דער רב האָט איבערגערופן, פון בימה, נאָך אַמאָל. אָבער ווי געזאָגט, דאָס איז נוסח אמעריקע. און מיר האָבן דאָס זעלבע געזען און געהערט אויך ביי אַ פאַרזאַמלונג פון וועלטלעכע יידן, ווו מען האָט מיטן זעלבן דרך געמאַכט אַ קאַמפּיין פאַר אַ יידיש שול). ניין, עס איז ניט געווען קיין באַגייסטערונג אין דעם בית המדרש פון די דאָזיקע חסידים — הגם אַהער זיינען מיר געקומען מיט משפּחהדיקער נאָענטקייט און מיט גרויס דערוואַרטונג — און אפשר טאַקע דערפאַר. מען טאָר קיין מאָל ניט דערוואַרטן צו פיל . . .

פאַרשטענדלעך אַז אַט דער צופעליקער אריינטרעפן אַהער, און דאָס אָנטרעפן אויף דעם אומכבודיקן מנהג, פרעגט אויף אַ האָר נישט אָפּ די לערע פון דער חסידישער שיטה אין דעם בית המדרש, און פרעגט אויך נישט אָפּ זייערע אויפטואונגען. עס איז אָבער פאָרט נישט געווען דער איינדרוק, אַז אָט דער דרך, וואָס ציט זיינע וואָרצלען פון אַ שטעטל אין ווייסרוסלאַנד, האָט אין אמעריקע געקראָגן אַ נייעם גאַנג, נייע פאָרמען, צוגעפּאַסטע צו דער אמעריקאַנער ווירקלעכקייט. עס איז, פאַרקערט, געווען דער איינדרוק — פון אלץ וואָס האָט זיך געלאָזט מערקן, פון אופן דאַווענען, אויסזען און אויפפיר פון די מענטשן — אַז מען פאַרהיילט אויך די אַלטע ראַם, די ראַם וואָס ראַמט זיך ניט אריין אין דער אמעריקאַנער ווירקלעכקייט. במילא קענען אויך זיי ניט איינעמען „די גאַס“, ניט ווערן קיין פאַקטאָר פון אמעריקאַנער יידנטום. זיי קענען, אין בעסטן פאַל, זיין אַ טייל, אַ גרעסערער אָדער קלענערער, אין דער

צעשפּליטערטער מאָזאַיִק, אָדער אין דער אַנאַרכישער צעשפּליטערונג פון יידן אין אַמעריקע.



אַ טיפן דרך ארץ האָט גראָד ארויסגערופן דאָס זיין צווישן די סאַמע „ווילדע“, די חסידים פון סאַטמאַר. זייער פיינטשאַפט צו מדינת ישראל גרענעצט זיך מיט שנאה צו יידן. אָבער אויב מען באַטראַכט זיי ניט ווי אַ יידישן פאָלקס טייל — און איך קען זיי ניט ציילן ווי אַזעלכע — נאָר ווי אַן אויסטערלישע סעקטע, מוז מען האָבן פאַר זיי דרך ארץ. זייער שטאַנדהאַפטיקייט, זייער אַרומבויען זיך און איינבויען זיך צווישן זיך, מיטן גאַנצן פאַנאַטיזם, פון ניט אָפּטרעטן אויף קיין קוצו של יוד, אין מלבוש, אין הנהגה, אין אויסזען, ווי די וועלט וואָלט געבליבן שטיין אין אונגאַרן ערגעץ, אָדער ווי זיי וואָלטן מיטגענומען מיט זיך אפילו די לופט פון דאָרטן — דאָס זיינען זיי. געטאָ? אָבער וועלכע גרופּע אין אַמעריקע לעבט ניט אין קיין געטאָ. נאָר אַנדערע ווילן אַרויס, זיי — ניט. און עס איז ניט קיין געשמאַקע געטאָ. ווייל זיי האָבן אויך אַריבערגעפירט אַהער דעם פיזישן געטאָ — און אפשר איז אין זייער אָריגינעלן סאַטמאַר געווען זויבערער און אָנגענעמער.

אין דער געגנט, וויליאַמסבורג, ווו זיי לעבן, זיינען די הייזער און גאַסן ניט אויסגעצייכנט מיט ריינקייט, שוין אָפּגערעדט פון שיינקייט. (דאָס נעמליכע קען געזאָגט ווערן וועגן אַנדערע געגנטן, ווו עס קאָנצענט־רירן זיך אַ סך פרומע יידן — און דאָס איז געוויס ניט צו אונדזער כבוד, און עס איז ניט קיין מוז, אַז דאָס דאַרף גיין מיט פרומקייט).

די סאַטמאַרער — עטלעכע טויזנט משפחות געוויס — געפינען זיך אויף אַ דורכפאַר פון אַן עקספּרעס וועג. דער טומל און גערודער איז אַ כסדרדיקער, און זיי — דאַווענען און לערנען און האָבן פיינט מדינת ישראל . . . דאָס לעצטע איז אַ זייל פון זייער אמונה, אפשר דער שטאַרקסטער זייל. ווייל אַזוי זיינען זיי געוואָרן באַרימט — און ווער ווייס אויב זיי נוצן דאָס טאַקע ניט אויס. ווייל אַ באַוועגונג בויט זיך ניט אַזוי שטאַרק פון ליבע צום אייגענעם אידיאַל, ווי פון פיינטשאַפט צו אַנדערע. און פיינט האָבן די סאַטמאַרער ניט נאָר ציוניסטן

און „די ציוניסטישע מדינה". דערנעבן פון זייער שול זיינען פאראן אַ סך אנדערע שטיבלעך, פון אנדערע געוועזענע „הייפן" אין זעלבן אונגארן, וועמענס חסידים עס גייען מיטן זעלבן הילך, נאָר דאָ און דאָרטן אַ שטיקל אנדער מנהג, אַן אנדער קוועטש אין טראָפּ, אויך אין באַציאונג צו מדינת ישראל. אזן סאטמאר האָט זיי פיינט. מען לאָזט זיי איבערן שוועל ניט אַריבער. גאָט באַהיט פון מישן זיך מיט זיי מיט די כלים אָדער גיין מיט זיי אין איין מקווה. אין אלע די ערטער דאָ טאַנצט מען איצט מיט דער תורה — אָבער עס זיינען באַזונדערע טענץ, ווי די תורה וואָלט געווען פאר סאטמאר אַ באַזונדערע.

איך שטעל אָפּ דריי סאטמארער יוגנטלעכע אין גאַס, (מען דערקענט זיי לויט די פּאות), צו פרעגן ווו עס איז זייער שול. איך פרעג עס אין עברית — און זיי ענטפערן ניט. זיי פארשטייען טאַקע ניט, אָבער צו קוקן אויף מיר מיט ביטול פארשטייען זיי יאָ. פרעג איך אין יידיש — ענטפערן זיי, אומווילִיג, כלאחר יד. אויפן גאס שפּאצירן פרויען מיט וועגעלעך. מען האָט דאָ אַ סך קינדער, ווי געוויינלעך. אַלע ריידן יידיש, אויך צו די קינדער. אַ ייִד, אַ יונגער, אַ פעטלייביקער, באָרד, פּאות, ווייסע זאָקן — נאַטירלעך. איך שפּאַן מיט אין טראָט מיט אים און פּרוביר אָנקניפּן אַ שמועס. ער ענטפערט אומגערן. ער איז געבוירן געוואָרן אין דייטשלאנד, נאָך דער באַפרייאונג. עס מיינט, אַז ער איז ניט עלטער ווי 25 יאָר. ער איילט זיך. איך שפּאַן אים נאָך — אָבער ער איז פלינקער פון מיר — צו אַנטלויפן פון אַן אינטימען שמועס מיט עפּעס אַ נייגעריקן יידן, וועלכער האָט ניט קיין אויסזען פון אַ יידן בוסח סאטמאר. אָבער אין פאַרהויז פון בית המדרש גיט ער פאָרט אַ ווונק צו אַ יונגען בחורל, וועמען די פאות דערגייען צו די שולטערן, ער זאָל מיך מקרב זיין — אָהער „באַאַרבעטן". דער ערשטער שלום עליכם איז ניט קיין דיפּלאָמאַטישער, הגם זיין האָפערדיקער אָנשטעל איז ווי פון אַ הייפישן דיפּלאָמאַט, וואָס דאַרף פירן באַציאונגען מיט דער „אויסערלעכער וועלט". זיין ערשטע פראגע: „ווי זייט איר געקומען אַהער?". ענטפער איך אים: ביי מיר איז שוין היינט ניט יום טוב, איך בין אַ ישראלי; ביי מיר האָט זיך געענדיקט יום טוב נעכטן. ער דינגט זיך — מיט דער טענה וואָס איך האָב דערוואַרט — אַז אין

גלות דאַרף איך זיך פֿירן מיטן פֿיר פֿון גלות (און ישׂראל איז ביי אים דאָך געוויס אויך גלות). איך ענטפֿער שאַרף, פֿאַרבייס מיט אַ פּסוק — און דער דיפּלאָמאַט טראָגט זיך אָפּ.

אין בית המדרש איז אַ געדראַנג, גוף צו גוף. ניטאָ אַפֿילו וווּ זיך אַ שאָקל צו געבן. עולם דאַוונט. איך דאַוון מיט. אויגן בויערן אין מיר — ווי די שוואַרצע אין אויטאָבוס, ווו איך בין געווען איין ווייסער. איך פֿיל אומווילן אין זייערע בליקן מיט מיין זיין דאָ, און נאָך מער געוויס מיט דעם וואָס איך דאַוון. דאָס לעצטע איז פֿאַרשטענדלעך. אַ פֿרעמדער — דאַרף זיין אַ פֿרעמדער. נאָר זיך ניט מישן. לאָמיר בלייבן באַזונדער. קינדער שפּילן זיך, שלאָגן זיך, ציען זיך ביי די פּאות. קינדער געפֿינען פֿאָרט אַן אָרט צו שטיפֿן, אַפֿילו אין דער ענגשאַפֿט. איך טו אַ שמייכל צו די קינדער — קיין ענטפֿער. זיי ווייסן שוין: צו פּושעים שמייכלט מען ניט . . .

זיינען זיי די צוקונפֿט פֿון אַמעריקאַנער יידן? אויב יאָ — איז מוחל דעם גליק. אָבער עס איז ניטאָ אַזאַ מיגלעכקייט. דאָס איז איין כיתה, אַ סעקטע, צווישן אַלע יידישע שבטים אין אַמעריקע. און אין אַמעריקע איז דאָ אָרט פֿאַר אַלעמען און מען קען דאָ געפֿינען די סאַמע משונהדיקסטע כיתות און שיטות.



ווען איך האָב פֿאַרלאָזן דעם בית המדרש, אָפּגעגאַנגען אַ רעכטע שטיקל גאַס, האָט אונטערגעאײַלט אַ ייד מיט אַ ברייטן שלום עליכם. „איך האָב אייך געזען אין שול און אייך דערקענט", זאָגט דער ייד. ער רופֿט אָן מיין נאָמען און דערמאָנט מיר, מיט פֿרייד, אַז ער געדענקט מיר פֿון דייטשלאַנד. ער איז געווען, נאָך דער באַפֿרייאונג, אין לאַגער פֿערנוואַלד. „איר האָט דאָרטן אַמאָל געהאַלטן אַ רעדע. איך וועל אייך דערמאָנען וואָס איר האָט געזאָגט . . . ".

די פֿריינדשאַפֿט פֿון דעם יידן, און זיינע גוטע דערמאָנונגען, זיינען אָנגענעם זייער. אָבער עס פֿאַרדריסט, וואָס דער ייד האָט ניט געהאַט קיין קוראַזש צוצוגיין אין בית המדרש, נאָר איך זאָג עס אים ניט. מיר שפּאַצירן אַ רעכטע ווײַלע. דער ייד פֿאַרבעט מיך אין זיין היים. ער דערציילט, אַז ער אַרבעט אין אַ

פאַבריק, פון פליש, ניט קיין יידישע, ניט קיין כשרה. אָבער שבת און יום טוב איז ער פריי, נאַטירלעך. אַנדערע פון די סאטמארער ארבעטן אויך אין ניט יידישע אונטערנעמונגען. אָבער דאָס רוב טוען היימישע אַרבעטן, פאַר זיך, אָדער ארבעטן ביי אייגענע. אַלע מאכן אַ לעבן. דאָס רוב בצימצום. אָבער מען איז צו־פרידן, אַבי מען האָט צייט צו דאווענען, לערנען, און זיין אין דער אייגענער סביבה.

איך פרעג: איר זייט מסכים מיטן גאנצן דרך, מיט אַלע פירונגען פון דעם וואָס איז באקאנט אונטערן נאָמען „סאַטמאַר"? עס קומט ניט קיין דירעקטער ענטפער, אָבער דער ענטפער וואָס קומט, מיט אַ געבראָכן קול, מיט עצבות, נעמט מיר דורך. ער זאָגט אַזוי: מען איז דאָך געבליבן נאָך דער מלחמה איינזאַם. איך בין צוריקגעפאָרן אַ היים, אָבער קיינעם ניט געפונען. ווייב און קינדער און משפחה אומגעקומען. ניט געווען ווו זיך קערן און ווענדן. געקומען קיין אַמעריקע, און די עלנטקייט איז נאָך געוואָרן גרעסער. האָט מען זיך צוגעטוליעט צו אייגענע לאנדסלייט, מיט אַ געפיל פון היימישקייט. מיר קומען אַלע פון די זעלבע ערטער. איז פאראן נאָענטקייט. און דער רבי, זאָל לעבן, זאָרגט, וואַכט איבער יעדערנס דאגות, איז ווי אַ פאָטער צו אונדז אַלעמען, און ער פארשטייט מער פון אונדז. איך האָב נישט קיין כוח זיך אַריינטראכטן אין אַלע פרטים. מיין אייגענער געראטעוועטער לעבן האָט דאָ אָנהאלט און אינהאלט. איך האָב דאָ ווידער חתונה געהאַט. האָב שוין גרויסע קינדער. עס איז מיין סביבה און מיין היים.

מיר האָבן זיך אַרומגענומען און געזעגנט אָן ווערטער.

# מיט ייִדן פֿון הײַנט און מאָרגן

אין ניו־יאָרק איז שווער ניט צו זײַן קיין ייִד . . .
ראש השנה און יום כּפּור זײַנען אַלע לערן־שולן געשלאָסן, ווײַל פֿאַראַן אַ סך ייִדן לערערס, איז גלײַכער פֿאַרמאַכן די שולן, ווי באַלד מען דאַרף זיי באַפֿרײַען פֿון דער אַרבעט. (די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג שטראָפֿט אויך ניט קיינעם אין די טעג פֿאַר טראַפֿיק עבֿירות . . .).

אין „מײַן געגנט", ווי אין צענדליקער אַנדערע ייִדישע געגנטן פֿון מאַנהעטן, זײַנען פֿאַראַן אין נאָענטקייט צענדליקער בתּי תּפֿילה, קליינע און גרעסערע. געוויס אַזוי אין ברוקלין, וווּ עס קאָנצענטרירן זיך בערך צוויי מיליאָן ייִדן. פֿאַראַן, אין מאַנהעטן, אַפֿילו אַן אייגענע שול פֿון די ייִדישע אַקטיאָרן. מיר האָבן „פֿאַרבליאָנדזשעט" אַהין צו אַ תּפֿילה. באַקאַנטע האָבן דערקענט, צוגעקומען מיט וואַרעמע שלום עליכמס. איז געוואָרן אַ שטיקל גערודער. אַקטיאָרן שמועסן הייך. דער גבאי — איינער, הייסט עס, וואָס שפּילט די הויפּט ראָלע — האָט געפּאַטשט אין באַלעמער, מען זאָל זיך באַרויִקן. עס האָט נאָר געפֿעלט ער זאָל זאָגן: „חבֿרים, דאָ איז ניט קיין טעאַטער . . .". דער חזן, מן הסתּם „אַן אויסגעשפּילטער" אַקטיאָר, דאַוונט מיטן סקאַרבאָוון ניגון. אָבער שוין פֿאַראַן אַ העלפֿער (אַ סופּליאָר), אַ יונגערמאַן, וואָס רופֿט אויס די „פּיקדזשעס", כּמו אַ ענגלישער נאַראַטאָר אין אַ ייִדישע פֿאָרשטעלונג . . .

יום כּפּור, אין אַ מתנגדישן בית המדרש, „חפֿץ חיים", אין מאַנהעטן. מען דאַוונט מיט מתנגדישן ברען; עס איז ניט קיין חסידישע התלהבֿות, נאָר אַ פֿײַער וואָס טוקט זיך אין טרערן. דאָ נעמט מען דעם רבונו של עולם מיט כּוח. דער חזן וויינט און דער רבֿ שרײַט ובכן תּן פּחדך ואימתך. עפּעס אַ קלייניקייט, יום הדין, און דער רבונו של עולם איז דאָ כּולו משפּט; טאַקע אויך מיט אַ

ביסעלע רחמים, ווייל ווער וואָלט געקענט ביישטיין נאָר דין, אָבער דער עיקר איז משפּט, עבירה קעגן מצווה, און די שאָלן פון דער וואָג טרייסלען זיך.

מיר זיינען אַוועק, אַדאַנק אַ פריינדלעכע איינלאַדונג, צו אַ תפילה אין דער גרויסער שול אין ברוקלין, וווּ עס דאַוונט חזן משה שטערן. אַ גרויסער עולם, אַ גרויסער חזן, אַ זעלטן־שיינער כאָר. מען זאָגט מיר, אַז עולם קומט הערן דעם חזן און כאָר. דאָס דאַוונען: רואיק, געלאַסן, בעלי בתיש. די שול וואָלט מען געקענט רופן קאָנסערוואַטיווע, לויטן אויסזען פון די מתפללים און לויט דעם וואָס דער רב איז אָן אַ סימן פון אַ באָרד. שטייט טאַקע אַ ייד ביים אריינגאַנג און שרייט מיט קולות: „וואָס נארט מען אָפּ אַ וועלט, וואָס האָט מען דאָ אויפגעשריבן אַז עס איז אַ טעמפּל (עס הייסט „טעמפּל בית אל״), אויב מען איז אַן אָרטאָדאָקסישע שול . . .

דער ייד קען עס ניט אויסהאַלטן. אָבער פאַראַן אויך אַן אונטערשייד. דאָ דאַוונען פרויען באַזונדער. און וויבאַלד די שול איז אין ברוקלין, און אנטקעגן איז די באַבאַווער שטיבל, מוז דאָ אפילו דער קאָנסערוואַטיווער דרך זיין מער גענויגט צום אָרטאָדאָקסישן צד.

אין אַן אָפיציעלע קאָנסערוואַטיווע שול, אין ניו־יאָרק, דאָ איז בולט דער קאָמפּראָמיס — ניט צווישן דער סאַטמער שטיבל און דעם מתנגדישן בית המדרש, נאָר צווישן אַ היימישע כאָר שול און אַ רעפאָרם טעמפּל. אָבער אויך ניט אַלע רעפאָרם טעמפּלען זיינען גלייך. פאַראַן מדרגות אויך צווישן זיי.



מיר זיינען אוועק צום עקסטרעמען ברעג, צו טעמפּל עמנואל, אויף דער פינפטער עוועניו. עין לא ראתה, אַזוינס איז אפשר געווען אין אונדזער חדר־פאַנטאַזיע וועגן ערשטן בית המקדש. די פראַכט און די שיינקייט אינעווייניק, אין געבוי פון אַ רוימישן טעמפּל, די שטיל־קייט און דער צערעמאָניאַל, די טונקלקייט און דאָס בלויע ליכט, וואָס שיינט אַרויס פון ארון קודש, דאָס געזאַנג פון כאָר, די פרעכטיקע צענדליקער אָפּערע־שטימען, וואָס זינגען זיך אַריין אין דער שטילקייט. די פאַרזאַמלטע — קיינער האָט זייער געלט ניט געציילט, אָבער זייער שטאַנד אין דער געזעלשאַפט איז באַקאַנט.

פאַראַן צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע „טרייסלען וואָל סטריט", און אינטעלעקטואַלן פון די העכסטע פּאָזיציעס אין לאַנד, אין קולטור, אין וויסנשאַפט. און צווישן זיי אויך מענטשן פּשוטע, ווי עס לאָזט זיך זען. און שוואַרצע געסט. און דער מעיאָר פון ניו־יאָרק. און אַרום, אויף דער גאַס — יידישער יום טוב.

איז דאָס דער אַמעריקאַנער יידנטום?

עס לאָזט זיך טראַכטן אַזוי.

אָבער וואָס איז די בריק, די יידישע, וועלכע פאַרבינדט צווישן זיי און דער סאָסאַווער שטיבל? יידישע צרות און יידישע פרייידן. מדינת ישראל. זאָרג פאַר די סאָוועטישע יידן. דאָס פאַרבינדט. אָבער דאָס איז אַ לופט בריק — וואָס רירט אפילו ניט אָן ביידע פּאָלוסן, ווייל די פרייד און די זאָרג איז אַנדערש ביי ביידע טיילן, און אַזוי אַנדערש איז אויך זייער רעאַקציע. אין איין טייל אַ סך מער הארציקייט, פּערזענלעכע אידענטיפיקאַציע, און אין צווייטן — אַ סך מער ממשותדיקע הילף. אָבער ערגער נאָך, וואָס איין טייל פרעגט אָפּ די יידישקייט פון צווייטן טייל — און אין דעם גייט פּאָרויס, נאַטירלעך, די סאָסאַוועָר שטיבל קעגן טעמפּל עמנואל. אויך מיר יידן, וועלן די סאָסאַווער זאָגן, יידן וועלכע גייען ניט אין שטעק־שיך יום כפור . . . און זיי טראָגן אפילו ניט קיין טליתים און היטלען אין טעמפּל, ווו מען דאַוונט דריי פערטל אויף גוייש, ווו שיקסעס זינגען אין כאָר.

אָט איז אַ יונגע פרוי, נעבן אונדז, בשעת דער תפילה אין טעמפּל. דער ראַביי רעדט — דער בעסטער האָליי־וווּדער אַקטיאָר קען קומען (און געווים זיינען דאָ אַזעלכע פאַראַן) זיך לערנען רעטאָריק, דיקציע, „דעליווערי", מימיק — און אויך אינהאַלט, אָבער אָן פּסוקים . . . צו האָט עס אַ „יידישן טעם?". איך וואָלט געדאַרפט פרעגן די פרוי דערנעבן, ווייל דער ראַביי רעדט ניט צו מיר, נאָר צו איר. איך בין שוין אַ פאַרלוירענער פאַר דעם ראַביי. טעלזש און סלאַבאָדקע און נאָך אַזעלכע צענדליקער „קליינינקייטן" וועלן שוין אייביק שטיין צווישן מיר און אים — אפילו ווען איך זאָל וועלן אַריבער די שוועל. אָבער זי, די אײדעלע יידישע טאָכטער, די געקליידטע אין חן, מיטן פּנים פון אַ רוימישע פּאַטריציערין, צו איר רעדט דער ראַביי, עס איז איר טעמפּל און איר ראַביי. הערט זי אים? איך וואָלט

איר געפרעגט, ווען איך זאָל ניט האָבן מורא צו אויפ־ברעכן די שטייפע שטילקייט מיט מיין געטאָדיקן געפּליסטער. און זי איז אויך פאַרגומען — אין הערן און צו עסן דערביי קיי־גומי. אָבער אָט האָט דער ראַביי געענדיקט זיין לאַנגע רעדע, און וועלכע עס זיינען דערמאָנט געוואָרן אַ טוץ נעמען פון גרויסע מענטשן, פון אַלע ראַסן און קולטורן — נאָר ניט קיין איין יידישע רעליגיעזע פּערזענלעכקייט, חוץ משה רבינו. (אָבער אים האַלט דער ראַביי געוויס, לויט פרוידן, פאַר אַן עגיפּטער . . . ). דער עולם שטייט אויף צום געבעט. מיין פּאַטריאַרכישע שכנה זאָגט נאָך מיט גרויס דביקות יעדן וואָרט מיטן ראַביי, פון איר געעפנטן מחזור.

איז זי — און די טויזנטער דאָ אין טעמפּל — דער סימבאָל פון אמעריקאַנער יידנטום — אין דער צוקונפט?

עס וועלן געוויס בלייבן אַנדערע, טיילן און גרופן, וואָס וועלן בלייבן יידן ווי זיי זיינען, ווי מיר קענען זיי, לויטן גאַנג און נוסח וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט און פלאַנצן איין אין זייערע קינדער. אָבער זיי וועלן בלייבן יידן אין אַמעריקע. ווען די מתפללים אין דעם טעמפל — און אין צענדליקער אַנדערע — זיינען שוין דער ברוסטקייל, וואָס מען קען רופן אמעריקאַנער יידן.



עס וועט אפשר פרעגן אַ פרעגער (כאָטש יידיש לייענער פרעגן היינט שוין זייער זעלטן; זיי לייענען און שווייגן): וואָס האָבן מיר זיך אַזוי "אָנגעזעצט" ווענגן יידן אין די שטיבלעך, בתי מדרשים און טעמפלען, קיין אַנדערע יידן זיינען אין אַמעריקע גאָר ניטאָ? איז דער ענטפער: זיי זיינען דאָ, און זיי זיינען געוויס די מערהייט, וואָס גייען ניט אין קיין שול און אין קיין טעמפל, אפילו ניט יום כפור. זיינען טאַקע אַלע שולן און שטיבלעך ווייט פון זיין פול, אפילו אין אָט די יום טוב טעג. און מען זאָגט מיר, אַז עולם פאַלט איצט אָפּ כסדר, אויך פון די טעמפלען. מען פאַרענטפערט עס מיט ישראל; יונגע און מיטל יאָריקע יידן, הייסט עס, האָבן אַן אַנדער אויסדרוק פאַר זייער יידישער אידענטיפיקאַציע, דורך סאָלידאַריזירן זיך און דורך העלפן מדינת ישראל, בשעת פאַרן עלטערן דור איז געווען און געבליבן די

ייִדישע אָנגעהעריקייט נאָר, אָדער בעיקר, דורך דעם בית המדרש. אָבער אונדזער „אָנזעצן זיך" אויף די האַרטנעקיקע ייִדן איז, אין גרונט, דאָך נאָר אַ משל, אַזוי צו זאָגן; אַ וועג צו שילדערן ייִדן אין אַמעריקע, וועלכע גיבן אויסדרוק צו זייער ייִדישקייט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, אין אַ בשותּפותדיקע פאָרם. און מיר האָבן ניט געוואָלט זיך פאַרלאָזן אויף זיך, מיט געבן אַ מיינונג, אַ רעזומי פון איינדרוקן, נאָר גלייכער שילדערן, דערציילן, פאָרטרעטירן לעבעדיקע ייִדן. און אַזעלכע האָבן מיר געפונען אין די שטיבלעך, שולן און טעמפּלען. די „אַנדערע" — וווּ געפינט מען זיי?

בײַ אַ באַנקעט, לטובת דעם ישׂראל אַפּיל, אין „הילטאָן" האָטעל. אַ גרויסער עולם. עס שימערירט פון (אפשר פאַלשע . . .) בריליאַנטן. יום טובֿ אין דער וואָכן. גאַלאַנט, שיק, אויפּפּוץ. מיין פאַרבעטער ווייזט אָן, דיסקרעט, מיט די אויגן, ווער עס איז ווער — לויטן גרויס פון ביישטייער: אַ גאַנצער . . . אַ האַלבער . . . אַ פערטל . . . דאָס איז געמיינט מיליאָן. „דער, נו, אַ הונדערט טויזנט" . . . „און דער, ווייס־איך־וואָס, ניט מער ווי אַ צענערל . . .". אויף אַזאַ לוינט זיך גאָר ניט אומצוקוקן . . .

עס שיקט זיך, אַז אָט די דאָ לאָזן זיך אויך ווייזן אין אַ טעמפּל, און אפילו אין אַ שול. און דאָס איז דאָך אַלץ פאַר ישׂראל, און פאַר דעם זיינען איינגעשטעלט כמעט אַלע ייִדן אין אַמעריקע, האָט עס שוין ניט צו טאָן, דירעקט, מיטן ייִדישן לעבן אין אַמעריקע גופא — הגם ישׂראל־הילף איז הייַנט דער וויכטיקסטער אויס־דרוק פון אַלגעמיינער ייִדישער אָנגעהעריקייט.

געוויס זיינען אויך דאָ אַנדערע „וועלטלעכע ייִדן". אָבער ווי אַן אָרגאַניזירטער כּוח זעט מען זיי שוין ניט אָן.

גייט אַ ייִד אויף בראָדוויי, מיט אַ גרויסן טלית זאַק אונטערן אָרעם און מיט אַ „פאָרווערטס" אין האַנט. ווייזט אויס אַז ער דאַרף ביידע זאַכן. דער „פאָרווערטס" אַליין איז שוין פאַר אים ניט גענוג.

דערציילט מיר איינער וואָס ווייס, און וואָס איז באַגלייבט איבער יעדן ספק: אָנפירנדיקע ייִדן פון דעם, אַזוי גערופענעם, וועלטלעכן סעקטאָר, האָבן, מיט יאָרן צוריק, געשיקט זייערע קינדער אין טראַדיציאָנעלע און אַפילו רעליגיעזע שולן, אין אָט די וועלכע מען רופט

אין אַמעריקע „ישיבות". אַ טייל פון זיי האָבן עס געטאָן בשתיקה, געהיים, אַז אַרומיקע זאָלן עס ניט וויסן. אַליין האָט מען געפּרייידיקט און געווען אַקטיוו אין די וועלטלעכע קרייזן, אַפּילו אין אַזעלכע שולן. אָבער די אייגענע קינדער — „איך האָב דאָך געוואָלט, אַז מײַנע קינדער זאָלן זײַן גאַנצע ייִדן, און אַנדערע שולן זײַנען פאַר מיר ניט געווען גענוג". אָט אַזוי „פאַרענטפערן" זיך אַזעלכע טאַטעס און מאַמעס. און אַ טייל פון זיי האָבן טאַקע דערצויגן זייערע קינדער פאַר גאַנצע ייִדן. און פאַראַן קינדער פון אַזעלכע אַקטיווע בונדיסטן אַפּילו וועלכע זײַנען אַוועק קיין ישראל, אַלס חלוצים, אַדאַנק זייער דערציאונג, און איצט האָבן די טאַטעס און מאַמעס פון זיי ייִדישן נחת.



גייט אַ טאַטע מיט אַ זונעלע צו קבלת שבת, אין ניו יאָרק, צו זייער שטיבל. טאַטעס טריט זײַנען גיכע, קרעפּטיקע, אָבער זונעלע האַלט נאָך. טאַטע טראָגט אַ גרויסע זײַדענע קאַפּאָטע מיט אַ גרויסן שטריימל. זונעלע — אַ קליינע קאַפּאָטקעלע מיט אַ קליין שטריימעלע. טאַטע האַלט די אויגן אַראָפּגעלאָזן צו דער גאַס. זונעלעס אויגן וואַנדערן גיך אין אַלע זײַטן. טאַטע און זונעלע גייען האַנט אין האַנט, די קליינע הענטל פון זונעלע אין די גרויסע, ווייסע האַנט פון טאַטן. איך הער ווי דער זונעלע זאָגט, הויך, אין פּוילישן ייִדיש: „טאַטע, טאַטע, זע נאָר אָט־אָ־דאָ". דער טאַטע הייבט נישט אויף די אויגן, דרייט ניט אום דעם קאָפּ. איך — קוק יאָ אַהין וווּ עס ווײַזט די קליינע הענטל פון זונעלע — און זע נישט קיין אומגעוויינלעכעס. אָבער זײַן התפעלותדיקער אויסגעשריי, מיט דער דרײַ־מאָליקער באַטאָנונג פון „אָט־אָ־דאָ", ברענגט אין מיר לויכטיקע עצבות. איך וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזן צו אים און אויסגעקושט זײַנע אייגעלעך, וואָס זײַנען אויסגעוואַשן געוואָרן לכבוד שבת, די ציצית, וואָס הענגען אַרויס פון זײַן קאַפּאָטקעלע. וואָרום אָט דאָ, אין געקאָך פון ניו יאָרק, טראָגט דאָס קליינע ייִנגעלע אויף זיך אונדזער אַלעמענס ייִדישקייט, און ער איז אויך דער אויפהאַלטער פון ייִדיש לשון.

צו מוז מען דווקא טראָגן אַזוי די ייִדישקייט אויף

זיך? איך ווייס ניט, קען זיין אַז מען מוז — אויב מען וויל בלייבן אַ גאַנצער ייִד. אויב מען זאָל אויסטאָן דאָס ייִנגעלע פון זיין קאַפּאָטקעלע, פון זיין לאַנגען טלית קטן, אים אויסטאָן דעם שטריימעלע, אָפּשערן די פאות — לאָזן אַ נאַקעטן ייִדישן קינד אין מיטן פון בראָדוויי — וועט ער פאַרפאַרן ווערן. ווייל מיר האָבן נאָך קיינער דערווייל ניט געפונען קיין אַנדער עצה, ווי צו בלייבן אַ וואַרעמער ייִד אין דער פרעמדער גאַס פון גלות; ווי צו בלייבן אַ גאַנצער ייִד און אַ פולער מענטש אין אַ פרייע וועלט.

צוואַנציק פראָצענט פון געמישטע חתונות אין אַמעריקע — אָפיציעל, און וועגן אַ סך ווייס מען ניט. און איצט גייען אָן געמישטע חתונות אויך מיט שוואַרצע. און דאָס איז היינט. מאָרגן קען ניט זיין בעסער. שוין היינט מאַכט מען ניט קיין גרויסן וועזן פון דעם. מען האָט עס אָנגענומען — ווי אַ זאַך וואָס לאָזט זיך ניט אָפּשטעלן. איז אַ וווּנדער אַז פרומע ייִדן באַריקאַדירן זיך צווישן זיך, יעדערער אין זיין אָפּגעצירקלטן קרייז, אין מורא פאַר דער פרעמדער גאַס! אָבער — אונדזער ווילן איז ניט צו מאַכן אויספירן, נאָר דערציילן.

אין מיאַמי, פלאָרידאַ. מיר זיינען געפלויגן אַ לאַנגען וועג, כדי זען ווי עס לעבן ייִדן אין זייער אַמעריקאַנער גן עדן. (אַ באַמערקונג צו ייִדן אין דרום אַפריקע: דערציילט ניט קיינעם וועגן די שיינע קייפּ, און וועגן דעם ייִדישן מיוזנבערג, וועגן דעם ים און די בערג דאָרטן. אויב ייִדן אין מיאַמי וועלן זיך עס דערוויסן, קענען זיי מאַכן אַן איבוואַזיע, אויסלייִדיקן די טויזנט און מער האָטעלן דאָרטן, די כשרע, שטרענג כשרע און די ניט כשרע. עס וועט ניט זיין קיין ברעקל אָרט אין די עראָפּלאַנען פון „סאַוט אַפריקאַן עראַווייס“, ווייל זיי אַלע וועלן זיך יאָגן צו כאַפּן דעם דירעקטן עראָפּלאַן . . . ).

עס איז נאָך ניט געווען דער פולער סעזאָן אין מיאַמי. אַהער קומט מען שפּעטער, צו אַנטלויפן פון דעם שווערן ווינטער אין ניו יאָרק. אָבער געווען שוין גענוג פריע געסט, עלטערע ייִדן און עלטערע פרויען, דער עיקר פרויען, ווי אַמעריקע וואָלט, חס ושלום, געווען אַ לאַנד פון אלמנות, אָדער פון ווייבער וואָס אַנטלויפן פון זייערע מענער . . . דער ים איז גוט צו זיי, לעבעדיק וואַרעם אַלע מאָל, און שטיל, אָן כוואַליעס.

[illegible]
שער פּלאַקאַט, אַז עס וועט פאַרקומען אַ גרויסע יוגנט־מאַניפעסטאַציע, לטובת די סאָוועטישע ייִדן. עס איז געווען חול המועד סוכות. אין גריעסטן אַרמאַריום פון שטאָט האָבן זיך אויפגעזאַמלט אַ צוויי טויזנט יוגנטלעכע. געווען אויך אַ סך עלטערע מענטשן. אין אַרייַנגאַנג צום סטאַדיאָן האָט ניט געקענט בלייבן אומבאַמערקט אַ יונגער בחור, ווייל ער איז אַרומגעגאַנ־גען מיט אַן אתרוג און לולב, געזוכט קליענטן, וועלכע זאָלן בענטשן אתרוג. ער האָט עס געטאָן רואיק, באַהאַכט, ניט צודרינגלעך. ער דערנענטערט זיך צו אַ יונג מיידעלע, מיט אַ מיני שבמיני קליידעלע, און פרעגט איר אויב זי וויל בענטשן אתרוג. זי נעמט דעם אתרוג און לולב און זאָגט אים נאָך: ברוך . . . אַ חברה טוט דאָס זעלבע, אויך אַ דריטע, אַ פערטע, אַ ייִנגל מיט צעשויבערטע האָר אַלא אַ ביטניק, טוט אָן די יאַרמולקע, און זאָגט אים נאָך: ברוך . . . און דער בחור ווערט ניט מיד זאָגנדיק מיט אַלעמען די ברכה.
איך וואַרט אָפּ אַ מינוט, ווען ער זוכט מיט די אויגן אַ נייעם "קרבן", און איך דערנענטער זיך צו אים מיט אַ פראַגע: „איך בין זיכער, אַז איר וועט מיר קענען זאָגן וווּ עס געפינט זיך דאָ נאָענט אַ בית המדרש, אָדער אַ שטיבל". מיר גייען אַריין אין אַ שמועס. ער ז"ז אַ תלמיד אין ישיבה־אוניווערסיטעט, וואָס אין ניו יאָרק, און דאָ געפינט ער זיך אויף יום טוב, אין זיין היים. אָפּגעשמועסט אַ צען מינוט, פרעג איך: פאַר וואָס ווילט איר מיר ניט מזכה זיין, לייגט מיר ניט פאָר צו בענטשן אתרוג? דער בחור שמייכלט גוטמוטיק: „ווייבאַלד איר פרעגט אויף אַ פרומע שול, בין איך זיכער אַז איר האָט שוין געבענטשט אתרוג".
— איר מיינט צו זאָגן „כי פי המדבר אליכם", לויט מיין פראַגע געטרויט איר מיר . . .
— יאָ, אַזוי מיין איך.
— לאָזט מיר אייך פרעגן אַ פערזענלעכע פראַגע: אייך אַרט ניט וואָס מיר ריידן וועגן לערנען, באַנוצן פסוקים, און איך בין אָן אַ היטל ?
דער שמייכל איז ווידער אויף זיין פנים און ער ענטפערט אַ ביסל אומזיכער: „איך וואָלט געזאָגט ניט אמת, ווען איך זאָל באַהויפּטן אַז מיר אַרט עס. איך טראָג דאָך אַ יאַרמולקע, וואָלט איך געוועלט געוויס, אַז

אנדערע זאָלן אויך טאָן אַזוי. אָבער יעדערער פירט זיך ווי ער וויל, אַבי אַ ייד האָט אין זיך יידישקייט".

מיר געפעלט זיין ענטפער, זייער. איך בעט אים, אַז מיר זאָלן זיך טרעפן, ווען איך וועל זיין אין זיין לערן־אָרט, אין דער ישיבה־אוניווערסיטעט.

איז ער — און זיינע הונדערטער חברים — סימבאָל פון דער צוקונפט פון אַמעריקאַנער יידנטום?

אַ גרויסן איינפלוס וועלן זיי געוויס האָבן.

אויף דער פאַרזאַמלונג האָט גערעדט דער מעיאָר פון שטאָט — אַ ייד. עס האָבן גערעדט יוגנטלעכע, פון אַלע ציוניסטישע פאַרטייען, עס זיינען געווען אַלע שילער פון די יידישע טאָג־שולן, איינדרוקספול. די רייד, די פּראָגראַם, די פאָרשטעלונגען, דער גערויש פון די יוגנטלעכע — אַלץ ווי געווייבלעך, אין מיאַמי אַזוי ווי אין יאָהאַנעסבורג, ווי אין לאָנדאָן אָדער מעלבורן. די זעלבע יידישע קינדער, די זעלבע רייד, די זעלבע געפילן, שטימונגען.

זיינען זיי דער מאָרגן פון אַמעריקאַנער יידנטום? מען מעג אָנעמען אַזוי. די יידישע טאָג־שולן וואַקסן כסדר. און דורך די שולן און דורך די יוגנט אָרגאַניזאַציעס זיינען די קינדער גייסטיק פאַרבונדן מיט ישראל און יידישע פּראָבלעמען. פון ישראל שעפּן זיי מוט, שטאָלץ, נאַציאָנאַלע אידענטיפיקאַציע, זאַכן וואָס זיינען אַזוי וויכטיק פאַר יוגנטלעכע. אין דעם גאַנצן געוועב פון יידן אין אַמעריקע וועלן אָט די דאָזיקע יוגנטלעכע זיך מאָרגן אַריינפלעכטן מיט זייער נאַציאָנאַלער פאַרב, זיך אַריינזינגען מיט זייערע אייגענעם ריטעם. זיי וועלן געוויס צושטעלן אַ סך עולים קיין מדינת ישראל — און דערמיט פאַרבינדן אַמעריקאַנער יידן, פערזענלעך, מיט ישראל, ווי דאָס איז געווען ביז איצט מיט דעם עלטערן דור אין אַמעריקע, וואָס האָט געהאַט, און האָט, בלוט־קרובהשאַפט, משפחהדיקע פאַרבונדנשאַפט אין ישראל.

און אָט די יוגנטלעכע, וועמענס צאָל עס דערגייט שוין היינט צו פיל טויזנטער, וועלן אויך באַווירקן דעם אויפקום און דעם גאַנג פון אַמעריקאַנער יידן, אין אַמעריקע. עס איז אונדזער האָפנונג, אַז זיי וועלן זיין דער דאָמינירנדיקער כוח, וואָס וועט ברענגען נענטער די פאַרשיידענע כיתות, שיטות, קלייזלעך און גרופּן, צו געשטאַלטיקן אַ פּאָלקס פּנים, וואָס זאָל קענען גערופן ווערן: אַמעריקאַנער יידן.

# צווישן שוואַרץ און ווייס

אַ שפּאַציר אין ריווערסייד דרייוו, וואָס איז געווען אַמאָל די אַלייע פון מיוחסים, ווו עס איז אויך דאָס הויז פון ערשטן גאָווערנער פון ניי אַמסטערדאַם, די הייַנטיקע ניו־יאָרק, פּיטער סטייוועסאָן (אויף וועמען יידן טראָגן נאָך אַ שטיקל היסטאָרישן פּאַריבל). אויב מען קוקט דאָ נאָר אַריבער דעם האַדסאָן (און ניט אַריין אין אים, ווייל ער איז פול מיט שמוץ), איז דאָ נאָך אויך הייַנט אויסגעפּילט מיט שיינקייט און מיט רואיקייט. אָבער דאָס רוב גאַסן, וועלכע פירן אַרויף פון האַדסאָן צו בראָדוויי, זיינען ניט זויבער און פיל פון זייערע הייזער פאַרוואָרלאָזט. דאָס איז אַ פּראָדוקט פון דער „שוואַרצער עקספּאַנסיע", פון דעם וואָס די איינוווינער פון האַרלעם, דער נעגער טייל פון שטאָט, האָבן זיך געטאָן אַ רוק נענטער צום האַרץ פון מאַנהעטן. און צוזאַמען מיט דער שמוץ האָט עס געבראַכט טעראָר, מורא צו אַרויסגיין אין די האָזיקע גאַסן ביינאַכט. אָבער די „שוואַרצע עקספּאַנסיע" איז ניט קיין פּאָליטישע רעוואָלוציע, נאָר אַ סאָציאַלע. עס איז אַ נאַטירלעכער סאָציאַלער אויפברוך, אַ פּראָדוקט פון דער צייט, פון די טעכנאָלאָגישע דערגרייכונגען און פון דעם פּאָליטישן קלימאַט און פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, וואָס מוז — מיט אַ גרויסע פאַרשפּעטיקונג — ברענגען פרייהייט און גלייכהייט, פאַקטיש, ניט נאָר אין דער קאָנסטיטוציע, פאַר די צוואַנציק מיליאָן נעגער. און יעדער אַזאַ אויפברויז איז באַגלייט מיט שווערע ווייען, קאָנפליקטן. די ווייסע באַפעלקערונג נעמט עס אויף, טעאָרעטיש, ווי אַ שטראָף פאַר איר זינד פון צוויי

הונדערט יאָר. אָבער אין דער פּראַקטיק איז, נאַטירלעך, שווערער אויפצונעמען די איבערגאַנגס עפּאָכע, מיט אַלע אירע אומפאַרמיידלעכע באַגלייט־דערשיינונגען. אין אַ דיקטאַטור, אָדער אַפילו אין אַ רעזשים מיט באַלאַנסירטער דעמאָקראַטיע, וואָלט מען די נעגאַטיווע אויסברוכן באַזייטיקט זייער לייכט. די שוואַרצע וועלכע ברעכן זיך אַרויס פון נאָרמאַלן, קולטורעלן געפּאָדער פאַר רעכט, זייענען אַ קליינע מינדערהייט — אַ מינדערהייט וואָס נוצט אויס די בארעכטיקטע אומצופרידנהייט פאַר צעטומלונג און וואַנדאַליזם. אין אַנדערע רעזשימען וואָלטן זיי עס ניט געוואַגט, אָדער מען וואָלט זיי גיך באַרואיקט. אָבער די אַמעריקאַנער טראַדיציאָנעלע דעמאָקראַטיע — און, לאָמיר עס אויך זאָגן, דער שלעכטער איינפיר פון פּאָליטיקערײַ, אין אַזאַ שטאָט ווי ניו יאָרק — דערלאָזט אַ ביסל הפקר יונגען פאַר־שוואַרצן דאָס פּנים פון דער שוואַרצער רעוואָלוציע. (דאָ איז געוויס כדאי צו באַמערקן: ווי באַקאַנט דערטראָגן זיך אָפּט שטימען וועגן שוואַרצער הפקרות און כוליגאַניזם, וואָס זאָל אָנרירן באַזונדערס יידן, מיט אַנטיסעמיטישע טענער. מיין איינדרוק איז, אַז אויף וויפל אַזעלכע מאַניפעסטירן זיך, קומען זיי אויך, בדרך כלל, פון דעם אָפּפאַל, געוויס ניט פון דער נעגערישער אָנפירערשאַפט און אינטעליגענץ. אָבער איך האָב זיך לגמרי ניט אָנגעשטויסן אויף אַזעלכע דערשיינונגען — הגם איך האָב זיי „געזוכט“).



די עפנטלעכע מיינונג, די רעגירונג, די צייטונגען, די טעלעוויזיע, דער דעת הקהל, איז פאַר פולער גלייכ־הייט, קעגן יעדער ראַסן דיסקרימינאַציע. אָבער עס איז פאַרט שווער זיך איינצולעבן מיט אַלע באַגלייט־דער־שיינונגען, ווען די גלייכהייט דערגייט צום אייגענעם קוואַרטאַל, צו דער אייגענער הויז, אָדער גאָר צום אייגענעם זון און צו דער אייגענער טאָכטער. דאָס איז מענטשלעכע נאַטור. און דערפאַר מערקט זיך איצט, אַפילו צווישן יונגע מענטשן, צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט, אַז די וועלכע זיינען געווען די אַרויסשטורעמער פאַר נעגערישער גלייכהייט, אַ שטיקל צוריקצי, ניט צו זאָגן אַ שטיקל פּראַקטישע רעאַקציע. פון דער גלייכ־

הייטס־אידיי טרעט קיינער ניט אָפּ, אָבער אַ טייל וואָלט געוועלט, אַז דער דאָזיקער פּראָצעס זאָל זיין לאַנגזאַמער, בהדרגהדיק, אָן דעם אַרויסרופֿעדישן אָדער צעראַנדיקן געדראַנג פֿון דער שוואַרצער באַפֿעלקערונג.

אַ פּאָר ביישפּילן:

בשעת אַ טעאַטער־פֿאָרשטעלונג. שוואַרץ און ווייס מישן זיך אין נאַטירלעכער האַרמאָניע. אָבער אָט קומט אַריין אַן אַרישע בלאָנדינקע געאָרעמט מיט אַ שיינעם נעגער. מען זעט פֿון עולם באַהאַלטענע בליקן צו זייער זייט — אַזאַ מישונג, פֿון אַזוי פֿיל בלאָנד און אַזוי שטאַרק שוואַרץ איז, ווייזט אויס, צופֿיל אַפֿילו פֿאַרן ליבעראַלן עולם . . .

ביי אַן אויטאָבוס־סטאַנציע אין מעדיסאָן. אַ זיבן פֿוסיקער נעגער, מיט פּלייצעס פֿון אַן אַטלעט, פֿירט ביים הענטל אַ יונגע, דינע מיידל. אַן עלטערע פֿרוי וואַרפֿט אַ בליק צו די פֿאַרבייגייענדיקע און שאָקלט מיטן קאָפּ, יידיש־מאַמעדיק, אַז מען קען הערן אירע געדאַנקען, ווי זי וואָלט געזאָגט צו זיך: ווייִ, ווייִ, וואָס צו אונדז איז געשען . . . (אגב: מען זאָגט, אַז דער פּראָצענט פֿון יידישע טעכטער איז אומגעהויער גרויס אין דעם פּראָצעס פֿון געמישטע הייראַטן. הגם קיין סטאַטיסטיק איז, נאַטירלעך, נישטאָ וועגן דעם, לאָזט זיך עס אָבער גלייבן. מיר זיינען דאָך די אייביקע פֿאַרויסגייערס, אָדער פֿאָרויסלויפֿערס, אין יעדער רעוואָלוציאָנערער ביישונג).

דער דאָזיקער נאַטירלעכער, טיף־איינגעבוירענער ווידערשטאַנד צו פֿרעמדע, און ווער רעדט נאָך צו אַנדערס הויטיקע מענטשן, קומט צום פֿאָרשיין ניט נאָר אויף דעם ראָמאַנטישן געביט. מען זעט עס און מען פֿילט עס אומעטום, אין אַלע שטחים פֿון סאָציאַלע באַציאונגען. דערביי קומט צו דער געאָגראַפֿיע־פֿאַקט, וואָס די שוואַרצע באַפֿעלקערונג (אַזוי ווי די יידן און אַנדערע מינאָריטעטן) קאָנצענטרירט זיך אין די גרויסע שטעט. די קאָנצענטראַציע פֿאַרשאַרפֿט דאָס פּראָבלעם. איבערן גרויסן לאַנד, אין אַלע ערטער וווּ די שוואַרצע באַפֿעלקערונג איז אַ קלענערע מינדערהייט, גייט צו די אינטעגראַציע — ניט אַזוי שטאַרק, ניט אַזוי גרונטיק — אָבער אויך מיט ווייניקער סאָציאַלער קעגנערשאַפֿט, ווי מען פֿילט עס, בעיקר, אין ניו יאָרק, אָדער, אין אַ קלענערע מאָס, אין וואַשינגטאָן, און אין

די אַנדערע ערטער וווּ עס קאָנצענטרירט זיך דאָס רוב פון דער שוואַרצער באַפעלקערונג. אָבער דאָס גופא, וואָס די שוואַרצע באַפעלקערונג האָט געקענט אַריינשטראָמען אין די גרויסע שטעט פון לאַנד אין צפון, איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערע געשעעניש אין זייער גאַנג צו פולער פרייהייט. אין אָנהייב פון יאָרהונדערט האָבן 90 פּראָצענט פון דער שוואַרצער באַפעלקערונג געלעבט אין די דרומדיקע ערטער, אין די געוועזענע קאָלאָניעס פון דער אַלטער קאָנפעדעראַציע — אַלאַבאַמאַ, אַרקאַנזאַס, פלאָרידאַ, דזשאָרדזשיאַ, לואיזיאַנאַ, מיסיסיפּי, נאָרט און סאַוט קאַראָליינאַ, טענעסי, טעקסאַס, ווירדזשיניאַ. צווישן 1940 און 1960 האָבן אַריבערגעוואַנדערט 3.000.000 שוואַרצע פון אָט די ערטער אין די גרעסערע שטעט פון צפון. אָבער איצט, מיט די פאַרבעסערטע רעכטלעכע באַדינגונגען אין די דרום ערטער, און וועלנדיק אַנטלויפן פון די איבערגעפּאַקטע געטאָס אין די גרויסע שטעט פון צפון, קערן זיך אַ סך הונדערטער שוואַרצע צוריק. און די שוואַרצע אַנפירער אין דרום — מיט דער הילף פון אַ סך ווייסע — רופן זיי צוריק. דער רוף גייט: קומט צוריק צו אייערע וואָרצלען, די שוואַרצע, רייכע ערד רופט אייך, שוואַרצע ברידער . . .



איך בין דריי מאָל געווען אין האַרלעם — אַליין, אָדער נאָר מיט דער שוץ פון מיין פרוי — קעגן אַלע וואָרנונגען, אַז עס איז אַ געפאַר צו „אַריינדרינגען“ אין די געסלעך, אין האַרץ פון דער שוואַרצער שטאָט. עס איז ניט געווען קיין אָנגענעמער געפיל, און אַפילו אַ באַהערשונג פון אַ שטילן פּחד. הגם מען זעט דאָ אומעטום ווייסע מענטשן, וואָס גייען רואיק און טוען זייער אַרבעט, פילט מען אָבער אויף שוואַרצע בליקן, וואָס בויערן זיך אַריין מיט פאַרטייַעטן האַס, אָדער מיט אַ גרינגשעצנדיקן שמייכל, וואָס איז ניט ווייניקער שטעכיק.

אַ האַלבע שעה אין אַן אויטאָבוס, דורך דער ברייט פון ברוקלין, דורך אַ טייל וואָס איז אין גאַנצן שוואַרץ, און מען איז אין אויטאָבוס דער איינציקער ווייסער — איז זייער ניט קיין אָנגענעמע רייזע. מען גייט אַרויס

פון אויטאָבוס ווי אַ באַפרייטער פון אַ תּפֿיסה, אַן אַדורכגענומענער פון אַ פּיינפולער איבערלעבונג. נאָך אומאַנגענעמער איז אַזאַ רייזע, ווי עס האָט זיך געטראָפן, אין אונטערגרונט באַן.

זיינען אַלע שוואַרצע האַסיק קעגן דער ווייסער באַפעלקערונג? עס איז ניט אַזוי. דער פּחד האָט גרויסע אויגן, און אָפט שרעקט מען זיך — צוליב דער אייגענער זינד. מען קען לייכט געפינען צווישן אַ סך שוואַרצע גרייטע פריינדשאַפט, אַן אָפענעם שמייכל, ווען מען באַציט זיך — נאָרמאַל, אָן אָנשטעלערישע העפלעכקייט. ווען מען פרעגט, למשל, אַ שוואַרצן אויף אַן אַדרעס, פשוט, מענטשלעך, אָדער מען מיידט ניט אויס זייערע געשעפטן, קריגט מען הילף און אַ וואַרעמע באַציאונג, ניט ערגער און ניט אַנדערש ווי פון אַ ווייסן מענטש.

איך בין געפאָרן ספּעציעל אין דער סאַוט, אין דרום פון לאַנד. דאָ איז דאָס פּראָבלעם, ווי באַקאַנט, אַ סך שאַרפער. די שקלאַפעריי פון שוואַרצן וואָרצלט אין דער געשיכטע פון דרום. צוליב דעם איז דאָך אויסגע־בראָכן דער בירגער קריג, אין 1861, ווען אייבראַהאַם לינקאָלן האָט געוועלט באַפרייען די נעגערס פון קנעכטשאַפט, און די דרומדיקע שטאַטן האָבן פּרובירט זיך אָפּרייסן, ווייל זיי האָבן געדאַרפט די ביליקע אַרבעטער פאַר זייערע פּלאַנטאַציעס. עס איז געווען אַ שווערע מלחמה. געוווּנען האָט די ליבעראַלע אידיי. די קאָלאָניעס זיינען געבליבן פאַראייניקט, וואָס איז געוואָרן דאָס גרויסע גליק פאַר אַמעריקע און פאַר דער וועלט. אָבער פּאַקטיש איז אין דער סאַוט נאָך אַלץ געבליבן דער שוואַרצער דעגראַדירט. אין די לעצטע פאַר יאָר, זינט דער שוואַרצער רעוואָלוציע, מיט דער אַקטיווער הילף פון דער רעגירונג און פון דער ווייסער ליבעראַ־לער באַפעלקערונג, האָט זיך עס שטאַרק געביטן — און פאָרט זיינען דאָ נאָך געבליבן אָפענע סימנים פון שטילער דיסקרימינאַציע.

אין ריטשמאָנד, די רעגיאָנאַלע הויפּט שטאָט פון ווירדזשיניאַ. בשעת דעם בירגער קריג איז דאָ געווען די הויפּט שטאָט און באַסטיאָן פון דער קאָנפעדעראַציע, און ווי אַזאַ איז די שטאָט פול מיט געשיכטע. דער קריגס־געשריי און דער קאַמף פון די אַזוי גערופענע „יענקיס”, פון דער פאַראייניקטער אַרמיי, איז געגאַנגען קעגן ריטשמאָנד. און דאָ טאַקע האָט גענעראַל גראַנט

(שפּעטער דער אַכטצענטער פּרעזידענט פון אַמעריקע) צעשמעטערט די אַרמייען פון גענעראַל לי, און עס איז געקומען די פולשטענדיקע מפּלה פון די סאַוטערן סעקציאָניסטן, ווען גענעראַל לי האָט אונטערגעשריבן די קאַפּיטולאַציע (אין אַפּאָמאַטאַקס, 9טן אַפּריל, 1865). דאָ איז עס אייב לינקאָלן געקומען יום טובֿן זיין נצחון, דעם 5טן אַפּריל — ניין טעג פאַר זיין טויט, נאָכן דורכגעפירטן אַטענטאַט אויף אים — דער אַטענטאַט וואָס האָט, אין אַ גרויסע מאָס, פאַרמינערט פאַר די נעגערס די פרוכט פון לינקאָלנס מלחמה פאַר זיי און פון זיין נצחון.

זינט יענער מלחמה איז אַוועק איבער 100 יאָר. עס איז אָוונט אין ריטשמאָנד. די גאַסן אין דער ניט גרויסער שטאָט זיינען ליידיק און שטיל. מיר זיינען נעבן דאָס הויז פון גענעראַל לי. ניט ווייט פון דעם איז די קירך, וווּ גענעראַל לי האָט געקניט ביינאַנד מיט אַ שוואַרצן, נאָך דעם ווי אַן אַנדער ווייסער האָט זיך אָפּגערוקט, ניט געוועלט קניען ביים זייט פון אַ שוואַרצן. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, אַז אַ ווייסער זאָל טאָן אַזוי אין דער סאַוט. און דאָס ווערט היינט דערציילט אין די אַמעריקאַנער שול־ביכער, ווי אַ באַווייז פון דער גרויסמוטיקייט פון דעם פאַרשפּילטן גענעראַל.

וואָס האָט זיך געביטן זייט דאַן? די געזעצלעכע עמאַנציפּאַציע האָט ניט געבראַכט קיין פולע פאַקטישע גלייכהייט פאַר די נעגער דאָ. דער „בלעק קאָוד", די אָפיציעלע סעגרעגאַציע געזעצן, זיינען באַזייטיקט געוואָרן. אָבער סאָציאַלע באַריערן זיינען געבליבן — ניט הייך, ניט פעסט, אָבער זיי זיינען פאַראַן. ווייל עס איז לייכטער צו געווינען קעגן שלעכטע געזעצן, ווי קעגן שלעכטע מענטשלעכע איינשטעלונגען.

דער גאָווערנער פון ווירדזשיניע, אַ רעפּובליקאַנער, לינוווּד האָלטאָן, שיקט זיינע פיר קינדער אין אַ דעסעגרעגירטער שול, ווי עס פאָדערט דאָס געזעץ. מיר קענען עס זען אין פרימאָרגן, דורכן פענצטער פון האָטעל־צימער, וואָס קוקט אַריבער צום גאָרטן פון גאָווערנער. אָבער מיר קענען אויך זען ווי אַ סך פאַרבייגייערס דרייען אָפּ דעם קאָפּ, אין קלאָרער אומצופרידנקייט, ווען דער שול־אויטאָ, מיט תלמידים שוואַרצע און ווייסע, קומט אָפּנעמען דעם גאָווערנערס קינדער. די דאָזיקע פאַרבייגייערס געפעלט ניט דער זשעסט פון גאָווערנער

— פונקט ווי זייערע עלטערן איז ניט געפעלן דער זשעסט פון גענעראל לי. אָבער היינט שטייט הינטער דעם טאַט פון גאָווערנער דאָס געזעץ — אַ סך שטאַרקער ווי מיט 100 יאָר צוריק, און אין אונדזער צייט באַוועגן זיך אויך די רעדער צו פרייהייט אַ סך שטאַרקער און שנעלער.



ניט ווייט פון דעם הויז פון גענעראל לי איז די רעדאַקציע פון דער לאָקאַלער צייטונג. (אַפילו קליינע ערטער אין אַמעריקע האָבן אָפט גרויסע צייטונגען, מיט הונדערטער זייטן טעגלעך. עס איז ווילד, איבער־טריבן, אומנויטיק פאַרן לייענער. מען לאָזט אַוועק אין ניוועץ גאַנצע וועלדער אויף פאַפּיר. אָבער דאָס געשעט צוליב די אומגעהויערע אַנאָנסן, וואָס אַלע צייטונגען האָבן, צוליב דער איבערטריבענער רעקלאַמירונג וואָס גייט אָן אין אַמעריקע). אויף דער גאַס, ביי דער רעדאַק־ציע, שפּאַנט אַ שוואַרצער יונגטלעכער, מיט אַ פּלאַקאַט אויף זיך (און מיט אַ טראַנזיסטאָר אין האַנט, וואָס פאַרווײַלט אים מיט מוזיק). דער פּלאַקאַט פּראָקלאַמירט, אַז אַרבעטער פון דער דרוקעריי זיינען אין שטרייק. מיר גייען אַריין אין אַ לענגערן שמועס. ער איז אַן אינטעליגענטער, באַוווּסטזיניקער מענטש. די שטריי־קערס, 180 אַרבעטער, פון איין אָפּטיילונג, פאַרלאַנגען העכערונג פון געהאַלט — פּאַר פאַרגאַנגענע חדשים, און אַ קאָנטראַקטירונג אויף להבא. די בעלי בתים האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו דערפילן די פאַרלאַנגען, בעיקר דעם צווייטן באַדינג. עס זיינען געקומען שטרייק ברעכערס, אַנדערע אַרבעטער, וועלכע די בעלי בתים האָבן געקענט דינגען, לויט דער יוניאָן, ווײַבאַלד זיי זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף שטענדיק — אָבער דאָס איז נאָר געווען אַ פאָרמעלער אַרויסדריי. שטרייקן די 180 — אַלע שוואַרצע, און די יוניאָן שטיצט זיי, מאָראַליש און מאַטעריעל, שוין אַכט חדשים. וואָס זיינען די אויסזיכטן? „זייער שוואַכע. אָבער מיר גייען זיי אויף די נערוון און וועלן זיי דערגיין די יאָרן, די בעלי בתים. ווען דאָס וואָלט האָבן געשען אין ניו־יאָרק, וואָלט שוין לאַנג געקומען צו אַ הסכם. אָבער דאָ, אין דער סאַוט, האַלטן נאָך די ווייסע בעלי בתים אָן זייער ביטול באַציאונג צו אונדז,

און די ווייסע מערהייט שטיצט זיי". אַזוי האָט גערעדט דער יונגער שטרייקער.

אין אַ צייטונג, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אויפן אָרט, פון און פאַר דער שוואַרצער באַפעלקערונג — איז דער טאָן געווען אַ שאַרפערער, אַ שרייאיקער, וועגן שטרייק און וועגן אַנדערע פּראָבלעמען אין דער באַציאונג צווישן שוואַרץ און ווייס, אויפן אָרט און אין אַמעריקע בכלל. די צייטונג איז זייער שלעכט „געמאַכט", פּראָפּאַגאַנדיסטיש ביליג, אַפילו העצעריש, מיט אַ סוחרישער אויסרעכענונג, אַז די ווייסע פירמעס זאָלן געבן אַנאָנסן אין אָט דער צייטונג, און אויב ניט וועט מען זיי אָנטלערנען. (פאַראַן אַנדערע, בעסערע, קולטורעלערע צייטונגען פון דער שוואַרצער באַפעלקערונג, אין די גרעסערע שטעט. אָבער אויך אין זיי איז שווער צו דערגיין וואָס זיי ווילן, אַ קלאָרע פּראָגראַם. ווייל פאַראַן נאָך אַ סך פאַרווירונג, צעטומלונג אין דער שוואַרצער באַפעלקערונג, וואָס דריקט זיך אויס אין קעגנערשאַפט באַר, מיט ווייניק קלאָרע, פּאָזיטיווע פאַרלאַנגען. און די צייטונגען, וואָס ווערן געמאַכט פון דער אינטעליגענץ, ווייסן אויך צו וועמען זיי רײדן און אַז עס איז לייכטער צו דערגיין צום המון מיט פּלאַמיקע רייד).



אין אַ קליינעם אָרט, אויף דער גרענעץ פון נאָרט קאַראָליינאַ, אַ הונדערט יונגטלעכע זיינען פאַרזאַמלט אין אַ זאַל. עס איז אַ רעליגיעזער כאָר, וואָס פירט דורך אַ רעפּיטיציע. פאַראַן אויך אַ פּאָר צענדליק שוואַרצע מיידלעך. שוואַרץ און ווייס זינגט צוזאַמען. אָבער ווען דאָס זינגען ענדיקט זיך — שטייען די שוואַרצע באַזונדער. קיינער האָט זיי ניט אָפּגעטיילט. אָבער זיי האָבן, אויף אַ „נאַטירלעכן אופן", זיך געהאַלטן צוזאַמען.

אין אַ צווייטן אָרט, טיפער אין דער סאַוט, אויפן וועג צו אַלאַבאַמאַ.

אין האָטעל איז אַ פריילעכער גערודער. דאָ ווערן איצט אָפּגעהאַלטן צוויי רעגיאָנאַלע קאָנפערענצן, פון קראַנקען שוועסטערס און פון לערערס. איך קוק אַריין אין ביידע. צווישן די קראַנקען שוועסטערס איז ניטאָ קיין איין שוואַרצע. מען זאָגט מיר, אַז זיי האָבן זייער אייגענעם פאַרבאַנד — אַפּאַרטהייט. צווישן די לערערס

זיינען פֿאַראַן דריי שוואַרצע, איין דירעקטאָר פֿון אַ שול און צוויי לערערס. איך דריק אויס מיין פֿאַרוווּנדערונג אויף דעם, און אַ געשפּרעך מיט אַ ווייסן לערער, און ער גיט צו „איך וווּנדער זיך אויך . . . ״. אָבער די דריי פֿאַרבליאַנדזשעטע שוואַרצע מישן זיך און פֿולער פֿרייהייט מיט די ווייסע דעלעגאַטן — הגם עס זעט זיך קלאָר, אַז אייניקע ווייסע זיינען ספּעציעל מקרבֿ די שוואַרצע, מיט אַ געפֿיל פֿון פּאַטראָנירונג, וואָס איז געוויס אָפּשטויסיק.

אין רעסטאָראַן פֿון האָטעל איז אַ פֿריילעכער געטומל פֿון די דעלעגאַטן. אַ טייל זיינען בגילופֿין. אַלע קעלנערס זיינען שוואַרצע. פֿריילעכע קאָמפּאַניעס שפּילן זיך אָפּ איבער די שוואַרצע קעלנערס — אין אַ פֿריינדלעכן אופֿן, אָבער מיט קאָנטיקן אַראָפּקוק אויף זיי. און ווען דאָס געזעץ וואָלט דערלויבט . . . אָבער דאָס געזעץ דערלויבט ניט, הגם עס זעט זיך קלאָר, אַז מיר זיינען אין דער סאַוט — און די מענטאַליטעט פֿון אַ טייל אין די פֿריילעכע קאָמפּאַניעס לאָזט עס ניט פֿאַרגעסן.

ניט שטאַרק אָנגענעמער איז די אַטמאָספֿערע אין אַנדערע ערטער, אַפֿילו אין גרעסערע, און אַפֿילו ניט אין די דרומדיקע ערטער. אין וואַשינגטאָן איז די פֿאַקטישע צעטיילונג גאָר בולט. פֿאַראַן געשעפֿטן פֿון נעגערס אין די צענטראַלע גאַסן. קיינער דיסקרימינירט ניט קיינעם אין אויטאָבוס, אין עפֿנטלעכע ערטער. אָבער פֿאַראַן אַזאַ אומגעזעענע, און פֿאָרט דיקע לופֿטליניע, וואָס צעטיילט די שטאָט צווישן דעם טייל וווּ עס לעבן דאָס רובֿ שוואַרצע, אָבער אויך ווייסע, און דעם טייל וווּ עס לעבן נאָר ווייסע, מיט אַ קליינעם צושפּרינקל פֿון שוואַרצע. פֿון אַנהייב פּענסילוואַניאַ עוועניו אַרויף, צום ווייסן הויז, צום סענאַט, צו די רעגירונגס געביידעס, דורך די ליכטיקע גערטנער און סקווערן זיינען שוואַרצע איינוווינער כמעט ווי ניט בנמצא. אָבער — ווידער און ווידער דאָס זעלבע: עס איז ניט קיין געזעצלעכע צעטיילונג, נאָר אַ סאָציאַלע, ווי צווישן אָרעם און רייך און אין דער גאָרער וועלט. עס איז מער די צעטיילונג פֿון קלאַס ווי פֿון קאָליר. נאָר דאָ זעט זיך עס אָן שאַרפֿער, ווייל דער הויט־קאָליר לאָזט זיך ניט פֿאַרמאַסקירן, אַפֿילו מיט די רייכסטע קליידער, דורך טייערסטע מעבל און אין די שענסטע אויטאָס.

# ראַסן, קלאַסן און יידן

אין דרום אפריקע איז אַמאָל דערשינען אַ זשורנאַל פאַר דער שוואַרצער באַפעלקערונג. אין דער רעדאַקציע פון דעם זשורנאַל האָבן געאַרבעט שוואַרצע און ווייסע, זייט ביי זייט, אין פולער האַרמאָניע און גלייכהייט. דער רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל, אַן ענגלענדער, האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ בוך, דערציילט ווי די צוזאַמענאַרבעט איז געגאַנגען, אָן וועלכער דיסקרימינאַציע — חוץ אין איין קליינעם פּרט. דער שרייבער רופט אָן דעם פּרט „די מלחמה פאַר די טעפּעלעך". וויזט זיך אַרויס, אַז די ווייסע מיטאַרבעטער אין רעדאַקציע האָבן פרייוויליק און גוטוויליק געקענט טיילן מיט זייערע שוואַרצע אַרבעטס־חברים אַלץ, חוץ איין זאַך — טרינקען טיי פון די זעלבע טעפּעלעך. ווי עס איז געקומען די צייט פון טרינקען טיי — זיינען די ווייסע געלאָפן גיכער, כדי כאַפּן זייערע אייגענע טעפּעלעך, אַז אַ שוואַרצע מויל זאָל זיך נים צורירן צו דעם.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז „געגאַנגען" אַ טעאַטער פאָרשטעלונג אין פאַרשיידענע לענדער. עס איז געווען אַ פּאַרס־פאָרשטעלונג, ווי אַ רייכע דאַמע וויל זיין ליבעראַל, וויל דורכשניידן די באַריערן צווישן ראַסן. זי לאַדט איין איר עלעגאַנטער היים געסט, ווייסע און שוואַרצע, און זי בעמט אויף די שוואַרצע געסט, ווי דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, מיט איבערטריבענער העפלעכקייט — וואָס דאָס אליין איז אַ שלעכטער סימן פון איינגעוואָרצלטער דיסקרימינאַציע, וואָס דער שכל,

אָדער די עלעגאַנץ, ווייל זיך באַמיען צו פּאַרווישן. און אָט געשעט, אַז אַ שוואַרצער גאַסט גייט אַריין אין באָד צימער — און די ליבעראַלע, עלעגאַנטע באַלעבאָסטע גייט אַרויס פון די כלים. גלייכהייט — יאָ, אָבער ניט אַזוי פיל, ביז אַ שוואַרצער זאָל ביצן דעם אייגענעם באָד צימער . . .

עס איז שווער, אַפילו מיט די ליבעראַלסטע געזעצן און ביים בעסטן מענטשלעכן ווילן, צו איינברעכן די פּסיכאָלאָגישע באַריערן, וואָס זיינען איינגעוואָרצלט קעגן מענטשן מיט אַן אַנדער אויסזען, מיט אַנדערע הנהגות. און ווער ווייס עס נאָך אַזוי גוט, ווייל ווער נאָך האָט געליטן פון דעם אַזוי שטאַרק, ווי יידן — אַפילו צווישן מענטשן און פעלקער, וועלכע האָבן געוועלט, אידייאיש, אונדז אויפנעמען און באַהאַנדלען ווי גלייכע. אַטאַוויסטישע פּאָראורטיילן זיינען שטאַרקער ווי דער ווילן, וואָס קומט פון לאָגישער איבערציגונג. אָבער אַדאַנק די ליבעראַלע, דעמאָקראַטישע געזעצן, ווערט פּאָרט געמאַכט גרויס פּראָגרעס אין דעם גאַנג צו איינ־ברעכן די ראַסן־באַריערן אין אַמעריקע.



ביי צוויי טיילן פון דער ווייסער באַפעלקערונג איז דער איבערגאַנג צו ראַסן־גלייכהייט אַ לייכטערער. די צוויי טיילן זיינען די צוויי פּאַלוסן פון דער געזעלשאַפט: דער גאָר רייכער קלאַס און דער קלאַס וואָס שטייט אויפן נידעריקסטן סאָציאַלן שטאַפּל.

אַ טייל פון דעם רייכסטן קלאַס קען זיך פאַרגינען צו זיין ליבעראַל — ווייל די אַקטועלע פּראָבלעמען פון אַזאַ איינשטעל דערגייען זעלטן צום אייגענעם שוועל. מען קען, למשל, זייער לייכט זיין פאַר געמישטע שולן, ווען מען שיקט די אייגענע קינדער אין פּריוואַטע שולן, וווּ אַזאַ מישונג איז ניטאָ, אָדער די מישונג איז אַחוץ באַ־דייטיק; אין פּריוואַטע שולן קומען נאָר ווייניקע נעגערישע קינדער, און די וועלכע קומען זיינען דאָך שוין אויך פון העכסטן סאָציאַלן קלאַס. איז כסף מטהר, געלט פאַרשיינט שוין די שוואַרצע הויט. דאָס זעלבע איז וועגן צווייטן אַנגעוויטיקסטן פּראָבלעם: דאָס באַ־זעצן זיך פון שוואַרצע אין ווייסע געגנטן. נאָר געציילטע שוואַרצע קענען זיך דערלויבן קויפן הייזער און לעבן

אין די סאַמע רייכסטע קוואַרטאַלן. און די וועלכע קענען עס — געהערן דאָך שוין צו דער זעלבער ספערע, מאַטעריעל, און האָס רחב אויך קולטורעל. איז, במילא, ווידער נישטאָ קיין „געפֿאַר“, אַז אַזעלכע וועלן פֿאַרשוואַרצן די רייכע הײם־ערטער, דורך פֿאַרשמוצן די הײַזער און גאַסן און פֿאַרביליקן דעם ווערט פֿון די הײַזער.

צוזאַמען מיט אַט די מאַטיוון, און אַדאַנק די מאַטיוון, איז פֿאַראַן נאָך אַ מאָמענט, וואָס רעגט אָן די „אויבערשטע הונדערט טויזנט“ צו זײַן ליבעראַל: טאַקע דער וווילטאָג. רייכע קענען זיך פֿאַרגינען צו עקספּערימענטירן מיט אַלע נײַע מאָדעס. און צו זײַן ליבעראַל איז הײַנט אין אַמעריקע אין פֿאַסאָן. און וויבאַלד דעם סאַמע גבֿיראָקראַטישן טייל גייט נאָר אָפּ די שמד, ווי ייִדן זאָגן, און וויבאַלד עס איז מאָדערן, מען געהערט מיט דעם צום אַוואַנגאַרד, און וויבאַלד קיין געפֿאַר פֿאַרן אייגענעם אײַנגעשטעלטן לעבן איז עס נישט — טאָ קען מען זיך פֿאַרגינען צו זײַן סנאָביש פּראָגרעסיוו. און שוין פֿאַראַן געננג שוואַרצע אין אַמעריקע מיט וועמען די געלטמאַכטיקע קענען זיך לײַכט חבֿרן סאָציאַל, און אפֿילו זיך פֿאַמיליאַריזירן. און אַזאַ געמישטער שידוך איז אַפֿילו פּיקאַנט, רײצהאַפֿט, מיט אַ טראָפּעלע עקזאָטיק, וואָס פֿירט אַרויס פֿון אייגענעם ענגען, פֿאַרנודעטן קרייז. אויך אין קאָלאָניאַלן ענגלאַנד האָבן זיך פֿאַרשידוכט די סאַמע העכסטע משפּחות מיט זין און טעכטער פֿון שוואַרצע נאַטאַבלען. דאָס איז אין שטייגער, ווײַל אָט די האָבן נישט מורא און דערן ניט בתפֿעל פֿאַר דעם וואָס „די גאַס“ וועט זאָגן. זיי שטעלן דעם טאָן און זיי ווייסן וואָס עס איז דער באָן טאָן פֿון דער צײַט. אָבער — לאָמיר זיך אײַלן צוצוגעבן: ניט די מאָטיוון זײַנען אין דעם פֿאַל וויכטיק, נאָר די פֿאַקטן; און דער פֿאַקט, וואָס די וועלכע שטעלן דעם טאָן אין דער געזעלשאַפֿט זײַנען ליבעראַל אײַנגעשטעלט, ווירקט זיך אויס דערציִעריש אין קאַמף פֿאַר ראַסן־גלײַכהייט.



דער צווייטער געזעלשאַפֿטלעכער עקסטרעם, וואָס העלפֿט אײַנוואָרפֿן די ראַסן־באַריערן, און אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, איז דער קלאַס וואָס געפֿינט זיך אויפֿן

סאַמע נידעריקסטן סאָציאַלן שטאַפּל. דער אָרעמסטער ווייסער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג האָט, פּאַקטיש, אַריבערצוגיין אַ זייער נידעריקן צאַם, כּדי זיך פֿאַרברידערן מיט דעם זעלבן טייל פֿון דער שוואַרצער באַפֿעלקערונג. מאַטעריעל און קולטורעל איז צווישן זיי ניטאָ קיין מחיצה. און אָפֿט געשעט אַפֿילו, אַז דער אָרעמער ווייסער קריגט אַ קאָמפּענסאַציע פֿאַר זיין חברן זיך מיט שוואַרצע, אָדער אַריינעמען אַזאַ אין דער משפּחה — ווען אַזאַ שוואַרצער געפֿינט זיך, ווי עס געשעט אָפֿט, אויף אַ העכערע קולטורעלע מדרגה.

די פֿריינטשאַפֿט און חברשאַפֿט צווישן די אָרעמסטע טיילן פֿון ביידע ראַסן איז אַ נאַטירלעכע און אַ גרונטיקע. מען לעבט אָפֿט צוזאַמען, אין נאָענטער שכנות, מען אַרבעט צוזאַמען (אָדער מען איז אַרבעטסלאָז צוזאַמען, אויב מען וויל אַזוי, און אַ טייל ווילן עס, ווייל מען קריגט קאָנטיקע אַרבעטסלאָז־אונטערשטיצונג. אָבער יעדערער וואָס וויל באמת אַרבעטן, און אָן איבערקלייבעניש, קען האָבן אַרבעט אין אַמעריקע). די דאָזיקע טיילן, פֿון ביידע ראַסן, האָבן די זעלבע אינטערעסן, די זעלבע פֿאַרגעניגנס און אָרעמערע מענטשן צערמאָניען זיך ווייניקער וועגן „שטאַנד", אויב נאָר קיינער העצט זיי ניט און לערנט ניט דעם ווייסן צו זיין „באַוווסטזיניק וועגן זיין הויט־יחוס". און די ווייסע יוגנט פֿון אָרעמען שיכט (ווי די יוגנט בכלל) האָט ווייניקער פֿאָראורטיילן. און וויבאַלד אַ גרויסער טייל לעבט שוין אין געמישטע הייזער, אין די זעלבע גאַסן, פֿאַרברענגט מען צוזאַמען, מען פֿאַרליבט זיך און מען האָט חתונה. און ניטאָ קיין אַנדער אינטעגראַציע ווי פֿולע אַסימילאַציע. און עס קען ניט זיין קיין אַסימילאַציע אָן געמישטע חתונות. ווער עס שטעלט זיך אָפּ ביי דעם — וועט קיין מאָל ניט דערגיין צו אינטעגראַציע צווישן שוואַרץ און ווייס. ווער עס וויל אַלע פֿרייהייטן פֿאַר דער שוואַרצער באַפֿעלקערונג, נאָר ניט געמישטע חתונות, יענער דעקלאַרירט, אַז עס איז פֿאַראַן אַן איינגעבוירענע העכערקייט פֿון ווייסן, און, במילא, פֿרעגט עס אָפּ די גלייכהייט, וועלכע מען פּראָקלאַמירט. (אַן אַנדער זאַך איז אויב דער געוועזענער אונטערדריקטער צד וויל זיך ניט איילן מיט פֿולער אויסמישונג, ווי דאָס איז דער פֿאַל מיט יידן, און אויך מיט אַנדערע מינאָריטעטן, נעגערס אַריינגערעכנט. דער אונטערדריק־

טער צד האָט אַ רעכט זיך ניט צו איילן דערמיט. אָבער אויך ער וועט עס מוזן טאָן, מיט דער צייט אַלץ מער, אויב ער וועט ניט וועלן אָפּלייקענען די פרייהייט פאַר וועלכער ער האָט געקעמפט. און דערפאַר ווערט אַזוי שווער צוריקהאַלטן, אויף אַ לאָגישן אופן, די געמישטע חתונות ביי ייִדן).



דער אָרעמער טייל פון דער ווייסער באַפעלקערונג, וועגן וועלכן מיר האָבן דאָ איצט באַהאַנדלט, דאַרף ניט פאַרביטן ווערן מיטן אַרבעטער קלאַס, מיטן פאַכמאַן און איינגעאָרדנטן אַרבעטער אין פאַבריק, אין ביוראָ, אין וואַרשטאַט, מיט אָט דער טייל וואָס מיר פאַרשטייען אונטערן באַגריף פּראָלעטאַריאַט.

מאַרקס האָט גערעדט וועגן פּראָלעטאַריאַט ווי אַ קלאַס וואָס „האָט ניט צו פאַרלירן מער ווי זיינע קייטן“. אָבער היינט, און אין אַמעריקע געוויס, האָט דער פּראָלעטאַריאַט שוין יאָ צו פאַרלירן, און זייער פיל. דערפאַר איז ער אפשר דער סאַמע שטאַרקסטער פאַקטאָר קעגן אַ ראַשיקער סאָציאַלער אינטעגראַציע. ווייל אָט דער העכערער פּראָלעטאַריער האָט מורא, אַז דער שוואַרצער זאָל ניט פאַרנעמען זיין אַרבעט, זיין היים, און, פסיכאָלאָגיש, וויל ער ניט פאַרלירן דעם יחוס פון זיין ווייסע הויט. און זיין שטרעבן איז דאָך אַרויף, אַז זיין טאָכטער זאָל חתונה האָבן אין דער בעסערער געזעלשאַפט, זיין זון זאָל ניט זיין קיין אַרבע־טער. דערפאַר האָט ער אינסטינקטיוו אַ ווילן זיך אָפּצוזונדערן און דערווייטערן פון דער שוואַרצער עקספּאַנסיע, וואָס גייט, אין דער ערשטער ריי, אויף זיין לייב און לעבן.

דער העכערער פּראָלעטאַריאַט, דער יוניאָן מאַן, וועלכער פאַרדינט בערך 9,000 דאָלאַר אַ יאָר, געהערט, אין אַמעריקע געוויס, צום מיטל קלאַס, און אָט דער קלאַס, אין אַלע זיינע שאַטירונגען און שטופעס, איז שטענדיק דער קאָנסערוואַטיווסטער. ער וויל איינהאַלטן דאָס דערגרייכטע, דערגרייכט מיט שווערער מי. ער האָט מורא פאַר ביטונגען און פאַר אַראָפּנידערן פון דער סאָציאַלער מדרגה זיינער. אין אָט דעם טייל ראַמען זיך אויך אַריין דאָס רוב ייִדן. און הגם צו ייִדן קען מען האָבן

„טענות“, אויפן גרונט פון זייער אייגענער געשיכטע (ווי מען קען עס אויך האָבן, אין אַ קלענערע מאָס, צום העכערן פּראָלעטאַריאַט), העלפט עס אָבער זייער ווייניק. די „טענות“ מעגן זיין זייער באַרעכטיקטע און לאָגישע, און יידן וועלן געוויס עס צוגעבן, אָבער ווען עס קומט צו זיך — איז דאָס לעבן שטאַרקער. ווי זאָגן יידן: די העמד איז נענטער צום לייב ווי דער רעקל. דער אידייִאישער מאָטיוו שפּילט אַ גאָר גרויסע ראָליע, טאַקע ביי יידן, ווי עס איז באַקאַנט. יידן, און באַזונדערס יונגע יידן, זיינען, אידייִאיש און פּאַקטיש, אַקטיוו פאַר פולער דעסעגרעגאַציע. און עס וועט געוויס זיין שווער צו געפינען אַ יידישן מענטשן אין אַמעריקע, וואָס זאָל, אידייִאיש, באַרעכטיקן דיסקרימינאַציע קעגן דער שוואַרצער באַפעלקערונג. אָבער אַנדערש שרייבט זיך עס און גאָר אַנדערש לייענט זיך עס. אידייען — זיינען אידייען, און פּאַקטיש, ווען אַ שוואַרצער ווערט אַ שכן ביי דער אייגענער טיר, נעמט עס דער מיטלשטאַנד אויף אַן ליבשאַפט, און יידן זיינען, ווי אַ כלל, אַ טייל פון דעם מיטלשטאַנד.



דאָס נעמליכע איז צו הערן פון אַנדערע עטנישע גרופּעס, וועלכע האָבן אליין זיך אַנגעליטן — הגם ווייט ניט אַזוי פיל ווי יידן — פון לעבן אין געטאָס, און אַ טייל פון זייער ראסע ליידט פון דעם ביז היינט אין פאַרשיידענע ערטער. למשל: די כינעזישע מינדערהייט אין אַמעריקע. די כינעזער אין ניו־יאָרק, וואָס דאָס רוב פון זיי לעבן ביז היינט אין אַ פּריוויליגער אָפּזונדערונג, זיינען אפשר די שטאַרקסטע גרופּע וואָס קעמפט קעגן געמישטע לערן־שולן. אין סאַן פראַנציסקאָ האלטן די כינעזישע עלטערן אָפּ 3000 קינדער זייערע פון גיין אין שול, ווייל זיי ווילן ניט זייערע קינדער זאָלן זיך מישן מיט שוואַרצע שילער, ווי עס פאָדערט דאָס געזעץ. דער אָפיציעלער תירוץ זייערער (ווי מן הסתם פון אַ סך יידישע עלטערן, וועלכע שיקן זייערע קינדער אין עקסקלוסיווע יידישע שולן): זיי ווילן איינהאלטן די רייכע כינעזישע קולטור־ירושה, וואָס דאָס קען נאָר געשען ווען די כינעזישע קינדער לערנען צוזאַמען, אין די שולן פון זייערע וווין־ערטער. אָבער ווען מען שיקט

די קינדער אַוועק, אין קליינע גרופּעס, צווישן פאַרשיידענע אַנדערע קינדער, וועט זייער כינעזישע קולטור־ירושה ליידן. דאָס איז דער אָפיציעלער תּירוץ. אָבער אַ לערער אין סאַן פראַנציסקאָ, אַ כינעזער, האָט ניט געמאַכט קיין סוד, וואָס עס באַהאַלט זיך אויס אונטער דעם דאָזיקן תּירוץ. „ווען איר וואָלט פאַרשטאַנען כינעזיש" — האָט דער לערער דערקלערט — „און איר וואָלט געקענט זיך צוהערן די אמתע מאָטיוון פון די עלטערן, וואָלט איר געוווסט, אַז דאָס איז דער אומווילן זיך צו מישן מיט שוואַרצע קינדער".

אָבער פאַר וואָס נאָר די ייִדן און די כינעזער — אַז שוין פאַראַן שוואַרצע עלטערן, וואָס ווילן ניט אַז זייערע קינדער זאָלן זיך מישן מיט שוואַרצע — אָרעמערע אין שטאַנד און אין קולטור. ווען שוואַרצע דערגרייכן אַ העכערן לעבנס שטאַנד, און דערמיט אַ העכער מאָס קולטור (אָדער פאַרקערט), ווערן קאַנטיק איינגעבראָכן די גרענעצן צווישן זיי און דער ווייסער באַפעלקערונג וואָס אויפן זעלבן, אָדער עפּעס נידעריקערן שטאַנד. אָבער דערפאַר ווײַל שוין די אַרויפגעאַרבעטע אינטעליגענץ זיך האַלטן אַ ביסעלע ווייטער — ניט דערווייטערן זיך, אָבער זיך עפּעס אָפּרוקן פון דער שוואַרצער מאַסע. דאָס מעג אימיצן ניט געפעלן. אָבער אַזוי איז מענטשלעכע נאַטור — פון אַלע מענטשן, ווייס און שוואַרץ. ווייל דער גרונטיקסטער קאַמף איז ניט צווישן ראַסן, נאָר צווישן קלאַסן.



מאַקס מלמד, אַ געוועזענער דרום אַפריקאַנער, גענעראַל סעקרעטאַר פון „באָאַרד" (ייִדישע קהילה) אין דער קייפּ, איז איצט דער גענעראַל סעקרעטאַר פון ייִדישן וועלט קאָנגרעס. אין אונדזערס אַ שמועס איז געקומען צו רייד וועגן שוואַרצע פון דרום אפריקע, וועלכע האָבן שטודירט און שטודירן אין אַמעריקע. דאָס רוב פון זיי, דערציילט מלמד, וועלכער האָט אַן פריינדלעכע באַציאונגען מיט אַ קאַנטיקן טייל פון זיי, ווילן זיך ניט אומקערן קיין דרום אַפריקע. זיי האָבן אַ שווערן געוויסן צוליב דעם; זיי פאַרשטייען, אַז זיי טוען ניט ריכטיק, אַז זיי וואָלטן דאַרפן ברענגען זייער לערע און קענטשאַפט צו הילף פאַר זייערע אייגענע ברידער אין

דרום אפריקע. אָבער צווישן געוויסן און פּערזענלעכער באַקוועמלעכקייט, קלייבן זיי פּאָרט אויס דאָס צווייטע, די מיגלעכקייט צו געניסן פון דער פרייהייט, קולטור און ווייטערדיקע דערגרייכונגען אין זייערע אַקאַדעמישע געביטן אין אַמעריקע. דער אידעאַל און דער געוויסן מאָנט. אָבער דאָס פּערזענלעכע לעבן האָט אויך אַ וואָרט, און אָפט דעם אַנטשיידנדיקן וואָרט.

אין די שיינע טיילן פון פינפטער עוועניו, אין די אייראָפּעאישע קאַפייען פון דער מעדיסאָן עוועניו, אין דעם ווינקל דאָרטן פון די קינסטלער, פון די קונסטגאַלעריען; אין די בעסערע טעאַטערס פון בראָדוויי, אין די פינאַנס הייזער פון וואָל סטריט, אויף אַ באַלעט אין פּראַכטיקן קענעדי צענטער אין וואַשינגטאָן — אומעטום אין אָט די פּלעצער זעט מען פּאַרפּוצטע, גאַלאַנטע שוואַרצע פרויען און מענער. זיי מישן זיך פריי אין ווייסער קאָמפּאַניע, מיט מענטשן פון דער באַהעמיע און פון פינאַנס, פון קונסט און פון דער „העכערער" געזעלשאַפט. אָט די שוואַרצע גייען ניט שלאָפן אין האַרלעם. זיי ברעכן ניט די בענק אין צענטראַל פּאַרק. זיי שטופּן זיך ניט אין סאַבוויי. זיי האָבן ניט קיין שנאה צום ווייסן. און עס האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז זיי האַלטן זיך אַ ביסעלע דערווייטערט פון דער שוואַרצער מאַסע — און אין זייערע פּוסטריט וועלן נאָכגיין אַנדערע טויזנטער מאָרגן. ווייל די שוואַרצע רעוואָלוציע איז אַ סאָציאַלע. ווער עס דראַפּעט זיך אַרויף אויפן סאָציאַלן לייטער — וויל ניט גיין צוריק.

די ווייסע באַפעלקערונג, און באַזונדערס דער מיטל קלאַס, ווי שוין אָנגעוויזן, מאַכט שוועריקייטן פאַר שוואַרצע צו אַריינקומען אין די בעסערע געגנטן, אָבער דאָס העלפט ניט. און אַז מען זעט אַז עס העלפט ניט — מאַכט מען שלום מיט די פאַקטן. אויך דאָס איז מענטשלעכע נאַטור. אין די לעצטע צען יאָר איז געשטיגן די שוואַרצע באַפעלקערונג אין די „סאַבערבס" פון די שטעט צו 37 פּראָצענט. אַרום 200.000 נעגערס פאַרלאָזן די געטאָס פון די גרויסע שטעט יעדעס יאָר, זיך צו באַזעצן אין די געגנטן פון דעם מיטל קלאַס. און ווידער דאָס זעלבע: אַזוי גיך ווי זיי בירגערן זיך איין אין געגנטן פון דעם מיטל קלאַס — ווילן זיי אויפהאַלטן די ריינקייט און דעם ווערט פון די הייזער און די גוטע שול פאַר די קינדער און — די ווילן שוין ניט אַז „סתם

שוואַרצע" זאָלן זיך אַריינשטופּן אין זייערע היים־ערטער. זיי אַליין וועלן שוין די צוריקהאַלטערס פון דער עקספּאַנסיע. עס איז די אַלטע געשיכטע פון דעם וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין אַן איבערגעפּאַקטן וואַגאָן, ווען די מענטשן אין וואַגאָן האָבן געשריען, אַז „עס איז ניטאָ קיין אָרט". אָבער נאָר ווי דער נייער פּאַסאַזשיר האָט זיך אַריינגעשטופּט — שרייט ער שוין אויך, אין כאָר מיט אַלעמען אין וואַגאָן, צו די וועלכע זיינען געבליבן אין דרויסן: „ניטאָ קיין אָרט" . . . דערציילט אַ מענטש אין ניו־יאָרק, וואָס זיין אַרבעט איז צו העלפן אָפּשאַפן דיסקרימינאַציע ביים קויפן הייזער. אין אַ געגנט פון העכערן מיטל קלאַס, אַרום ניו־יאָרק, האָבן שוואַרצע געוועלט דינגען הייזער. אין דעם אָרט זיינען שוין געווען אַ קאָנטיקע צאָל שוואַרצע, וועלכע האָבן דאָרטן געקויפט זייערע היימען. האָבן אָט די זיך קעגנגעשטעלט, מיט דער טענה, אַז „די וועלכע דינגען הייזער פּאַסן ניט געבנהג אויף די ריינקייט". איינער אַזאַ בעל טענה האָט געטאָן אַ קוק דערביי אויפן בילד פון ד"ר מאַרטין לוטער קינג, דעם דערמאָרדעטן פירער פאַר שוואַרצער גלייכהייט, וואָס איז געהאַנגען אויף זיין וואַנט, און געזאָגט: „ער וואָלט ניט געווען צופרידן פון מיין טענה, אָבער דאָ איז מיין הויז" . . .



קעגן אַלע נאַטירלעכע שטערונגען, גייט אָבער פאָרויס די פּאָליטישע און סאָציאַלע ענדערונג, צו פולער גלייכהייט פאַר דער שוואַרצער באַפעלקערונג.

די פּאָליטישע ביישונג איז אין אַ גרויסע מאָס צו פאַרדאַנקען דעם געוועזענעם פּרעזידענט דזשאָנסאָן, וואָס ער האָט דערבראַכט צום געזעץ אָפּצושאַפן די עקזאַמענס פאַר לייענען און שרייבן, ווי אַ באַדינג פאַר וואַל־באַרעכטיקונג. באַלד גלייך זיינען געקומען די שוואַרצע און ווייסע בריגאַדעס, באַזונדערס יוגנטלעכע, וועלכע האָבן דורכגעפירט ווילער רעגיסטראַציעס. יידישע יוגנטלעכע זיינען געווען שטאַרק אַקטיוו אין דעם — און איניקע, יידן און ניט יידן, ווייסע און שוואַרצע, האָבן פאַרלאָרן דאָס לעבן אין דער דאָזיקער אַקציע. פאַשיסטישע כוליגאַנעס, באַזונדערס מיטגלידער פון דער קו־קלוקס קלאַן, האָבן אָפּגעוואַרט בריגאַדיסטן אויף

די וועגן און זיי דערמאָרדעט. (די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע פון ווייסע ראַסיסטן ווערט כסדר שוואַכער. אין לעצטן יאָר איז געפאַלן זייער מיטגלידערשאַפט, לויט אַ באַריכט פון דער פעדעראַלער זיכערהייטס ביוראָ, פון 6800 צו 4300, און פון זייערע גרויזאַמע מעשים הערט מען נישט מער).

היינט יאָגן זיך שוין אויך ווייסע קאַנדידאַטן אויף עפנטלעכע אַמטן, אפילו געוועזענע ראַסיסטן, פאַר די שוואַרצע שטימען — וואָס זיינען זייער אָפט, אין פאַרשיידענע ערטער, אַנטשיידנד ביי אַן אָפּשטימונג. און שוואַרצע אַליין דערגייען, אויך מיט דער הילף פון ווייסע שטימען, צו ווערן מעיאָרס אין גרויסע שטעט און צו פאַרנעמען אַנדערע הייכע אַמטן אין לאַנד.

אין די מיטעלע 60 יאָרן זיינען אין דער געגנט צווישן נאַשוויל און ניו אָרלעאַנס געוועזן נאָר 72 שוואַרצע אויף הייכע אַמטן, אין פאַרלאַמענט, ריכטער, הויפּטן פון פּאָליציי און פון שולן. היינט זיינען פון דער זעלבער געגנט פאַראַן 711 שוואַרצע רעפּרעזענטאַנטן אויף עפנטלעכע, געוויילטע ערטער, צווישן זיי 27 מעיאָרס. פאַר די קומענדיקע וואַלן האָבן אויף דעם זעלבן שטח זיך רעגיסטרירט דריי מיט אַ האַלב מיליאָן שוואַרצע וואַלבאַרעכטיקטע (און 20 מיליאָן ווייסע). אין דער ראַסיסטישער ציטאַדעל פון דעמאַגאָג דזשאָרדזש וואָלעס, אין אַלאַבאַמאַ, זיינען אין 1965 געוועזן נאָר 452 שוואַרצע וואַלבאַרעכטיקטע, הגם זיי האָבן אויסגעמאַכט 81 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. היינט האָט אפילו וואָלעס געמוזט דערקלערן, אַז „אַלאַבאַמאַ געהערט צו אַלעמען, שוואַרץ און ווייס, רייך און אָרעם“. עס איז נית קיין קליינע דערגרייכונג פאַר די שוואַרצע, אין 15 יאָר. אין דער זעלבער צייט איז אויך געשטיגן אין די דרום לענדער דער לעבנס ניוואָ פון דער שוואַרצער באַפעלקערונג, ווייל זייער אַלגעמיינער פאַרדינסט האָט זיך פאַרגרעסערט, צווישן די יאָרן 59 און 1969, אויף 178 פּראָצענט. (אין די צפון ערטער איז די שטייגונג געווען נאָך אַ גרעסערע).

— ● —

אַ פריינד, אַ ייד, אַ לערער אין האַרלעם, וואָס טוט זיין אַרבעט דווקא דאָ, צוליב אידיאַלע מאָטיוון, איז,

פונדעסטוועגן, קעגן דעם איינפיר פון „באַסינג“, וואָס מיינט דאָס צווינגען קינדער פון איין געגנט צו פאָרן לערנען אין אַ צווייטע געגנט, כדי דורכמישן די שילער, שוואַרצע און ווייסע. דאָס איז אַ געזעץ, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ סך קעגנערשאַפט ביי עלטערן. די אָפיציעלע טענה: מיר זיינען ניט קעגן מישונג, אָבער קעגן דעם אופן, קעגן „שלעפן“ קינדער פון איין געגנט אין דער צווייטער, נאָר צוליב דער אידיי פון דורכמישונג.

עס ווערט אויך אַרויסגערוקט אַ צווייטע טענה — און שוין גאָר אַן ערנסטע: די נעגערישע קינדער האָבן ניט, על פי רוב, די גייסטיקע צוגרייטונג און די סאָציאַלע באַדינגונגען פאַר דעם זעלבן לערן־פּראָגרעס, ווי דאָס האָבן דאָס רוב ווייסע קינדער. במילא ליידן די ווייסע קינדער אין זייער לערן־פאָרשריט. אָט דערפאַר איז דער לערער אין האַרלעם קעגן דער געצוווּנגענער מישונג. ער ווייזט אויך אָן, אַז דער צוואַנג העלפט ווייניק צו איינשטעלן פאַקטישע חברשאַפט צווישן שוואַרץ און ווייס. „אַזוי גיך ווי די קינדער פאַרלאָזן די שול־באַנק, גייט יעדערער צו זייניקע“. (ווי דאָס בילד וועלכן מיר האָבן געזען נאָכן כאָר־געזאַנג). אָבער —

אָט זיינען מיר אין אַ לערן־שול, אין איינעם פון די רייכסטע קוואַרטאַלן פון ניו־יאָרק. אויפן הויף שפּילן זיך ווייסע און שוואַרצע קינדער צוזאַמען. און נאָך מער — זיי שלאָגן זיך צוזאַמען, ניט שוואַרץ קעגן ווייס, נאָר קינדער קעגן קינדער. מיר שטייען לאַנגע מינוטן און קוקן אויף דעם בילד, ווי די קינדער מחנות זיינען צעטיילט לויט „אידייען“, און ניט לויט הויט־קאָלירן. און ווי נאָר עס צעקלינגט זיך דאָס גלעקל, רופט צו אַ נייע לעקציע אין קלאַס — זיינען שוין די קריגערישע צדדים חברים, ווייל אַלע צוזאַמען ווילן ניט גיין אין שול אַריין . . . זיי ווילן ניט, ווי אַלע קינדער, ווייס אָדער שוואַרץ, אין אַמעריקע ווי אין אַלע ערטער פון דער וועלט. אָבער — ווי אין אַלע ערטער, גייען זיי. און דאָ — גייען זיי שוואַרץ און ווייס ביינאַנד, אין דער זעלבער ריי, אין דעם זעלבן קלאַס־צימער פון דער זעלבער שול, צוזאַמען.

איז דאָס דער צוקונפט־בילד פון אַמעריקע ?

דער וועג איז לאַנג און שווער, אָבער קיין ספק ניט, אַז עס גייט צו דעם.

# אונטער איין דאַך

די אָרגאַניזאַציע פֿון די פּאַראַייניקטע פֿעלקער. דאָס איז געווען איינער פֿון „מיינע אַדרעסן“ אין ניו־יאָרק. איך בין געפֿאָרן זען אַמעריקע און — די „יונייטעד ניישאַנס“. ביידע זיינען געווען אויף דער זעלבער מדרגה אין דעם ווילן צו זיין און צו זען. און אויב מען וואָלט געדאַרפֿט אויסקלייבן צווישן ביידע — וואָלט דאָס צווייטע געווען אויפֿן ערשטן אָרט.

מיר ווייסן אַלע די פּאָליטישע צעטיילונגען וואָס קומען צום אויסדרוק אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע, וועלכע דאַרף פֿאַראייניקן די וועלט; מיר ווייסן איר ניט דערגאַנגענקייט צום אָנגעצייכנטן ציל, און די אינטעריגעס, וואָס שפּילן זיך דאָרטן אָפּ. אָבער די דאָזיקע אינסטיטוציע דאַרף דאָך פֿאָרט זיין אַן אָנהייב אין גאַנג צו אַ מער מענטשלעכע וועלט, פֿאַר אַלע מענטשן; זי האָט עס געקענט ווערן, ווי זי האָט עס געזאָלט ווערן. נאָר אפֿילו מיט אַלע גערעכטע טענות און ביטערנישן קעגן אַ סך פֿאָרקומענישן אין דעם גלעזערנעם בנין ביים איסט ריווער — איז עס פֿאָרט אַ סימבאָל פֿון אַ פּרוּוו פֿאַר פֿעלקער־פֿאַרשטענדעניש. און ווער פֿון אונדז איז אַזאַ רשע, וואָס גאַרט ניט צו דער פֿאַרשטענדעניש פֿון פֿעלקער, צו דעם אָפּשאַף פֿון ראַסן האַס (און אויך קלאַסן האַס); צו אַ וועלט פֿון לאָגישער ליבשאַפֿט צווישן אַלע מענטשן. און אָט דער „היכל“ פֿון דער פֿעלקער־פֿאַרזאַמלונג איז דאָך פֿאָרט עפּעס אַן אָנהייב, אָדער כאָטש אַן אָנווונק אויף דעם אַלטן נביאישן חלום וועגן „ויעשו כולם אגודה אחת“. דער חלום־פּסוק וואָס איז טאַקע אַריינגעקריצט אין די יסוד־שטיינער פֿון דעם בנין פֿון די פֿאַראייניקטע נאַציאָנען. דערפֿאַר איז געווען אַזוי שטאַרק די פֿאַרטייעטע גאַרונג צו זיין און צו זען

אַלע פּעלקער פֿאַרזאַמלטע אונטער איין דאַך — כאָטש אונטער איין דאַך.



איך בין אָנגעקומען צום בנין פֿון יונ״אָ צוזאַמען מיט צוויי דעמאָנסטראַציעס, ביידע כינעזישע. איינע, אַ גרויסע, פֿון כינעזער מיט אַ צושפּרינקל פֿון אייראָפּייער, מיט אַ וואַלד בילדער פֿון מאַאָ, וואָס פֿאָדערט דאָס אַריינעמען פּעקינג אין דער פֿעלקער אָרגאַניזאַציע. די צווייטע, אַ קלענערע, כינעזער אָנגעפֿירט פֿון אייראָפּייער, וואָס פֿאָדערט דאָס פֿאַרקערטע. די טראַנספּאַרענטן פֿון די צווייטע זאָגן: מאַאָ איז אַ מערדער, ער האָט געטאָן צו די קריסטן אין כינע דאָס זעלבע וואָס היטלער צו די יידן. זיינען מיר, יידן, שוין אויך אין מיטן. אונדזער חורבן, גייט דאָ, אַנאַלאָגיש, צו כינע, און ווערט אויסגעשריען אויף די גאַסן פֿון מאַנהעטן, ביים שוועל פֿון דער וועלט, פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער.

ביידע דעמאָנסטראַציעס גיבן אַ שטורעם אריין איינע אין די אַנדערע, מישן זיך אַדורך, ווערן איינס אין זייערע קולות און אין זייער קעגנערשאַפֿט. אָבער פּונקט אַזוי ראַשיק טראָגט זיך אויך אָן פּאָליציי. זיי קומען פֿון אַלע זייטן, פֿון אַלע גאַס־ווינקלען, אין פֿאַרשיידענע פֿאָרמאַציעס. זיי זיינען געזעסן פֿאַרקאָנספּערירטע אין אויטאָס, אין הייפֿן. איצט מאַרשירן זיי צו צעטיילן די דעמאָנסטראַנטן, ניט דערלאָזן צו קיין געשלעג. אָט זיינען שוין פֿאַראַן אויך רייטער פּאָליציי, און מאָטאָר־ציקליסטן און פֿייער לעשערס. אַלץ איז געווען צוגעגרייט. די פּאָליציי גייט אָן רואיק, אַפֿילו פֿריילעך. עס דאַרף הייסן: מען איז דאָך פֿאָרט ביים בנין פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער. טאַקע קעגנערס, וואָס דאַרפֿן די הילף, אָדער די פּראָטעקטירונג פֿון פּאָליציי, אָבער אָן בייז, מען וועט דורכקומען. אַזוי נעם איך אויף דאָס בילד. אַזוי געפֿעלט מיר צו טראַכטן. און דערפֿאַר מיש איך זיך אָן מורא צווישן די דעמאָנסטראַנטן. ווייל אויך די דעמאָנסטראַציעס דאַרף מען אויפֿנעמען ווי אַן אויסדרוק פֿון דעם געדאַנק, וואָס דער דערבייאיקער בנין סימבאָליזירט: מען קריגט זיך טאַקע, מען קעמפֿט פֿאַר אידייען און מיינונגען, אָבער צו קיין שלעגעריי וועט מען ניט דערלאָזן, צו קיין בלוט־פֿאַרגיסונג וועט

ניט קומען. עס איז נאָר אַ דועל פון ווערטער, פון פענער און פון פלאַקאַטן . . .

פארלאנגזאם דיינע טריט, זוען דו טרעטסט אַריבער דעם שוועל פון דער פעלקער־פאַרזאַמלונג. אַזוי זאָג איך צו זיך. אַזוי וויל איך אָנאָטעמען אין זיך דאָס געפיל פון יראת הכבוד און פון דרך ארץ און פון התרוממות. איך ווייס אַז דאָס איז נאַיוו און בטלנות אין 1971. אפשר אין 1946, ווען די יו״נ״אָ איז געשאַפן געוואָרן, אפשר נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די פעלקער ליגע, די פאָרויס־גייערין פון יו״נ״אָ, ווען מענטשן האָבן נאָך געלייגט גרויסע, ערלעכע האָפנונגען אויף אַזאַ פאַרזאַמלונגס אָרט פון פעלקער, האָט מען געקענט און געדאַרפט אַריינגיין אין אַזאַ בנין בדחילו ורחימו, מיט דעם פחד פון פאַרערונג. אָבער היינט — ווען מען גייט דאָ מיט די גראָבסטע טריט, ווען אימיצער האָט דאָ שוין אפילו געקלאַפּט מיט זיין שוך אויפן טיש, ווען דאָ זיינען שוין געהערט געוואָרן די וווּלגאַרסטע רייד, ערגער ווי פון שכורים אין אַ שענק, — וואָס איז היינט פאַראַן דאָ צו ווערן נתפעל. איז טאַקע שווער אַרויסצוציטערן ביי זיך אַ געפיל פון דרך ארץ. און דאָך — וויל איך עס זאָל זיין אַזאַ געפיל, און עס געשעט ווי איך וויל.

ביי דער אינפאָרמאַציע אָפּטיילונג שמייכלען אַנטקעגן אויגן און פנימער פון אַלע הויט־קאָלירן, ווי עס געהער צו זיין, סיי די שמייכלען און סיי די מישונגען פון קאָלירן, אין דעם דאָזיקן בנין.

אַ בחור פון מאַלעזיע פירט מיר צו דער פרעסע אָפּטיילונג. אויפן קורצן וועג, אין ליפט און דורך די קאָרידאָרן, זיינען מיר שוין פריינד. אויך דאָס געהערט דאָך צום גייסט פון דעם בנין.

דער פרעסע שעף איז אַן ענגלענדער, און אפשר אַן אַמעריקאַנער — וואָס איז דער חילוק, דאָ דאַרף קיינער דאָך ניט אַרויסשטעלן זיין פאָליטישע באַזונדערקייט, נאָר גראָד דאָס וואָס פאַראייניקט אַלעמען: מענטש. מיינע קרעדענציאַלן זיינען באַשיידענע זייער, פון אַ קליינער צייטונג אין יידיש. אָבער דאָ — דאַרפן דאָך זיין אַלע גלייך. דויערן די פאָרמאַליטעטן טאַקע ניט לאַנג. אָט האָב איך שוין מיין קאַרטע, אָנגעהאַפטן צום לאַץ, און אָט אויך אַ שיינע באַגלייטערין, אַ יונגע אינדיערין, אין אַ געבלימטער סאַרי, איר נאַציאָנאַלן טראַכט. זי דאַרף

מיר פאַמיליאַריזירן אין דער געבײדע, װײַזן און לערנען װוּ עס געפינען זיך די פאַרשײדענע אָפּטײלונגען, די קאָפּערענץ־זאַלן, די ערטער פון די פעלקער־דעלעגאַציעס, דער רעסטאָראַן, װוּ און װי איך װעל קריגן מײַן אינפאָרמאַציע און װי איך װעל קענען שיקן מײַנע טעלעגראַמעס . . . איך גײ איר נאָך און לאָז זיך לערנען, װי אַ דאָרפסמאַן װאָס קומט צום ערשטן מאָל אין שטאָט און האָט מורא אַריבערשפּרײַזן די גאַס.

אונדזער ערשטער אָפּשטעל איז בײַ מײַנע „קאָלעגן", די פאַרשטײערס פון דער װעלט־פּרעסע. די טעלעװיזיע און בײס־אַגענטורן האָבן אײגענע צימערן, מיט טעלעװיזיע אַפּאַראַטן, װאָס גיבן זײ איבער, אין זײערע אײגענע צימערן, דעם גאַנג פון פאַרהאַנדלונגען אין דער פול־פאַרזאַמלונג אָדער אין די אַנדערע ערטער. זײ זעען און הערן, און שיקן גלײַך דאָס געהערטע און געזעענע װײַטער, דורך זײערע טעלעפּרינטערס, טעלעפאָנען און קאַמערעס, צו די טעלעװיזיע סטאַנציעס און רעדאַקציעס, כדי אינפאָרמירן זײערע מיליאָנען זעערס און לײענערס. די פאַרשטײערס פון קלענערע צײַטונגען האָבן אײגענע טישן. (מען װיל גרײטן פאַר מיר אױך אַזאַ טיש. אָבער איך באַדאַנק, ײדישלעך: באַמיט זיך ניט, עס איז ניט נױטיק, איך — אָדער מײַנע לײענער — זײַנען ניט הונגעריק . . .).



אין דעם גרױסן זאַל פון זיכערהײטס־ראַט. אױפן טיש, װאָס זעט אױס װי אַ פּאָדקעװע — כדי אַלע זאָלן דאָ זיצן װי גלײַכע — שטײען שילדעלעך מיט די נעמען פון די גרױס־מאַכטן, װעלכע פירן דאָ טיש. פאַראַן אָבער איצט אױך אַ שילדעלע מיטן נאָמען פון ישׂראל. דאָס איז דערפאַר, װײַל נעכטן האָט מען דאָ באַהאַנדלט די פּראַגע װעגן ישׂראלס צוריקטריט פון די שטחים, װעלכע זײַנען פאַרנומען געװאָרן אין 1967. און דער אָנגעקלאָגטער האָט שטענדיק אַ רעכט, אָדער אַ פליכט, בײַצוזײַן, זיך צו פאַרטײדיקן. עס איז ניט צום ערשטן מאָל װאָס דער זיכערהײטס־ראַט נעמט ישׂראל אױף זײַן אָפּעראַציע טיש, כדי אױסקױשנײַדן פון איר גלידער. אָבער נעכטן זײַנען די דאָקטוירים געװען באַזונדערס האַרצלאָז. זײערע װאָרט־מעסערס זײַנען געװען טעמפּ

און אַלע אין איינעם האָבן באַשלאָסן, אַז ישׂראל מוז זיך לאָזן אַמפּוטירן אַ האַלבן גוף — און אָן נאַרקאָטיק, אָן אַ באַרואיקונגס טרונק: קיין שלום־אָפּמאַך און קיין צוזאָג אויף אַזאַ אָפּמאַך.

איצט איז דער זאַל לײדיק, לײדיק, טונקל און שטיל. איך זיץ און שווײַג. מײַן באַגלייטערין — אפשר באַנעמט זי מײַן שווײַגן — שווײַגט מיט. איך ווייס אַז עס איז ניט קיין פֿאַרגלײַך, און דאָך דערמאָנט מיר די שטילקייט אַ פֿאַרנאַכטיקן בית הקברות.

פֿאַראַן אַ באַזונדערער זאַל צו פֿאַרהאַנדלען די פּראָבלעמען פֿון „טראַנסטישיפּ", פֿון טעריטאָריעס וועלכע געפֿינען זיך אונטער פֿרעמדע מאַכטן, אָדער אַזעלכע וואָס קעמפֿן פֿאַר זעלבסטשטענדיקייט. ניטאָ שוין הײַנט קיין סך אַזעלכע, אָבער דער זאַל דאָ איז אַ גרויסער, און די קאָנפֿערענצן אַ סך. הײַנט איז דאָ ווידער באַהאַנדלט געוואָרן די פֿראַגע וועגן סאַוט וועסט אַפֿריקע. מײַן חנוודיקע באַגלייטערין פּרובירט מיר „פֿאַמיליאַריזירן" מיטן פּראָבלעם, אַז דרום אַפֿריקע דאַרף אָפּגעבן סאַוט וועסט, לאָזן איר ווערן אַ זעלבסט־שטענדיקע מדינה. איך בין מסכּים. ווײַל זי שמייכלט אַזוי שיין און רעדט אַזוי קלוג, אַז עס איז ווערט איר אָפּצוגעבן אַ גאַנצע מדינה . . .



מיר גייען דורך אַ לאַנגען קאָרידאָר און שטעלן זיך אָפּ ביי אַ באַבילדערטן וואַנט. אין ריי פֿאָטאָגראַפֿישע בילדער ווײַזן די אַראַבישע פּליטים, „וואָס ישׂראל האָט פֿאַרטריבן", און ווי די הילפֿס־אָרגאַניזאַציע פֿון יונ"אָ שטיצט זיי. די צווייטע קאָלעקציע בילדער איז אויך וועגן פּליטים, פּרישערע, פֿון פּאַקיסטאַן אין אינדיע. איך דערצייל מײַן באַגלייטערין אַז איך בין געווען אין פּאַקיסטאַן, אויפֿן גרענעץ פֿון איר לאַנד, און אַז איידער עס זײַנען דאָרטן געווען פּליטים, פֿאַר דער ברודער מלחמה אין פּאַקיסטאַן, איז דאָרטן אויך געווען עלענט און הונגער; אַז כּמעט אַלע מענטשן אין פּאַקיסטאַן זעען אויס ווי אָט די פּליטים אויף די בילדער דאָ. אָבער איך קען אויך די אַראַבישע פּליטים, און זיי איז הײַנט בעסער, סאָציאַל, עקאָנאָמיש, ווי פֿריער. און זיי האָבן אַראַבישע ברודער־לענדער, וועלכע זײַנען לײדיק, נאָר יענע ווילן

ניט אַריינעמען די פּליטים. אָבער ישׂראל האָט יאָ אַריינגענומען פּליטים, מיליאָנען, ייִדן, וועלכע האָבן געמוזט אַוועק פון די אַראַבישע לענדער, ווו מען האָט זיי באַהאַנדלט ערגער ווי אײַזלען; פון לענדער אין אייראָפּע, ווו מען האָט אומגעבראַכט פון זיי מיליאָנען. און אויך הײַנט נעמט ישׂראל אויף פאַרפאָלגטע ייִדן פון אומעטום, אַבי נאָר מען לאָזט זיי אַרויס. איז פאַר וואָס געהערן דאָ ביידע ביִלדער קאָלעקציעס צוזאַמען? ווען מען פרעגט מיר, וואָלט ישׂראל דאָ ניט אַריבערגעטראָטן דעם שוועל, אײדער מען באַזײַטיקט ניט די דאָזיקע ביִלדער, וואָס זײַנען אַ פאַלסיפיקאַט פון די פאַקטן און העצעריש קעגן אַ מיטגליד־מדינה פון יו״נ־אָ. ווייל . . . אָ, דאָס פּנים פון מײַן באַגלייטערין ווערט פאַרכמורעט און איך דערפיל ווי איך מאַך דאָ אַ תּל פון דער פרײַנדשאַפט, וואָס האָט זיך ערשט אָנגעהייבן פאַרוועבן אין דעם בנין פאַר פעלקער־פאַרשטענדיקונג . . .



אין דער פול־פאַרזאַמלונג, אין האַרץ פון דער וועלט, גייען איצט אָן די באַגריסונגען צום אויסוואַל פון דעם נײַעם פאַרזיצער, מאַליק, פון אינדאָנעזיע. צום פּאָדיום גייט מדינה נאָך מדינה, צו ברענגען באַגריסונגען און גוטע ווונטשן — און די ווונטשן זײַנען אַלע גוטע, שיינע, אײדעלע רייד און שלומדיקע סענטימענטן פאַר דער וועלט. יעדעס לאַנד מיט איר נוסח, מיט איר טאָן, מיט איגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע רייד־פאָרמען. די וועסטלעכע פאָרשטייערס קענען זיך אין דעם ניט פאַרגלײַכן צו די פון מזרח און אָריענט. די אַראַבישע פאָרשטייערס ריידן זיס, זינגעוודיק, מיט אָריענטאַלישע פרײַנדשאַפט ביים אויפנעמען אַ גאַסט. די דעלעגאַטן פון אַזיע פאַרגעסן ניט צו דערמאָנען, אַז דער אויסדערוויילטער איצט איז אַ ברודער זייערס, אַזוי ווי דער גענעראַל סעקרעטאַר. מען איז טאַקע אין דער פאַראייניקונג פון דער וועלט, אָבער נאַציאָנאַלער, אָדער רעגיאָנאַלער שטאָלץ דאַרף ניט פאַרגעסן ווערן און עס איז ניט קיין חטא עס צו דערמאָנען — כּדי דערמיט טאַקע אָנצוווײַזן אויף דער גלײַכהייט פון פעלקער, וואָס הערשט אין דעם דאָזיקן הויז.

עס רעדט דער פאָרשטייער פון פאַקיסטאַן. ער

דערמאָנט ניט מיט קיין איין וואָרט די פּליטים פון זיין לאַנד, דעם געקריג מיט אינדיע, די פּראָבלעמען זיינע. ניט איצט, אין דער פייערלעכער שעה, איז די צייט פאַר טרויעריקע רייד.

און אָט גייט צום פּאָדיום, מיט שטאַרקע, זעלבסט־זיכערע טריט, דער אויסערן מיניסטער פון רוסלאַנד, אַנדריי גראָמיקאָ. ער רעדט רוסיש, פאַרשטענדלעך. די ווערטער זיינען שטייפע און רונדע, אָפּגעטאַקטע וואַצן, ווי עס געהער פאַרן פאַרשטייער פון אַ מאַכט און פון אַ לאַנד, וווּ אַלץ איז קלאָר, גראַדליניק, פאַרשטענדלעך, שכלדיק, דיאַלעקטיש צוגעשניטן און וויסנשאַפטלעך פּלאַנירט. נישטאָ קיין אָרט פאַר סענטימענטן און פאַר צווייפלונגען, פאַר אויסדריקן גוטע האָפענונגען, ווי דאָס האָבן געטאָן די אַנדערע דעלעגאַטן. מען דאַרף טאָן גוטע מעשים, לויט אַ באַשטימטער, קלאָרער ליניע, און אַלץ וועט זיין גוט. און די ליניע איז: קעגן אַגרעסיע, פאַר שלום, קעגן אַלע שטערער פון שלום. ווער זיינען די שטערערס? ניט נייטיק צו זאָגן, מען ווייס דען ניט? אָפּגערעדט, לאָזן זיך די האָפּטיקע טריט צום אַרויסגאַנג — און דעלעגאַטן, דורך די רייען, הייבן זיך אויף אים צו באַגריסן. דאָס רוב שוואַרצע און אַראַבישע דעלע־גאַטן נעמען אים אַרום, שמייכלענדיקע, מיט הכנעה, בויגן און בוקן זיך. אָט איז גראָמיקאָ לעבן די בענק פון דער פּרעסע. אויך פון דאַנען ציען זיך צו אים הענט און שמייכלען. מיינע הענט־פלאַכן קיצלען, אים אויך אַריינצוגעבן אַ שלום עליכם, אָט טאַקע אַזוי: „אַטשים כאַראַשאָ“, זייער שיין גערעדט, נאַ, האָב אַ באַגריסונג אויך פון אַ יעווריי, וואָס איז טאַקע מסכים מיט דיין יעדן וואָרט — אויב נאָר עס גייט אויפן ריכטיקן אַדרעס.



אין פאָיע פון דער פול־פאַרזאַמלונג איז אַ פרייליכער גערודער, ווי אויף אַ היימישע חתונה. די דעלעגאַטן פון אַלע לענדער קומען און גייען דורך אָט דער טיר, טרעפן זיך אין קאָרידאָר, באַגריסן זיך און מיידן זיך אויס, פירן זיך געאָרעמט און שמועסן פאַרטרויליעך, קאַסירן איין קאָמפּלימענטן פאַר געהאַלטענע רעדעס, פאַר דעם וואָס זיי האָבן געזאָגט, און פאַר דעם וואָס זיי האָבן פאַרשוויגן. עס איז אַ פּאָליטישער טרעף־פונקט

פֿון דער וועלט. מען קען זיך דאָ רייבן פֿלייצעס מיט די אויסגעקליבענע נעמען, וואָס אַלע אויערן זיינען אָנגעוואַנגען צו זייערע ליפּן, וועמענס יעדער וואָרט ווערט געוויגן און געמאָסטן, קאָמענטירט און געטייטשט.

אַ מענטש גייט פֿאַרביי. אומדזיכערע אויגן באַגעגענען זיך. מיר פֿאַרשן זיך אַ ווײַלע מיט אומזיכערע בליקן און — גיבן זיך אַ וואָרעמען שלום עליכם. מיר האָבן זיך געקענט, מיט אַ סך יאָרן צוריק, ביי גאָר אַנדערע באַדינגונגען, און האָבן זיך איצט דערקענט. ער איז אַ העכערער פֿונקציאָנער אין גענעראַל סעקרעטאַריאַט דאָ. מיר פֿאָרן אַרויף צו זיין ביוראָ, וואָס איז אויפֿן העכסטן שטאָק, בשכנות פֿון דעם גענעראַל סעקרעטאַר. פֿון זיין ביוראָ־פֿענצטער זעט מען גאַנץ מאַנהעטן, דעם איסט ריווער און דעם האַדסאָן, און העט ווייט אַוועק — און געדארפֿט וואָלט מען זען פֿון דאַנען די גאַנצע וועלט. און געוויס זעט מען טאַקע פֿון דאַנען די גאַנצע וועלט. נאָר מענטשלעכע אויגן, ווי אַלע מענטשלעכע חושים, זיינען באַגרענעצט; פֿאַראַן דיסטאַנצן, נענטערע און ווייטערע, און ניט אַלע קען מען זען מיט דער זעלבער קלאָרקייט, — אפֿילו פֿון דעם העכסטן שטאָק אין יו״ען־אָ, פֿון דעם פֿענצטער פֿון דעם גענעראַל סעקרעטאַר דאָ. אָבער פֿאַר מיר איז סיידוי דער דאָזיקער צימער, און דער אויסבליק פֿון דאַנען, געווען עטלעכע מאָל אַ גוטער אָבסערוואַטאָריע, צו אַרויסקוקן אויף דער רויִקער מאַנהעטן און זיך אָפּרוען פֿון דעם וועלט־טומל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם בנין אונטן.

# ישׂראל, געזען פֿון יונ״אָ

מען האָט אָנגעזאָגט אַז ישׂראלס אויסערן מיניסטער וועט היינט האַלטן אַ גרויסע רעדע אין יונ״אָ. עס איז געווען אויף מאָרגן נאָך יום כּיפּור. דער טאָג האָט מיך אויסגעזען סימבאָליש. איך האָב טעלעפאָנירט אין יונ״אָ, זיך דערוויסן וועלכע צייט ער וועט ריידן. דער ענטפֿער איז געווען, אַז עס זייַנען דאָ צוויי רעדנער פֿאַר אים, און די זיצונג הייבט זיך אָן האַלב נאָך צען. איך האָב געהאַט אַ האַלבע שעה און אַ לאַנגן וועג. אָבער עס איז אַזוי געשען, אַז די טאַקסי, וועלכע איך האָב „געכאַפּט", האָט געהאַט אַ ייִדישן שאָפֿער, וואָס איז אויך געווען ייִדיש־לעך באַרייִדעוודיק. און ווי נאָר ער האָט זיך דערוווּסט וווּהין און צו וואָס איך איַל זיך — איז שוין דער אויטאָ געלאָפֿן ווי אַ פֿייל פֿון בויגן, דורך זייַטיקע וועגן, צו אויסמייַדן די טראַפֿיק, און מיר האָבן געגרייכט צום ציל אין דער רעכטער צייַט.

דער זאַל פֿון דער פֿולפֿאַרזאַמלונג איז ניט פֿול. עס פֿעלן אויך אַ סך פֿון די הויפּט מחותּנים, פֿון די וועלכע וואָלטן דאָ געדאַרפֿט זייַן, מיט אָפֿענע אויערן, צו הערן ישׂראלס וואָרט. דער סאָוועטישער אויסערן מיניסטער איז ניטאָ. מען זאָגט אַז ער איז שוין צוריקגעפֿאָרן קיין מאָסקווע. אָבער פֿאַראַן אין זאַל דער שטענדיקער פֿאַר־שטייער פֿון רוסלאַנד, יאַקאָב מאַליק, און פֿאַראַן עטלעכע פֿון זייַנע געהילפֿן. די אַראַבישע דעלעגאַציעס זייַנען

שיטערע. אַנדערע זיינען אין גאַנצן ניטאָ. איך זוך מיט די אויגן דעם עגיפּטישן אויסערן מיניסטער, מאַכמוד ריאַד, און ניטאָ ער. אויף די בענק פון סאַוד אַראַביע איז ניטאָ קיין איין דעלעגאַט. עס שטייט זיי ניט אָן צו הערן ישראלס רייד, אַזוי ווי.ט אויס, אָדער זיי האָבן בילכערע ענינים. די פאָרשטייערס פון לבנון זיינען דאָ, אַלע. מיין אָרט, אין דער פּרעסע גאַלעריי, איז הינטער זייערע פּלעצער, ממש מיטן האַנט צו דערלאַנגען. איך וויל אַרויס־לערנען עפּעס פון זייערע באַוועגונגען, אָבער זיי באַוועגן זיך ניט. זיצן פאַרקראַמפּטע, ווי מומיעס. ירדן, וואָס זיצט נאָענט צו ישראל, האָט איבערגעלאָזן איין פאָרשטייער.

ישראלס דעלעגאַציע איז אין פולן באַשטאַנד. ישראל געפינט זיך אין דער פערטער ריי פון רעכטס, די אַכטע ריי פון פראַנט, ביים זייט פון איטאַליע. אין פראַנט זיצט גוואַטעמאַלאַ און הינטן ליבעריע. אָבער אין דער אמתן איז ישראל — איינזאַם, אַליין, ווי זי וואָלט ניט געווען איין מדינה צווישן די 131, נאָר איינער אַליין, אויף אַן אינדזל פון איין. ניט נאָר פילט מען עס, נאָר מען זעט עס ממש. דעלעגאַטן פון אַנדערע מדינות ביגן זיך אָן איינע צו די אַנדערע, קומען צו, בייטן אום אַ וואָרט. ניט מיט ישראל. אַן עם לבדד, אַן אויסגעזונדערט פאָלק — אויך דאָ.

די פנימער פון ישראלס דעלעגאַטן זיינען ערנסט, פאַרצויגן מיט אומעט, ווי דאָס פנים פון אַ געמשפּט'ן אין אַ גרויסן געריכט זאַל. אבא אבן אַרבעט נאָך איבער זיין רעדע. ער גייט איבער דעם טעקסט, לייענט אָנגעשטרענגט, מיט די אויגן אַריינגעגראָבן אין פּאַפּיר, ברענגט נאָך אַריין ענדערונגען. קיינער פון זיינע מיט־אַרבעטער אין דער דעלעגאַציע שטערט אים ניט, „העלפט אים ניט אַרויס" מיט אַ לעצטמינוטיקע „עצה", און ער איז אויך זיך שוין ניט שואל עצה מיט זיי. עס מאַכט דעם איינדרוק ווי אַ גרויסער אַדוואָקאַט קאָנטראָלירט צום לעצטן מאָל זיין פאַרטיידיקונגס רעדע, און זיינע חברים, יונגערע אַדוואָקאַטן, דאַרפן אים ניט שטערן. אימיצער גייט אָן מיט גיכע טריט און גיט איבער אַ צעטעלע צו דער דעלעגאַציע. געוויס אַ לעצטע וויכטיקע ידיעה, וואָס ירושלים האָט געשיקט, וואָס מען האַלט דאָרטן פאַר נויטיק אַריינצוגעבן אין דעם טעקסט פון אבא אבן'ס רעדע. יוסף תקוע לייענט דעם מעסעדזש, גיט עס צו זיינע חברים, עס גייט פון האַנט צו האַנט. זייערע אויגן קוקן

זיך איבער, אָבער דער בריוול דערגייט ניט צו אבא אבן. די אויגן האָבן באַשלאָסן, אַז עס איז ניט וויכטיק.



די שטימע פון פאָרזיצער, דעם אינדאָנעזיער מאַליק, דערקלערט טרוקן, אין דעם שווערן אַזיאַטישן אַקצענט:

— דאָס וואָרט האָט זיין עקסעלענץ דער אויסערן מיניסטער פון איזראַעל, ה׳ אבא אבן.

אבן גייט צום פּאָדיום מיט גיכע טריט. קיין ענדערונג אין זאַל און אויך ניט אויף די פּנימער פון פאָרזיצער און פון דעם גענעראַל סעקרעטאַר או טאַנט, וואָס זיצט איצט לעבן פאָרזיצער.

אבן גייט דורך די פּרעלעמענאַרע העפלעכקייטס ווערטער, צו באַגריסן דעם אויסוואַל פון פאָרזיצער, צו אָפּצייכענען די גוטע אַרבעט פון גענעראַל סעקרעטאַר, און שוין איז ער אין די רעכטע געדיכטע פון פּראָבלעם, ישראלס טענות און פאָרליגן. עס איז אַ לאַנגער צעטל פון אָנווייזונגען, מאָטיוון באַקאַנטע, היסטאָרישע געשעענישן פון פאַר און זינט דער מלחמה פון יוני 1967, דורכגעפאַלענע שלום־באַמיאונגען און גרייטקייטן פון ישראל צו פאַרהאַנדלונגען. און אַלץ איז דאַטירט און גוט דאָקומענטירט, און דאָס לשון פון רעדנער איז קלאָר און שאַרף. איך טו אָן די האָרד־טרייבלעך צו הערן דעם רוסישן איבערזעצער. איך ווייס אַז דער איבערזעצער איז אַן איינגענער ייִד, פונדעסטוועגן ווילט זיך פאָרט הערן ווי אבא אבן „קלינגט" אין רוסיש. איך לאָז זיך אויך ווייליגיין צו הערן דעם נאָמען פון ישראל אַרויסגערעדט פון איבער.עצער אין שפּאַניש, אין פראַנצויז, און, דער עיקר, אין כינעזיש. איך האָב שוין סיזוי דעם פולן טעקסט פון דער רעדע, איז לאָמיך האָבן די הנאה פון הערן ווי דאָס וואָרט ישראל רעדט זיך אַרויס אין כינעזיש — עס איז דאָס איינציקע וואָרט וואָס איך קען פאַרשטיין אין כינעזישן לשון און די איינציקע כינעזישע הנאה וואָס אַ ייִד קען דאָ האָבן.

צוויי ישראלדיקע זשורנאַליסטן וואַרפן זיך איבער מיט צאָרנדיקע ווערטער וועגן דער רעדע. זיי האָבן ביידע עצות פאַר אבא אבן, גאָלדערנע עצות, ווי עס זעט זיך פון זייער אויפרעקונג, וואָס און ווי צו זאָגן דאָ, און אבא אבן האָט זיך ביי זיי ניט אָנגעפרעגט. „וואָס רעדט ער

אַזוי לאַנג", "וואָס איז דאָ פֿאַראַן אַזוי פֿיל צו ריידן?", זאָל ער זאָגן אַז . . .". אָבער אבא אבן, זאָגט זיך דאָס זייניקע: "קיין אינטערנאַציאָנאַלער אָפּמאַך איז נאָך ניט דערגרייכט געוואָרן, אין ערגעץ ניט, אין קיין צייט ניט, דורך דער מעטאָדע, וואָס עגיפּטן לייגט פֿאָר צו באַנוצן קעגן ישׂראל".



אבא אבן פֿאַרנעמט זיך איצט פֿון דאָס ניי צו דערקלערן די רעזאָלוציע 242, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דעם 22טן נאָוועמבער 1967. אין די איבער פֿיר יאָר, זינט דער זיכערהייטס ראַט האָט אויף זיין סעסיע 1,382 איינשטימיק אָנגענומען די רעזאָלוציע, זיינען שוין אָנגעהויפּט געוואָרן בערג פּאַפּירן, וועגן יעדן פּינטל פֿון יעדער אות אין דער רעזאָלוציע. יעדער צד האַלט זיך ביים זייניקן. ישׂראל זאָגט: די רעזאָלוציע רעדט וועגן צוריקציִען זיך פֿון שטחים, ניט פֿון די שטחים. מיינט עס: אַ טייל שטחים. וועלכע, פֿון וויפֿל? דאָס דאַרף באַשטימט ווערן אין פֿאַרהאַנדלונגען. און ווען די רעזאָלוציע האָט געזאָגט פֿאַרהאַנדלונגען, איז עס געוויס געמיינט דירעקטע פֿאַרהאַנדלונגען, צווישן די צדדים. און דער עיקר: די רעזאָלוציע דאַרף גענומען ווערן ווי אַ גאַנצע, ניט צעטיילן איר. און וויבאַלד אַזוי דאַרף די "רישה" גיין מיט דער "סיפא", ווי דאָס הייסט אין דער משנה; דער סוף פֿון דער רעזאָלוציע איז אַ באַדינג פֿאַר איר אָנהייב. און דער סוף זאָגט קלאָר, אַז דאָס דאַרף פֿירן צו געזיכערטע און אָנערקענטע גרענעצן פֿאַר אַלע מדינות אין דעם קאָנפֿליקט. אָבער וויבאַלד די אַראַבישע מדינות ווילן ניט נעמען אויף זיך די פֿאַרפליכטונג צו אויספֿירן דעם באַדינג — און זיי זאָגן אָפֿן אַז זיי ווילן ניט — פֿאַלט במילא אַוועק דער אָנהייב, וועגן צוריקטריט, אפֿילו אין דעם זין וועלכן ישׂראל איז מסכּים. דער צד שכּנגד זאָגט: יחלוקו, די רעזאָלוציע איז אַ צוויי טייליקע. ערשטנס רעדט עס וועגן צוריקגיין, און דאָס מיינט פֿון אַלע פֿאַרנומענע געביטן, און דאַן — וועט מען זען וועגן צווייטן טייל. און וואָס דער "מען וועט זען" באַדייט פֿאַרשטייט אפֿילו אַ קינד אין וויג, און די אַראַבער מאַכן גאָר קיין סוד ניט פֿון דעם: אַז די אַראַבישע אַרמייען וועלן — די שעה און די רגע זאָל ניט

זיין — שטיין ווידער ביים האַרץ פון תל־אביב, אויף די פּאָזיציעס וווּ זיי זיינען געווען פאַר דער זעקס טאָגיקער מלחמה, וועלן זיי זאָגן „האוחז בידך“ און וועלן פייפן אויף דעם צווייטן טייל פון דער רעזאָלוציע).

לעצטע וואָך איז די רעזאָלוציע ווידער באַהאַנדלט געוואָרן אין זיכערהייטס ראָט. עס איז דאָרטן געקומען צו ווילדע געשרייען און אַ גראָבאַנישן אָנפאַל אויף ישראל פון סאָוועטישן יאַקאָב מאַליק. זיין פּנים איז געווען צעפלאַמט און ער האָט געריטשעט מיט רציחה, אַז יידן האַלטן זיך פאַר אַן אויסדערוויילט פאָלק.

איצט טייטשט אבא אבן דאָ ווידער יענע רעזאָלוציע און ער גיט קאָפּולע אַנצוהערעניש, ווייכע, געוויקלטע אין דיפּלאָמאַטישער וואָטע, וועגן מאַליקס אויסברוך לעצטע וואָך. ער טוט עס מיט דערמאָנען דעם אויסראָט פון יידן אין אייראָפּאַ, און וועגן סאָוועטישן יידנטום היינט, און וועגן יידן וואָס זיינען נאָך געבליבן און ליידן אין אַראַבישע לענדער. דאָס זיינען עפּעס יידישע פּראָבלעמען, מיט וועלכע קיין אַנדערע פאַרשטייערס דאָ קענען זיך ניט „באַרימען“. איז גוט וואָס דער פאַרוויי־טאָקטער קול יעקב וועגט דאָ געהערט — הגם עס מערקט זיך ניט אַז דאָס זאָל רירן אימיצן פון די דעלע־גאַטן. אָבער די פאַר דרך אגבדיקע דערמאָנונגען פון אבא אבן האָבן מיר אַרויסגעשלאָגן פון דער רעדע און אַנגעשלאָגן אין מיר גאָר אַנדערע רעיונות.



מען זעט דאָך באַשיינפּערליך, אַז מיר זיינען דאָ פּונקט אַזוי איינזאַם, ווי מיר זיינען עס געווען אין איי־ראָפּע בימי דעם אויסראָט פון יידן, און ווי מיר זיינען געווען אַליין במשך דעם גאַנצן גלות, אָדער טאַקע אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע. איז דאָס גורל, איז דאָס מזל, זיינען מיר טאַקע אַנדערש פון אַלע אומות אויף דער וועלט — און מוזן מיר בלייבן אַזוי? און וואָס איז די גדולה מיט אונדז איצט, פאַר וואָס האָט מען אונדז פאַרט אַריינגענומען אין דעם חדר דאָ, אונטערן דאַך מיט אַלע מדינות? עס איז צוליבן אויפקום פון מדינת ישראל און צוליב דער פיזישער שטאַרקייט פון ישראל. עס האָט אונדז ניט געהאָלפן אַלץ וואָס מיר האָבן בייגעשטייערט פאַר דער וועלט, אמונה, אידייען, פערזענלעכקייטן,

אויפטואונגען פאַר ציוויליזאַציע און קולטור פון דער מענטשהייט. קיינער רעכנט זיך ניט דערמיט. עס איז ניטאָ אַזאַ קאָנטאָ־בוך אין דער וועלט, וווּ דאָס זאָל ווערן פאַרשריבן — און וואָס אימיצער זאָל וועלן לייענען און צוריקצאָלן פאַר דעם עפּעס, כאָטש אַ שמייכל, אַ גוט וואָרט. און ווען מדינת ישׂראל וואָלט געווען שוואַך — וואָלט מען איר שוין אויך פון דאַנען אַרויסגעוואָרפן, אָדער אַרויסגעבעטן, מיט סאַנקציעס קעגן איר, מיט שאַרפע רעזאָלוציעס, אונטער אַ וועלכן־ניט־איז פּאַראַגראַף פון דעם הייליקן שולחן ערוך פון זיכערהייטס ראַט — וואָס די גרויסע און שטאַרקע מדינות לאַכן זיך אויס פון דעם. טאָ וויבאַלד „מייט איז רייט", דער שטאַרקער איז אויך דער גערעכטער, טאָ אפשר, און אפשר טאַקע — לאָמיר אַמאָל פּרובירן דעם דאָזיקן מיטל, און מיטן גאַנצן כוח. אפשר זאָלן מיר זיך לאָזן איינריידן פון די אַראַבישע פיינט. זיי זאָגן, אַז ישׂראל וויל עקספּאַנסיע, זיך אויסשפּרייטן נאָך מערער. עס איז אַ שקר, אַ בלבול, וואָס די גאַנצע וועלט ווייס און פאַרשטייט, אַז ישׂראל טראַכט ניט וועגן דעם. אָבער — ווי האָט געזאָגט דער גביר, אויף וועמען מען האָט אויסגעטראַכט, אַז ער האָט באַנקראָטירט: וויבאַלד מען האָט שוין אַרויסגעלאָזן אַזאַ קלאַנג, עולם רעדט שוין וועגן דעם — טאָ זאָל שוין זיין אַזוי און דאָס געלט זאָל בלייבן אין מיין קעשענע . . .



עס איז געוויס ניט שיין אַ.וי צו זאָגן און צו טראַכטן, און עס איז נאָך שווערער אַזוי צו טאָן. נאָר ווו און ווען, אין דער גאַנצער געשיכטע פון פעלקער, האָט מען אי־מיצן אָפּגעדאַנקט און געגעבן אַנערקענונג פאַר גוטע און שיינע מעשׂים. איז אפשר לוינט זיך אָנצושטרענגען און האַנדלען אַמאָל — ניט ייִדישלעך. ווייל וואָס איז אָט די גאַנצע פעלקער־פאַרזאַמלונג דאָ אויב ניט אַ פאַר־מעסט פון שטאַרקייט. אויב די סופּער מאַכטן אייניקן זיך אויף עפּעס — פרעגן זיי ניט ביי דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער. און ווילן זיי עפּעס ניט — העלפט ניט דער ווילן פון אַלע פעלקער. ווייל די קליינע מדינות זיינען פיאָנען און שמשים ביי די גרויסע. און ווער זיינען די סופּער גרויסע? אַמעריקע, וואָס איז נאָך ניט אַרויס פון די ווינדעלעך, וואָס איר דעמאָקראַטיע

פּיקט זיך ערשט פֿון דער אײַעלע, און וואָס דער וווּנדערשיינער „ביל אָף רײַטס“, וואָס עס האָבן פּראָקלאַמירט די פֿאָטערס פֿון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, איז באַזירט אויף דער לערע פֿון די ייִדישע נביאים. און די צווייטע סופּער מאַכט, רוסלאַנד, דראַפּעט זיך ערשט אַרויס פֿון מיטלאַלטער, ווען מען מאַכט עס איז פֿאַרטונקט אין בלוט פֿון צאַריזם און סטאַליניזם, און די פֿאַרפֿעדערן, מיט וועלכע זי דעקט צו איר קולטורלאָזיקייט, האָט זי צו פֿאַרדאַנקען אַ ייִדישן מוח, די אידייען פֿון אַ ייִדן, וועלכע זי האָט ברוטאַליזירט.

עס וואָלט געווים געווען אַ סך שענער און היסטאָריש מער באַרעכטיקט, אַז ייִדיש פֿאָלק זאָל אויפֿקומען צו פֿולער גרויסקייט, אַז מדינת ישׂראל זאָל ווערן אַ מאַכטיקע מדינה. עס קומט ייִדן, מער ווי וועלכן אַנדער פֿאָלק, סײַ צוליב די היסטאָרישע אויפֿטואונגען פֿון ייִדן פֿאַר דער וועלט, סײַ צוליב די הונדערטער יאָרן ליידן פֿון דער וועלט. דאָס וואָלט געווען די היסטאָרישע גערעכטיקייט, אַז מדינת ישׂראל זאָל ווערן אַ גרויסע מאַכט, וואָס זאָל זיך אויסשפּרייטן איבער אַלע ליידיקע שטחים, וואָס רינגלען אַרום ישׂראל. עס זאָל זײַן „לפום צערא אגרא“, אַז ייִדישע שטאַרקייט זאָל באַלאַנסירן די הונדערטער יאָרן פֿון שוואַכקייט, אַז די נחמה זאָל זײַן אַזוי גרויס ווי דער צער, די גאולה אַזוי ברייט ווי דער גלות, די פֿרייד אַזוי פֿול ווי עס איז געווען דער טרויער. עס קומט אונדז, פֿאַר אונדז, און פֿאַר אַלע מענטשן וואָס וועלן זײַן מיט אונדז, ווען די ייִדישע מדינה וועט האַלטן אין גלײַכקייט און אין פֿרײַהייט, זאַט מיט שפּײַז און מיט קולטור, ווי יעדערער מעג דערוואַרטן און וועט באַקומען פֿון אַזאַ דורכגעליטענעם פֿאָלק, וואָס ניטאָ קיין גלײַכעניש צו זײַן מאַרטיראָלאָגיע. איך בין ניט קיין חסיד פֿון עקספּאַנסיע. פֿאַרקערט, עס וואָלט געווען גוט און ווויל, אַז מען זאָל אָפּשאַפֿן אַלע גרענעצן צווישן פֿעלקער און לענדער, אַז אַלע מענטשן זאָלן לעבן ווי איין גרויסע משפּחה. עס וואָלט געווען גוט. אָבער עס איז דאָך ניט אַזוי. די גרויסע כאַפּן און פֿאַרכאַפּן. רוסלאַנד האָט פֿאַרכאַפּט און באַזעצט גאַנצע לענדער נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה. און אַמעריקע האָט „אָפּגעקויפֿט“ און אַנעקסירט ריזיקע שטחים, כּדי צו שאַפֿן די פֿאַראייניקטע שטאַטן. און ווען די שורות ווערן געשריבן איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן די ברידער־לענדער

פּאַקיסטאַן און אינדיע — צוויי לענדער וואָס האָבן ניט אויפגעהערט שטראָפן ישראל פאַר איר „אַגרעסיע". די היילקע אינדירא גאַנדי האָט כסדר געזאָגט אינדישן מוסר ישראל. אָבער ווען עס איז דערגאַנגען צו איר אייגענעם שוועל דער שווערער קריזיס מיטן שכן פּאַקיס־טאַן, האָט זי געזאָגט ווערטער וואָס ישראל זאָגט די גאַנצע פיר יאָר — און מיט מער באַרעכטיקונג:

„מיר האָבן דורכגעטראָגן די גרעסטע שוועריקייטן און אויסגעהאַלטן דעם שווערסטן דרוק אין אַן אָנשטרענג־גונג צו באַוועגן די וועלט צו ברענגען אַ שלומדיקע ליי־זונג און פאַרמיידן די אויסראָטונג פון אַ פאָלק. אָבער די וועלט האָט איגנאָרירט די גרונטיקע פּראָבלעמען פון דעם קאָנפליקט, באַר זיך פאַרנומען מיט אַ פּועל יוצא (אַרויסקום) פון דעם מאָטיוו, וואָס האָט געפירט צו דער מלחמה". און דערפאַר האָט אינדיע אָפּגעוואָרפן דעם באַשלוס פון דער פאָלקסאַמלונג פון די פאַראייניקטע פעלקער, צו אָפּשטעלן די מלחמה; עס אָפּגעוואָרפן מיט צוויי ווערטער: „דער באַשלוס (פון דער פאָלקסאַמלונג) איז ניט רעאַליסטיש" . . . און דער סאָוועטן פאַרבאַנד, וואָס האָלטן אין איין שלעפן ישראל צום זיכערהייטס ראַט, האָט צוויי מאָל געלייגט אַ וועטאָ אין זיכער־הייטס ראַט, כדי ניט לאָזן אָפּשטעלן דעם פאַרויסמאַרש פון דער אינדיישער מיליטער אין פּאַקיסטאַן. אַזוי זעט אויס די גערעכטיקייט אין דעם הוי״, ווו ישראל שטייט צום משפט . . .

גאָט און ערלעכע מענטשן זיינען אונדזערע עדות, אַז מיר האָבן פיינט מלחמה, יעדע מלחמה, אַ גרויסן אָדער אַ קליינעם קריג, צווישן פעלקער און מענטשן. אויך די מלחמות וואָס ברענגען נצחון פאַר דעם גערעכטן זאָלן ניט געהאַכט ווערן. אָבער יידיש פאָלק און דאָס יידישע לאַנד איז אַרומגערינגלט פון אַזוי פיל שונאים, וואָס טאָג ווי נאַכט רופן זיי צו מלחמה. איז אפשר . . .

דאָס קול פון אבא אבן ווערט שטאַרקער, און ער שלאָגט מיר אַרויס פון די מחשבות.



עס איז שוין די פופציקסטע מינוט ווי אבא אבן רעדט. ער האַלט אויף דער צענטער זייטל פון געדרוקטן טעקסט. דעלעגאַטן הייבן זיך אויף, גייען אַרויס. עס

לאַנגווייליקט זיי געוויס. די פּרעסע גאַלעריי איז כּמעט ליידיק. אַז טאַטע דרימלט, אָדער אַזאַ איינדרוק קען מען האָבן פון דעם ווי ער האַלט אַראָפּגעלאָזן די אויגן. מען זאָגט דאָך כּסדר, אין דעם בנין דאָ, אַז די איצטיקע לאַגע צווישן ישראל און אירע שכנים איז אַ גרויסע סכּנה פאַרן וועלט־שלום. ישראל, הייסט עס, האַלט אָפּ די גאולה פון דער וועלט, אָדער האַלט די זיילן פון דער וועלט, וואָס קען איינפאַלן יעדע מינוט. אָבער פון דעם „אינטערעס", וואָס די פאָרשטייערס פון דער וועלט ווייזן אַרויס צו דער רעדע, זעט זיך ניט דער פּחד, וואָס זאָל זיי ניט לאָזן רוען און שלאָפן.

„אַלע פאָרשטייערס דאָ טוען נאָר איין זאַך, דאָס איז זייער שותּפותדיקער שטריך: זיי דיסקוטירן און טאַדלען די פעלערן פון אַנדערע". „מען קען ניט זאָגן, אַז די דאָזיקע אינסטיטוציע אונדזערע, די פאַראייניקטע פעלקער אָרגאַניזאַציע, האָט געהאַט גרויס דערפאָלג אין לייזן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטן. אָבער די אָרגאַניזאַציע איז פאָרט אַ פּונקט האָפענונג פאַר דער וועלט, און דערפאַר אונדזער אונטערשטיצונג פאַר איר".

די רעדע איז פאַרענדיקט. אַ ביסל אַפּלאָדיסמענטן, שוואַכע, פון אייגענע נאָר, פון הענט באַקאַנטע, וואָס מען קען זיי לייכט אויסציילן אויף די פינגער.

איז דאָס, הייסט עס, אַלץ־מיט־אַן־אַנדער. נאָך אַ רעדע, אַ גוטע, אַ קלוגע, אַ שיינע. אָבער — עס גלייבט זיך ניט אַז פון דעם קאָרן וועט זיין ברויט. פון דעם און פון דאָ וועט ניט קומען די ישועה פאַר דער וועלט, און זיכער ניט פאַרן יידישן פאָלק.

געוויס, די פּאָליטיקער דאַרפןריידן. אַזוי פירט זיך די וועלט. איז גוט, וואָס ישראל קען דאָ זיין און ריידן. אָבער באַהיט זאָל מען ווערן צו דערוואַרטן די הילף פון אונטער אָט דעם דאַך.

# געאָגראַפֿיע און געשיכטע

עס איז פֿאַר מיר שוין לאַנג געוואָרן קלאָר, אַז די גרויסע שטעט זײַנען ניט קיין שפּיגל פֿון אַ לאַנד. פּאַריז גיט ניט דעם כאַראַקטער פֿון פֿראַנקרײַך. לאָנדאָן איז נאָך ניט דער אויסדרוק פֿון ענגלאַנד. רוים און מילאַן אַנטפּלעקן ניט דאָס פּנים פֿון איטאַליע, אַזוי ווי תל־אבֿיבֿ גיט ניט דאָס פֿולע בילד פֿון ישׂראל. דער אַלטער כּלל, אַז ווײַל מען דעם דיכטער קענען, מוז מען צו זײַן לאַנד געגענען, איז אויך חל אויף פֿעלקער און לענדער. אָבער מען מוז גיין אין לאַנד אַרײַן, זען דאָס פֿאָלק, אין די קלענערע שטעט און דערפֿער, די מענטש־לעכע מנהגים און די מענטשלעכע טראונגען. ווײַל די מעטראָפּאָליעס פֿון אַלע לענדער זײַנען קאָסמאָפּאָליטן, מיט אַן אייגענעם לעבנס־ריטעם, מיט אַן אייגן פּנים, אָדער פֿיל־פּנימדיקייט. ניו־יאָרק איז געוויס אַזוי.

ווען מען זאָגט ניו־יאָרק, מיינט מען, געוויינלעך, מאַנהעטן, דעם אינדזל מיט די עטלעכע הונדערט גאַסן, דורך וועלכע עס קעסטלען זיך די פּאָר צענדליק עוועניוס, און ווו עס טורעמען זיך די וואָלקן־קראַצערס. אָבער ווי נאָר אַרויס פֿון מאַנהעטן, אַריבער די בריקן, אָדער אַדורך די טונעלן, אפֿילו אין די דערבײַיקע געגנטן פֿון ברוקלין, בראָנקס, קווינס, און ווי זיי אַלע הייסן, ווו עס לעבן מיליאָנען מענטשן — איז מען שוין

ניט אין ניו־יאָרק. אָבער מען איז נאָך אַלץ ניט אין אַמעריקע. אין די דאָזיקע געגנטן פון גרויס־ניו־יאָרק איז מען ווי אין עפּעס אַ צווישן־לאַנד, אין אַ צעטייל־ספערע. ערשט ווען מען פאָרט אַרויס אויך פון די דאָזיקע געגנטן, קומט מען אַריין אין קאָלאָמבוסעס מדינה.

איך בין אַ סך מאָל אַרויסגעפאָרן פון ניו־יאָרק אין אַמעריקע, אָפט „פער אַקס", מיט אויטאָס און באַן, און אַיעדעס מאָל איז אויפגעקומען דער זעלטענער געפיל פון באַפרייאונג: אָט איז געווען די צערוישטע מאַנהעטן, און אָט איז ניטאָ זי. אין געציילטע מינוטן איז מען אַרוס פון טומל און געדרענגעניש, צו ברייטע וועגן און אָפענע גרינע פעלדער, באַקראַנצטע מיטביימער, מיט וועלדער און שטילע טייכן. אָט איז געווען מענטשלעכער הו־האַ, געמישט מיט שווייס און רויך און צעשריענע רעקלאַמעס, און אָט — ביי די ברעגעס פון דער גרעס־טער בבל־שטאָט אין דער מענטשלעכער געשיכטע — שטילע באַטור־אידיליע.



דער וועג פירט קיין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, און דער ערשטער אָפּשטעל איז אין באָסטאָן.

פאַראַן ערטער אין דער וועלט וואָס האָבן זיך איינ־געקאַרבט אין זכרון מיט זייער אייגענעם באַדייט און מיט אַ גאַרונג צו זען זיי. דאָס זיינען ערטער אין וועלכע עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט היסטאָרישע געשעענישן, און צוליב עפּעס אַן אומבאַקאַנטן מאָטיוו דוכט זיך דיר, אַז די געאָגראַפיע, דער אָרט, האָט געווירקט צו די געשיכטלעכע פאָרקומעניש. אַזאַ אָרט איז באָסטאָן, און אַזאַ איז דער גאַנצער וועג, וואָס וועט פירן פון דאַנען, דורך מאַסאַטשוסעטס, דער טייל וואָס די ערשטע קאָ־לאָניסטן האָבן גערופן „ניי ענגלאַנד". און מיר אינטע־רעסירט, בעיקר, געאָגראַפיע, דאָס זען ערטער, אויף וויפל די ערטער זיינען פאַרבונדן מיט געשיכטע. און — וויבאַלד מען איז אַ ייד — באַגלייטן די יידישע מחשבות און חשבונות — אומעטום, און אויך דאָ, אָדער דאָ געוויס.

באָסטאָן איז געגרינדעט געוואָרן אין 1630. עס רעדט זיך אַזוי „געגרינדעט געוואָרן". די פּילגרים פאָטערס, וואָס זיינען געקומען מיט דער היסטאָרישער „מייפלויער",

אין 1620, האָבן זיך באַזעצט ביים ים־ברעג, ווי דער דרך פון אַלע מיגראַנטן אין אַ ניי לאַנד. זיי האָבן געשאַפן די הייַנטיקע פּלימוטה. און געקומען זיינען זיי אַהער, ווי מען נעמט אָן, על פּי טעות. זיי האָבן וויזט אויס גערודערט קיין ווירדזשיניע, וווּ עס זיינען שוין געווען אָנהייבן פון ענגלישע קאָלאָניעס. אָבער די כוואַליעס פון ים, אָדער דער גוטער גורל, האָט זיי פאַרטראָגן אַהער.

געקומען זיינען די קוויקערס געטריבענע פון זייער אייגענעם לאַנד. זייער נייער רעליגיעזער דרך, פון אַ מין חסידישער סעקטע, איז געוואָרן פאַרפאָלגט פון ביידע אַנערקענטע קירכן אין ענגלאַנד, פון דער אַנגליקאַנישער און פּרעסביטעריער. האָבן זיי געזוכט אַ ניי לאַנד, אַ פרייען שטח ערד, וווּ זיי זאָלן קענען אומגעשטערט פּראַקטיצירן זייער אמונה. די קאָמערציעלע קאַמפּאַניע, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די קאָלאָניעס אין נייעם לאַנד, האָט געפונען אין די קוויקערס אַ גוטן עלעמענט — פאַר עקספּלאָטאַציע. זיי האָבן זיך פאַרדונגען צו דער קאַמפּאַניע, געדינט ווי זייערע אַרבעטער, אויף די שיפן און אין נייעם לאַנד, אַבי אַוועק פון פאַרפאָלגונגען. אָבער פון אָט די פאַרפאָלגטע זיינען אַרויסגעקומען די פאָטערס פון דער אַמעריקאַנער פרייהייט — און די רעוואָלוציאָנערן קעגן ענגלאַנד.

דאָס אַלץ איז געשיכטע. אַזוי, אָדער אומגעפער אַזוי, האָט זיך אָנגעהייבן די אייראָפּעאישע קאָלאָניזאַציע אין אַ סך ערטער פון דער נייער וועלט. אויך די בורן, אין דרום אַפריקע, למשל, האָבן געהאַט אַן ענלעכן היסטאָרישן אויפקום. נאָר די סאַמע רעליגיעז־פאַרפאָלגטסטע, יידן, האָבן זיך ניט געקענט אַזוי דערשלאָגן צו קיין ברעג און צו קיין אייגענעם רואיקן האַפן. עס קען אָבער זייער זיין, אַז פאַר יידן טאַקע איז פּלאַנירט געוואָרן דער דאָזיקער אַמעריקאַנער רעטונגס־ברעג, נאָך מיט אַ סך יאָרן פריער. פאַראַן מיינונגען, און פאַראַן היסטאָרישע באַוויזן, אַז קריסטאָפער קאָלאָמבוס איז געווען אַ ייד, אַ מאַראַן, און דאָס האָט ער זיך אַרויסגעלאָזן זוכן אַ ברעג פאַר זיינע פאַרפאָלגטע ברידער טאַקע — אונטער דער פאַרשטעלטקייט פון געפינען אַ לאַנד און גאָלד פאַר די יידישע פיניקער, פאַרן לאַנד פון דער אינקוויזיציע. פאַראַן הייַנט קאַטוילישע היסטאָריקער, אין מאַדריד, וואָס וויזן אָן אויף דאָקומענטן, אין דאָרטיקע היסטאָרישע אַרכיוון, אַז אַזוי איז עס געווען. אָבער ווען קאָלאָמבוס

האָט געגרייכט דעם געהאָפטן ברעג, איז אים פּאַרויס־
געגאַנגען די פאָן פון דער אינקוויזיציע, וואָס האָט זיך אַריינגעשטאָכן אויף דער ערד פון דער נייער וועלט. ווען די געשיכטע וואָלט זיך אַ ביסעלע אַנדערש אַנטוויקלט — קען זיין, אַז מיר וואָלטן היינט געקומען אין באָסטאָן — וואָס וואָלט געהייסן ירושלים ד'אַמעריקע . . .



געווען יידישע שטעטלעך, אָפט גאָר קליינע ישובים, וועלכע זיינען געוואָרן באַרימט אַדאַנק גרויסע יידן, וועלכע האָבן געלעבט אין זיי, געשטאַמט פון זיי, אָדער צוליב זייערע גרויסע ישיבות. יבנה, סורא, פּומבדיתא, קהילות אין קאַסטיליע, מיינץ און וואָרמס, וואָלאָזשין און טעלז — דאָס זיינען געווען גייסטיקע צייכנס אויף די וועגן פון דער יידישער געשיכטע. באָסטאָן האָט יחוס עצמה, אָבער איר גייסטיקער יחוס געפינט זיך אין איר פאָרשטאָט, אין קעמברידזש. (אגב: אויך איז באָסטאָן געפינט זיך איינער פון די היינטצייטיקע גרעסטע תלמידי חכמים, און טאָקע אַן אָפּשטאַמיקער פון וואָלאָזשין).

יעדער גרויסער לערן־אָרט האָט אַן אייגנאַרטיקן חן און קלימאַט. עס איז אַ גוטער געפיל צו זיין אין אַ אוניווערסיטעט קאַמפּוס, אפילו נאָר ווי אַ גאַסט. עס איז דער גוטער געפיל פון קולטור־סביבה, פון יונגשאַפט און פון פרייער זוכונג פון וויסן און פון גרונטעווען זיך צום אמת, וואָס אַן אוניווערסיטעט איז און דאַרף זיין. האַרוואַרד איז געשאַפן געוואָרן מיטן דאַזיקן ציל, 16 יאָר נאָך דעם ווי די פּילגרים פאָטערס האָבן געגרייכט פלימוטה. עס הייסט גלייך נאָר ווי די ערשטע סעטלערס האָבן געהאָט אַ שטיקל דאַך איבער זייער קאָפּ, אָדער אַ שטיקל פעסטן באָדן אונטער זייערע פיס, האָבן זיי שוין געזאָרגט וועגן אַן אינטעליגענץ, וואָס זאָל קענען זיך באַנוצן מיט דער פרייהייט, און אַ פרייער געזעלשאַפט, דורך קולטורעלן וויסן. דער דאַזיקער ערשטער קאָלעדזש, אָדער אוניווערסיטעט, אויפן אַמעריקאַנער באָדן, איז כסדר געוואַקסן, אין גרויס און אין וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען. היינט איז עס געוויס פון די גרעסטע לערן־ערטער אין דער וועלט, אויב טאָקע ניט דער גרעסטער, מיט פערציק טויזנט סטודענטן — און,

לאָמיר זיך באַרימען, אַ גאָר קאַנטיקע צאָל פון זיי יידן, צווישן די לערנער און לערערס.

דער בראַנדעיס אוניווערסיטעט דאָ, געשאַפן פון יידן, הגם ניט נאָר פאַר יידן, און מיט קורסן אין ספּעציפיש יידישע פעכער, איז געשאַפן געוואָרן זייער שפּעט. עס איז אָבער געוואַקסן זייער גיך, אין שטאַרקייט און אין אָנזען. היינט איז די יידישע שול אין האַרוואַרד, מיט איר גרויסער צאָל נאָבעל פּרייז געווינער, דער יחוס פון אַמעריקאַנער יידנטום.

עס איז געווען אַ פריידיקער געפיל צו גיין דורך די „גאַסן“ פון דער וועלט־באַרימטער ביבליאָטעק דאָ, אין דער אָפּטיילונג פון יודאַיקאַ, צווישן טויזנטער ביכער און ספרים, די צונויפזאַמלונג פון יידישן גייסט, אין פאַרשיידענע לשונות, דורך אַלע דורות און לענדער. עס איז געווען אַ פריידיקער געפיל צו זען יונגע יידישע מענטשן, פאַרטיפטע אין אַלטע יידישע ספרים, אין לשון קודש, אין העברעאיש און אין יידיש, אַרויסשרייבנדיק טעקסטן, אין צוגרייטונג פאַר שטודיומס, לעקציעס און דיסערטאַציעס. עס איז גוט געווען צו שמועסן מיט אַמעריקאַנער געבוירענע עברית — וואָס זיי ריידן מיט אַן אַמעריקאַנער אַקצענט.

עס איז זיי ניט אָנגעקומען לייכט צו אַריינשרויפן דאָס לשון אין זייערע „יענקישע“ מיילער. צוגעהאָלפן זייער אינטערעס צו עברית האָט דער פאַקט וואָס עס איז פאַראַן אַ יידישע מדינה, און וואַקאַציע־באַזוכן אין ישראל האָט געהאָלפן אָפּבינדן די צונג, מאַכן פליסיקער די שפּראַך אַריבער די ליפּן. אָבער פון אַלץ צוזאַמען איז דאָ געווען גוטע, יידישע, קולטורעלע פרייד. (און לאָמיך אויך זיך דערלויבן צוגעבן די פרייד פון אייגענער אייטלקייט. ווען איך בין געווען פאַרנומען אין שמועס מיטן ביבליאָטעקאַר פון דער יודאַיקאַ אָפּטיילונג, האָט מיין פרוי דערווייל געקוקט אין דער קאַרטאָטעק און אַרויסגעזוכט אַ פּאָר קאַרטלעך מיט מיין נאָמען, פון מיינע ביכער. און צו וואָס לייקענען, עס איז אַ גוטער געפיל, אָט די ביסל „אייביקייט“, צו וויסן אַז מען געפינט זיך אויף אַ פּאָליצע אין האַרוואַרד).



אין דער שטאָט ביבליאָטעק פון באָסטאָן זיינען פאַ־

ראַן מוראַלן, אַ סעריע וואַנט־געמעלן, אויפֿן נאָמען „יידנטום און קריסטנטום“. עס איז ניט קיין גרויס־קינסטלעריש שאַפֿונג, אָבער עס איז געוויס אינטערעסאַנט ווי דאָ איז דורכגעפֿירט געוואָרן דער שידוך צווישן בילדער פֿון צוועלף נביאים און קריסטלעכע פֿיגורן, לויט די עוואַנגעליעס, געמעלן פֿון מנורות און צלמים, אַלץ באַקראַנצט מיט פּסוקים, אין לשון קודש. די אַלטע באָס־טאָנער, די ענגלישע מיגראַנטן און זייערע קינדער, האָבן זיך געהאַלטן מיט יידן אין נאָענטער מחותנהשאַפֿט, און געלאָזן עס קומען צום אויסדרוק, אין אָט די בילדער.

באָסטאָן און די אַרומיקע ערטער האָבן לעבעדיקע שפּורן פֿון די גרויס־געשיכטלעכע פּאָרקומענישן דאָ, פֿון דער ניט ווייטער פֿאַרגאַנגענהייט, פֿון פּאָרקומענישן וועלכע האָבן געענדערט דעם גאַנג פֿון דער וועלט. די ערשטע סעטלערס דאָ, אין פּלימוטה, פּראָווידענס, פּאָרטסמוטה און באָסטאָן — זייערע טריט זיינען דאָ אָפּגעקריצט. און שווערע טריט זיינען דאָס געווען, פֿון אָפּגעהאַרטעוועטע מענטשן, אין גאַנג דורך שווערע נסיונות, ליידן, פּיאָנערישאַפֿט און גלויבן.

אָט זיינען די תּליה־ערטער, וווּ קוויקערס זיינען געהאַנגען געוואָרן, אויך דאָ, פֿאַר זייער אמונה. און אָט איז דאָס אָרט פֿון דעם „באָסטאָן מאַסעקער“ פֿון 1770. און אין דעם שטאַטישן מוזיי, אונטערן גאָלדענעם קופּאָל, זיינען פֿאַרבליבן לזכּרון בלעטלעך פֿון די טיי־טראַנספּאָרטן, געקומענע פֿון ענגלאַנד, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן געוואָרפֿן אין ים אַריין. אָט די טיי־בלעטלעך האָבן געעפֿנט נייע בלעטער אין דער געשיכטע פֿון אַמעריקע, די רעוואָלוציע פֿון 1776, די באַפֿרייאונג פֿון אַמעריקע צו זעלבסטשטענדיקייט — די נייע געשיכטע פֿון דער וועלט. און אָט איז די טיי הויז, ווו די רעוואָלוציאָנערן האָבן פּלאַנירט און צוגעגרייט די רעוואָלוציע. און אָט איז דער קליינער בית הקברות, אין מיטן שטאָט, וווּ עס שטאַרצן אַרויס נאַציאָנאַלע פּענעלעך איבער איינגעפֿאַלענע קברים. דאָ ליגן זין פֿון די פּיאָנערן, סעמועל איידעמס, עמערסאָן, די עלטערן פֿון בנימין פֿרענקלין, און אַנדערע, וועלכע האָבן דאָ, אין באָסטאָן, אויפֿגעהייבן די פֿאָן פֿון רעוואָלט, פֿאַר פֿריי־הייט און מענטשלעכער גערעכטיקייט, וועלכע האָבן דאָ געשריבן און געגרייט די דעקלעראַציע פֿון אַמע־ריקעס אומאָפּהענגיקייט. און אָט — איז אַ ייד, אַ ייד פֿון

דאַכאַו, געקומען צו פאַרנויגן זיך ביי די דאָזיקע ערטער, ווו עס האָבן אויפגעליכטיקט גרויס־געשיכטלעכע פאַר־קומענישן פאַר דער וועלט.



אָוונט. איך שטיי מיטן פנים צו דער מאַסאַטשוסעטס בוכטע, וואָס איז איינגעהילט אין פינצטערניש. די שטאָט איז הינטער מיר — און איך שליס איר אויס פון באַוווסטזיין. דער ים רוישט — אפשר אַזוי ווי ער האָט גערוישט מיט דריי הונדערט יאָר צוריק, אין דער נאַכט, אָדער אין דעם טאָג, ווען אַהער האָבן אָנגערודערט די ערשטע מענטשן פון אייראָפּאַ. אַרום — ליידיקייט, און אין האַרצן שרעק. וואָס באַשערט זיי אָט דער וויסטער ברעג. וווהין וועלן פירן זייערע טריט און ווהין וועט זיי ברענגען דער גורל?

אין 1681 זיינען דאָ, צווישן באָסטאָן און מערילענד, געשאַפן געוואָרן די פרייע צענטערן, עפּעס אַזוינס ווי די ערשטע קיבוצים אין ארץ ישראל. דאָס זיינען געווען „דער פאַרבאַנד פון די פריינד", ווי עס האָבן זיך גערופן די פוריטאַנער. זייער ציל איז געווען „אַ הייליקער עקס־פּערימענט, ווו ניט קראַפט, נאָר מענטשן ליבע זאָל רע־גירן". פון דעם איז אויסגעוואַקסן — אין קנאַפּע 300 יאָר — די סופּער־מאַכט, וואָס הייסט אַמעריקע.

# געשיכטע און טעאַטער

צוויי טעאַטער־פאָרשטעלונגען, געזעענע אין ניו־יאָרק, זיינען מיר נאָכגעגאַנגען, אין געדאַנק, איבער די וועגן פון אַמעריקע. ביידע פאָרשטעלונגען „לויפן" אויף בראָדוויי, אין שכונה־דיקע טעאַטערן, שוין לאַנגע יאָרן. ביידע זיינען היסטאָרישע, פון דער זעלבער תקופה. און ביידע פאָרשטעלונגען האָבן אַ שייכות צווישן זיך — אויב מען בעמט זיי אויף מיט דער מחשבה פון אַ יידן.

איין פאָרשטעלונג הייסט „די ראָטשיילדס". די צווייטע „1776". די ערשטע שפּילט זיך אָפּ אין געטאָ פון פראַנקפורט אַם־איין, אין ווין און אין לאָנדאָן. עס דערציילט דעם אויפקום פון דער ראָטשילד משפּחה, פון מאיר אַנשל, וואָס האַנדלט מיט מטבעות ביים טויער פון געטאָ. דער ווילן פון מאיר אַנשל, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין 1743, איז ווערן רייך און האָבן זין. ער דערגרייכט ביידע זאַכן. און ביידע דאַרפן אים דינען איין פאַרלאַנג — לויט דער פאָרשטעלונג אין טעאַטער: באַפרייען יידן פון געטאָ, אויסקעמפן פאַר זיי עמאַנסיפּאַציע, מענטשלעכע חשיבות. מאיר אַנשל איז אַ שטאָלצער ייד. אַזוי גיך ווי ער דערגרייכט נאָר דעם אָנהייב פון זיין מיטל צו העלפן יידן, געלט־מאַכט, קומט ער אין די קעניגלעכע הייפן מיט ווירדע, מיט אַן אויפגעהייבענעם קאָפּ, און אויך מיט אַן אויפגעהייבענעם קול. ער בעטלט ניט, נאָר פאַרלאַנגט גלייכע רעכט פאַר יידן. און יעדער פון די פינף זין גייען אין טאַטנס דרך, אויך וואָס שייך יידישן שטאָלץ — ווען דער טאַטע דיקטירט זייערע וועגן און מסחרים פון זיין היים אין פראַנקפורט. (אויך דער

ערשטער יידישער לאָרד, לייאָנעל ראָטשילד, וועט זיך אָפּזאָגן צו שווערן אין ענגלישן פּאַרלאַמענט, וויבאַלד די שבועה דאַרף זיין „לויט דער ריכטיקער קריסטלעכער אמונה" — אַ פֿאַקט וואָס איז אין דער פֿאַרשטעלונג נישט דערמאָנט).

דער צווייטער מיוזיקל־שפּיל קומט פֿאָר אין פילאַ־דעלפיע. עס איז יאָר 1776. די רעוואָלוציאָנערן קעגן ענגלאַנד, פֿאַר דער זעלבסטשטענדיקייט פֿון אַמעריקע, זיינען פֿאַרזאַמלט אין זייער ראַט־הויז. זיי ריידן, זיי פּלאַנירן און זיי דאַרפֿן צוגרייטן די אַמעריקאַנער פריי־הייטס דעקלאַראַציע, פֿון 4טן יולי, ווו עס וועלן אַריינ־געשריבן ווערן די וווּנדערלעכע ווערטער וועגן דער פונדאַמענטאַלער רעכט פֿון אַלע מענטשן צו לעבן און צו פרייהייט. אויף דער סצענע זעט מען אַלע גרויסע פיגורן, די פּאַטערס פֿון דער אַמעריקאַנער אומאָפּהענגי־קייטס באַוועגונג, בראָש מיט פרענקלין, דזשעפּערסאָן און דזשאָן אַדעמס. זיי ריידן, דעבאַטירן, קריגן זיך, פירן וואָרט־געפעכטן און שמידן אויס דעם גורל פֿון אַמע־ריקע, וואָס וועט ווערן, אין אַ גרויסע מאָס, די באַשטי־מונג פֿאַרן גאַנג פֿון דער וועלט.

צוויי פֿאַרשטעלונגען, ביידע פֿון דער זעלבער היס־טאָרישער תקופה, ביידע וועגן מענטשלעכן ווילן צו פרייהייט — אויף צוויי גרונט־פֿאַרשיידענע וועגן, ווי פֿאַרשיידן עס איז די געשיכטע און די גורלות פֿון יידן און פֿון אַמעריקע.



אין ארץ ישראל, אין צייט פֿון דעם ענגלישן מאַנדאַט, איז געווען אַן אָרט, וואָס מען האָט געררופן „שכונת כאַפּ". דאָס איז געווען אַ שטיק לאַנד, ניט ווייט פֿון תל־אביב, ווו יידן האָבן אויפגעשטעלט געצעלטן, ביידלעך, היימען, אַן אַ דערלויבעניש און אָן אַ פּלאַן. מען האָט פֿאַרכאַפּט, זיך באַזעצט און עס איז אויסגעוואַקסן צו אַ ישוב. דאָס זעלבע איז גאַנץ אַמעריקע, אַ לאַנד פֿון „כאַפּ". שפּאַניע, פּאָרטוגאַל, האָלאַנד, שוועדן, פראַנקרייך, און דער עיקר ענגלאַנד — ווער נאָר עס האָט געהאַט אַ פּאָר שיפלעך האָט געכאַפּט.

וויליאַמסבורג איז געווען די ערשטע ענגלישע שטע־טל אין צפון אַמעריקע, און אויך געוואָרן די הויפּט

שטאָט פון דער קאָלאָניע. מיט יאָרן איז עס פאַרלאָזן געוואָרן, זיך ניט אַנטוויקלט. איז געקומען ראָקעפעלער און עס רעקאָנסטרואירט, די גאַסן און די היימען, אַלץ ווי עס איז געווען אין אָנהייב, און פאַרוואַנדלט דעם גאַנצן אָרט אין אַ כמו מוזיאום. אָבער די סאַמע ערשטע ענגלישע סעטלערס האָבן ניט גלייך געגרייכט וויליאַמס־בורג. דאָס איז געווען צו ווייט אין לאַנד — 8 מייל פון ים־ברעג. האָט גענומען יאָרן און אַ סך מי און אַ סך אומקום פון די ערשטע סעטלערס, ביז זיי האָבן זיך גע־טרויט דורכן בוש, אין מורא פאַר די אינדיער. זיינען מיר געפאָרן, מיט אַ ספּעציעלן אויטאָ, זיך געיאָגט, צווישן אייך עראָפּלאַן און אַ צווייטן, כדי פילן דעם אָטעם פון בראשית, אויף דעם אינדזעלע דזשיימסטאון, ווו די ערשטע ענגלישע סעטלערס האָבן געשטעלט זייערע ערשטע טריט, דעם 13טן מיי 1607.

דער וועג צווישן וויליאַמסבורג און דזשיימסטאון איז וווּנדערלעך שיין, איינגעבעסטיקט אין טיפע וועלדער, אויך היינט נאָך. פאַראַן דאָ נאָך פּלאַנטאַציעס און היי־מען, אָפּגעזונדערטע אין טיפןביימער־געפלעכט, וואָס — מיט אפילו ווייניק פאַנטאַזיע — קען מען נאָך הערן דעם עכאָ פון די ערשטע ווייסע טריט, וואָס האָבן דאָ אויפגעוועקט די שטילע לאַנדשאַפט. און אָט איז נאָך פאַראַן אַ „קאַבין“, דער אָריגינאַל פון דעם „קאַבין פון אַנקל טאָם“, אַ קליינע הילצערנע בודקע, אין וועלכע עס האָבן געלעבט די שוואַרצע שקלאַפן, און פון וועלכע די וועלט האָט זיך דערוווּסט פון דעם בוך — מיטן זעלבן נאָמען — פון העריעט ביטשער־סטאָו.

ביים אינדזל דזשיימסטאון איז פאַראַנקערט אַ 20 טאָניקע שיפל, „סוזאַן קאָנסטאַנט“, וועלכע איז אָנגע־שווומען אַהער מיט די ערשטע מיגראַנטן. עס איז ניט די אָריגינעלע שיף, נאָר אַ גענויע רעפּליקע. מען האָט ניט געהאַט דאַן קיין צייט, און אפשר אויך ניט קיין פאַר־שטאַנד, איינצוהיטן זאַכן פאַר געשיכטע. איך נעם אַרום די שיפל מיט די אויגן, לאָז פילן מיינע הענט דעם דרוק פון איר האָלץ, פון די מאַסטן און ליוונטן, און בליק חערביי צום ברייטן ים־אויסגוס. וווּנדער, ווי אַזאַ קליין שיפל איז דערשווומען אַריבערן ים, וואָס איז נאָך אַלץ דאַן געווען אַזוי אומבאַקאַנט פאַר די מאַטראָזן. און וווּנ־דער נאָך מער ווי אַזוי די מענטשן האָבן זיך געלאָזן אין אַזאַ געפערלעכע רייזע, צו אַן אומבאַקאַנטן, וויסטן ברעג.

אָבער זיי האָבן געהאַט שיפֿלעך, און זייערע שיפֿלעך האָבן געהאַט קאַפּיטאַנען און מאַטראָזן, און הינטער זיי איז געבליבן אַ פֿאָטערלאַנד, אַן אימפּעריע, וואָס האָט זיי געוועלט און געקענט שיצן. נאָר יידן האָבן ניט געהאַט די דאָזיקע לאָטקעס, און זיי האָבן ניט געהאַט קיין קאַפּיטאַנען, און זיי האָט קיינער ניט געוועלט שיצן. זיי האָט מען אויך ניט געוועלט אַריינלאָזן אַהער, אַריבערן ים, צו סכנה און צו פּיאָנערישקייט. פֿאַר יידן זיינען אַלע טירן און טויערן געווען פֿאַרמאַכט, און אויך דער ים איז געווען פֿאַרמאַכט פֿאַר זיי — פֿון אַלע מדינות וועלכע האָבן געהערט אַהער. שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, האָלאַנד און פֿראַנקרייך און ענגלאַנד, אַלע זיי האָבן געהאַט בפֿירושע געזעצן: נאָר קריסטלעכע מענטשן מעגן קומען קיין אַמעריקע.



די ערשטע 23 יידן, אַנטלאָפֿענע פֿון דער אינקוויזיציע, שוין אויך אויפֿן נייעם קאָנטינענט, אין בראַזיל, האָבן זיך אַריינגעראַטעוועט אין ניו אַמסטערדאַם אין 1654. אָבער גלייך האָט זיי אָפּגעוואַרט דער בעל הבית פֿון מאַנהעטן, פּיטער סטייוועסאַנט, מיט נגישות, מיט פֿאַרפֿאָלגונגען. און זיי וואָלטן פֿאַרטריבן געוואָרן — ווען ניט אַ בריוו־באַפֿעל פֿון דער „דאַטש וועסט אינדיע" קאָמפּאַני אין אַמסטערדאַם, פֿון 26טן אַפּריל 1655. אין דעם בריוו צו פּיטער סטייוועסאַנט איז געזאָגט געוואָרן, אַז די קאָמפּאַני קען ניט דערלויבן צו פֿאַרטרייבן פֿון מאַנהעטן די אומגלויביקע אין קריסטנטום, „צוליב די גרויסע קאַפּיטאַלן, וואָס יידן אין אַמסטערדאַם האָבן אינוועסטירט אין דער קאָמפּאַני".

איז ראָטשילד געווען גערעכט? ווען ער ביילט די פֿויסטן, אויף דער בינע, און זאָגט, אַז זיין ווילן צו רייכקייט איז כדי באַפֿרייען יידן פֿון קריסטלעכער אונטערדריקונג, ווייל אויך דורך געלט קען מען איינעמען די וועלט — איז דאָס געווען רעאַליטעט? די ראָטשילדס אין ווין האָבן זיך געקענט אויסקויפֿן, ווען היטלער איז געקומען אין אייראָפּאַ, אָבער זיי האָבן ניט געקענט „אויסקויפֿן" פֿון אומקום דאָס פֿאָלק אין אייראָפּאַ — אפֿילו ווען זיי וואָלטן געוועלט. מיט געלט האָט מען אפֿשר געקענט באַפֿרייען אַ הייפֿל יידן פֿון דער אַלטער

פראַנקפורטער געטאָ, אָבער ניט אויסלייזן אַ פאָלק — ווען אַפילו דאָס גאַנצע פאָלק וואָלט געווען ראָטשילדס. און דאָס פאָלק איז געווען אַן אביון און אַ קבצן.

די צווייטע יידישע קהילה אין אַמעריקע איז אויפגע־קומען אין ניופאָרט, ראָוד איילאַנד. יידן האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט גיכער און לייכטער ווי אין מאַנהעטן. דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען די רעליגיעז־ליבעראַלע פריי־הייט, וואָס עס האָט פּראָקלאַמירט אין ראָוד איילענד הער רעווערענד ראָדזשער וויליאַמס, וועלכער האָט גע־גרינדעט די קאָלאָניע אין 1636. די קהילה איז דאָ, אָפּי־ציעל, אויפגעקומען מיטן אויפבוי פון אַ שול, אין 1763, הגם יידן זיינען דאָ געווען שוין אַ סך פריער. זייער שול דאָ האָבן זיי שוין אַ נאָמען געגעבן „ישועת ישראל“, ווען די שול אין ניו־יאָרק, מיט 6 יאָר פריער, האָט מען גערופן „שארית ישראל“. אין אָט די צווי נעמען איז פאַראַן געוויס אַ פסיכאָלאָגישער מאָטיוו, וואָס איז אַרויסגעדרונגען פון די באַזונדערע באַדינגונגען איןביידע ערטער. אין דער ערשטער האָבן יידן זיך נאָך געפילט ווי אַ שארית, אַן איבערבלייב פון די אַנטרונענע פון אייראָפּאַ. די בויערס פון דער צווייטער שול, צוליב דער אַנדערשקייט פון זייער אויפנאַמע אין דעם אָרט, האָבן שוין געהאַט אַ געפיל פון פערמאַנענטקייט, אַ גע־פיל אַז דאָ וועט זיין זייער הילף, אַ ישועה פאַר יידן. דאָ האָט זיך אויסגעדריקט שוין דער זאָג פון היינריך היינע, מיט אַ סך יאָרן שפעטער: „אויב אפילו גאַנץ אייראָפּע וועט ווערן איין גרויסע תפיסה פאַר יידן, איז נאָך אַלץ פאַראַן אַן עפענונג פאַר אַנטרינונג, אַמעריקע; און, אַדאַנק גאָט, די עפענונג איז גרעסער ווי די תפיסה“.

אַמעריקע איז געוואָרן דער אָרט פאַר יידישער אַנט־רינונג און פאַר יידישער ישועה. אָבער — אפילו דאָ האָבן יידן ניט געקענט שאַפן זייער אייגענעם ווינקל, זייער אייגענע שכונה, אין גרויסן לאַנד פון „כאַפּ“. גע־ווען אַזעלכע פרוון, קליינע, אומבאַדייטיקע, צו שאַפן אַ יידישע קאָלאָניע, צווישן אַלע קאָלאָניעס אין אַמעריקע. אָבער יידן האָבן ניט געהאַט קיין ראָדזשער וויליאַמס, וויל דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם פון די מאַכטיקע האָט עס ניט דערלאָזן. און אַליין האָבן יידן ניט געהאַט קיין מאַכט און קיין קראַפט — און אויך ראָטשילדס מיליאָ־נען האָבן ניט געקענט העלפן — אפילו ווען ער זאָל האָבן געוועלט, ווי דאָס בילד אין טעאַטער שטעלט

עס פּאַר. אין 1864 האָט דער פינאַנסיעלער פאָרשטייער פון די ראָטשילדס אין אַמעריקע, אויגוסט בעלמאָנט, געגרופן אַ קאָנפערענץ אין טשיקאַגאָ, וועגן ענדיקן די ציווילע מלחמה. גאַנץ אַמעריקע האָט דאַן געהאַט ניט מער ווי 27 מיליאָן איינוואוינער (און בערך פינף מיליאָן נעגערס). אָבער אַן אייגן ווינקל פאַר יידן — האָט ראָט־שילדס אַגענט ניט געקענט פאַרזיכערן — אויב אפילו מען וואָלט געקומען צו אים מיט אַזאַ פּלאַן.



אין 1848 האָט אַמעריקע אָפּגעקויפט (פון שפּאַניע, פאַר פינף מיליאָן דאָלער) אַ שטיק לאַנד, ניו מעקסיקאָ און דעם אונטערשטן טייל קאַליפאָרניאַ, אַ מיליאָן סקווער מייל. אַמעריקע האָט אויך געקויפט און אויסגע־קעמפט אַנדערע לענדער־שטחים, ביז דער גאַנצער קאָנ־טינענט איז לאַנגזאַם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. (און אָט דעם געשיכטלעכן פאַקט, פון אַמעריקעס אויסקעמפן און אויסקויפן כסדר נייע שטחים, דאַרפן יידן געדענקען היינט — און אויך דערמאָנען אַמעריקע). אָבער אין אַלע די לענדער־שטחים, אַלטע און נייע, פוסטע, אויסגעהונגערטע צו מענטשלעכע הענט, איז ניט געווען קיין גרויס חשק אויפצונעמען די סאַמע פאַרפאָלגטסטע אין דער וועלט. און געוויס איז ניט געווען קיין מיגלעכקייט, אַז יידן זאָלן דאָ אויפשטעלן זייער אייגענעם ישוב, אַן אייגענע קאָלאָניע, צווישן אַלע קאָלאָניעס אין אַמעריקע. אויף אַלע וועגן פון דעם גרויסן לאַנד זעט מען ישובים מיט אַלטע שטעט־נעמען פון אייראָפּאַ, וואָס זיינען אויפגעקומען אין דער נייער וועלט, נעמען פון שטעט אין דייטשלאַנד, אין רוסלאַנד, אין שוועדן, אין האָלאַנד, אין שפּאַניע. פאַר אַלעמען איז דאָ געווען אָרט און איינבירגערונג גלייך פון אָנהייב, אָן שוועריקייטן. אָבער פאַר יידן האָט געמוזט קומען די אינקוויזיציע, און דאַן דער אַנטיסעמיטיזם, דער אַלטער, אין דייטשלאַנד, אַז עס זאָלן זיך אויפזאַמלען קוים 2,500 יידן אין אַלע קאָלאָניעס אין אַמעריקע (אין 1790). און דאַן האָבן געמוזט קומען די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, וואָס זאָלן אַרויסיאָגן יידן פון דער תפיסה — און מען זאָל זיי אַריינלאָזן אין אַמעריקע, מיט צרות, מיט לייד און מיט פּיין, ווי בעטלער. ווייל יידן — מיר האָבן עס

שוין געזאָגט — האָבן ניט געהאַט קיין אָנפירערשאַפט, קיין שיפן און קיין מאַכט, וואָס זאָל זיי העלפן אַריבער דעם אַטלאַנטיק, און די וועלכע האָבן געהאַט שיפן און מאַכט, האָבן געהאַט אַ געזעץ: „דאָס לאַנד איז נאָר אָפן פאַר די, וועלכע האָבן דעם ריכטיקן קריסטלעכן גלויבן“.



בין איך באַזוכסן פון אַ אידייע פיקס, וואָס איך מאַך כסדר אָט דעם היסטאָרישן חשבון? עס איז דערפאַר וואָס אויף אַלע וועגן פון דער נייער וועלט גייט אונדז נאָך דער גרויסער יידישער חורבן אין דער אַלטער וועלט פון אייראָפּאַ. עס איז דערפאַר וווייל דאַכאַו און אוישוויץ און טרעבלינקע האָבן זיך אַריינגעשניטן אין יידישן זכרון און געמיט — און עס גייט אונדז אַנטקעגן, אויך אויף די געשיכטלעכע שליאַכן פון דער נייער וועלט. ווייל די קריסטלעכע אָנפירערס אין אייראָפּאַ האָבן געהאַלטן יידן פאַרשפּאַרט און פאַרפאָלגט, און זיי האָבן עס פּרובירט פאַרזעצן אויך דאָ. דערפאַר וואָלטן מיר געדאַרפט לערנען מיט זיך, און, דער עיקר, מיט אונדזערע קינדער, כסדר, אָן אויפהער, יידישע געשיכטע, אָדער — די צוויי פאַרשטעלונגען, וואָס „לויפן“ איצט אויף בראָדוויי, אין שכנותדיקע טעאַטערן. „די ראָטשיילדס“ — עס איז געווען אַ פאַלשער וועג, אויב עס איז בכלל געווען אַזאַ „וועג“ און אַזאַ ווילן. יידיש פאָלק לעבט איצט איבער זיין באַנייטע גרויסע פאָלקס־דראַמע, ווי אַמעריקע פון 1776 — און עס איז דאָ פון וואָס זיך צו לערנען.

# אין געשיכטלעכע שפורן

דער וועג גייט דורך די אַלטע קאָלאָניעס, וואָס מען האָט גערופן ביי ענגלאַנד. עס איז אַ שיינער וועג. עס איז אַ פּראַכטיקע לאַנדשאַפט, פון די שענסטע אין דעם לאַנד, וואָס איז געבענטשט מיט אַזוי פיל שיינקייט, מיט אַזוי פיל טייכן, אָזערעס, ימים, בערג און וועלדער. מיר פאַרנעמען זיך, דורך אומוועגן, צו דעם קליינעם אָרט וואָס הייסט פּאַלמיראַ. וואָס זוכן מיר אין פּאַלמיראַ? עס איז דאָך אַ רייזע צו נעכטיקע טעג, אָדער אַ היסטאָרי־שער צוריקגאַנג, און דאָ האָט יוסף סמיטה געשאַפן, אין 1830, אַ נייע רעליגיעזע באַוועגונג, די מאָרמאָנען, — און אויך דאָס האָט אַ שטיקל שייכות צו יידן.

יוסף סמיטה איז אַלט געווען 17 יאָר. אַ פּראָסטער לאַנד־אַרבעטער, וואָס האָט קוים געקענט לייענען די ביבל, און אַ ספק צו ער האָט געקענט שרייבן. אָבער אין איין גוטן פרימאָרגן האָט ער דערקלערט אַז ער האָט געהאַט אַ חלום. מען האָט אים מגלה געווען אין חלום, אַז דאָ, טאַקע אויף דעם בערגל פון דער פאַרם ווו ער אַרבעט, זיינען באַהאַלטן הייליקע שריפטן, ווו עס ווערט דערציילט, אַז די אמתע יידן האָבן געלעבט אין אַמעריקע, מיט אַ סך יאָרהונדערטער צוריק. אָבער זיי זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן, אונטערגעגאַנגען, ווייל עס איז ווידער געווען אַ געטלעכער צאָרן, ווי אין די צייטן פון מבול, אַזוי ווי דאָס ווערט דערציילט אין דער תורה. נאָר דאָ, אין אַמעריקע, איז נישט געבליבן קיין תיבה (קאַסטן) און ניט קיין נח. געבליבן זיינען נאָר די באַהאַלטענע שריפטן, וואָס זיינען ערשט צו אים אַנטפּלעקט געוואָרן.

און לויט די שריפטן, לויט דער התגלות, דאַרף אויפ־קומען די נייע רעליגיע, ווי די שריפטן האָבן עס אָנגע־זאָגט. די רעליגיע, די אמתע, דאַרף טאַקע אויפקומען אין אַמעריקע, וואָס איז די נייע ארץ ישראל . . .

עס איז אפשר די גרעסטע פאַנטאַסטישע רעליגיעזע געשיכטע אין דער נייער צייט. און אַזוי טאַקע רופן זיך די מאָרמאָנען: די שפּעטערדיקע (לעצטע) אַפּאָסטאַלן, אָדער הייליקע. און אין דער עצם פאַנטאַסטישקייט זיינען אַריינגעפּליאָנטערט נאָך צענדליקער פאַנטאַסטישע מנה־גים, וואָס די סעקטע האָט אָנגענומען, צווישן דעם אויך פּאָליגאַמיע, דאָס נעמען מער ווי איין פרוי. ווייל יוסף סמיטה האָט בעיקר געבויט זיין רעליגיע — ווי דאָס רוב נייע רעליגיעזע סעקטעס, ווי די פּיוריטאַנער און די קוויקערס, און ווי די פּראָטעסטאַנטן בכלל — אויף דעם חומש, אָדער, ווי זיי זאָגן, דעם אַלטן טעסטאַמענט; אויף דער ווערטלעכקייט פון דער תורה.

די סעקטע האָט פּראָגרעסירט — דורך פאַרפאָלגונ־גען, ווי עס איז דער דרך פאַר אַלע נייע אידייען און גלויבענישן. אָבער די סעקטע האָט אויך געטאָן, אָדער נאָכגעטאָן, דאָס זעלבע וואָס ענלעכע באַוועגונגען האָבן געטאָן אין אייראָפּאַ: געפונען אַ נייע שטיק טעריטאָריע, וו מען זאָל קענען פּראַקטיצירן דעם נייעם גלויבן אומ־געשטערט. אַזעלכע באַוועגונגען אין אייראָפּאַ האָבן עס געפונען אין דער נייער וועלט. די מאָרמאָנען האָבן גע־האַט געזוג ליידיקע שטחים אין אַמעריקע גופא. זיינען זיי אַוועק דורכן מדבר, אַריבער די בערג, קיין יוטאַ, דורך שווערע ליידן פון וואַנדערונג, און געשאַפן די סאָלט לייק סיטי. מיט די יאָרן האָבן זיי געביטן אַ טייל פון זייערע מנהגים, אָבער געבליבן ביי די עיקרים פון זייער נייער, משונהדיקער אמונה. היינט זיינען זיי אויס־געוואַקסן צו עטלעכע מיליאָן, האָבן מיסיאָנערן און נאָכ־פאָלגערס אין דער גאַנצער וועלט, פון ניי זעלאַנד ביז דרום אַפריקע, פון יאַפּאַן ביז נאָרוועגן. און זיי האָבן פּערזענלעכקייטן, וועלכע שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין פּאָליטישן, פינאַנסיעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אַמעריקע.

יידן האָבן ניט געקענט שאַפן זייער אייגענע קאָלאָניע אין אַמעריקע, זיך איינבירגערן עטנאָצענטריש, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט די שטיצע און די „דעקונג" פון קיין

מאַכטיקע מדינה אין אייראָפּאַ. אָבער זיי זיינען אויך ניט אויפגעקומען ווי אַ רעליגיעזע באַוועגונג, וואָס זאָל „פאַרכאַפן“, איינעמען די פאַנטאַזיע פון מיליאָנען מענטשן אין דער נייער וועלט. און אַז דאָס איז מיגלעך געווען — איז דער בעסטער באַווייז פון די מאָרמאָנען, און ניט נאָר פון זיי אַליין.



אַ גרויסער טייל פון די מיגראַנטן קיין אַמעריקע, ווען דאָס גרויסע לאַנד איז נאָך ניט געווען באַפעלקערט, זיינען געווען אויפנעמיק, עמאָציאָנעל, צו נייע רעליגיעזע אידייען. און נייע קריסטלעכע באַוועגונגען זיינען געגאַנגען צוריק צום אַלטן וואָרצל. זינט דער לוטעראַניזם האָט זיך אָפגעשפּאָלטן פון רוים האָבן אַלע ווייטערדיקע קריסטלעכע סעקטעס געהאַט אַ ווילן צוריקצוגעפינען דעם וועג צום יידנטום — ניט מיטן ווילן צו אָנעמען די פולע לערע פון יידנטום. אין אַלע די סעקטעס איז געווען אַ מיסטישער דרך ארץ פאַר יידן, וואָס זיינען עלטער, וואָס זיינען געווען לענגער ציוויליזירט און געהאַט אַ טיפערע פאַרבינדונג מיט דער לערע פון געטלעכקייט; עס האָט זיי געצויגן צום יידנטום און, גלייכצייטיק, זיי געהאַלטן אָפּגעפרעמדט; אַ געמיש פון פאַרערונג און פאַראַכטונג, וואָס איז כסדר איבערגעגאַנגען אין האַס. ביז עס איז אויפגעקומען די טעאָריע וועגן „אַלטן“ און „נייעם“ יידנטום, וואָס די ערשטע דאַרף מען אַכפערן און ליבן, און די צווייטע באַליידיקן און פאַרפאָלגן. אָבער אַמעריקע איז אַליין געווען ניי, יונג, און אירע נייע באַוווינער האָבן געזוכט גייסטיקע קרובהשאַפט מיט יידן. באַזונדערס האָבן עס געזוכט די נייע קריסטלעכע סעקטעס, וועלכע זיינען אַריבערגעקומען פון אייראָפּאַ, און יענע וועלכע זיינען אויפגעקומען אין אַמעריקע גופא. אָט איז נאָר איין אַרויסגעכאַפּטער עפּיזאָד פון אַ סך היסטאָרישע באַווייזן: דעם 23טן סעפטעמבער 1844 (אין דער זעלבער צייט ווען עס איז אויפגעקומען די מאָרמאָנען באַוועגונג) האָט געשריבן אַ גלח, הוז, פון באָסטאָן:

איך בין געווען שטאַרק איבעראַשט ווען איך האָב זיך דערוווסט, אַז אין אונדזער שטאָט געפינט זיך אַ

סינאַגאָגע, ווייל איך בין שוין לאַנג געווען פאַראינ־טערעסירט אין דעם דאָזיקן אַלטן פאָלק און געפילט פאַר אים ליבע און דרך ארץ.

הרז איז געווען איבעראַשט צו זען ווי יידן „לייענען פלייסיק לשון קודש". ער באַדויערט וואָס זיי מוזן דאַוו־נען אין אַ געדונגענעם פלאַץ, און דאָס איז געווען זיין כוונה מיטן שרייבן דעם בריוו אין רעדאַקציע: די קריסטלעכע באַפעלקערונג זאָל העלפן אויפשטעלן פאַר די יידן אַן אייגענע סינאַגאָגע. („איוונינג מערטשענטייל דזשערנאַל", סעפטעמבער 23, 1844).

אָבער מיר שרייבן דאָ ניט די געשיכטע פון יידן אין אַמעריקע, כאַפּן מיר נאָר אַרויס די דאָזיקע אילוסטראַ־ציע, איין עפּיזאָד פון אַ סך מער קאָנקרעטע היסטאָרישע באַווייזן, אַז עס זיינען געווען שטאַרקע סענטימענטן און מיסטיש־רעליגיעזע דראַנגען אין דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג פאַר גייסטיקער קרובהשאַפט צו יידן. דאָס האָט זיך שפּעטער אויסגעווירקט פּראַקטיש, אַז יידן זאָלן קענען קומען און אויפקומען אין אַמעריקע, צו דעם אָרט וועלכן זיי האָבן דערגרייכט. און — אויך דאָס דאַרף מען ניט פאַרשווייגן: דער רעליגיעזער דרך ארץ וואָס קאָנטיקע טיילן און פּערזענלעכקייטן אין אַמעריקע האָבן געפילט צו יידן האָט געהאַט פאַר זיי גרויסע אַנטוישונ־גען, ווען זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט אַ סך אומשיינע מעשים פון יידן, שפּעטער, אין די גרויסע שטראָמען פון יידישע מיגראַנטן. די הנהגות פון אַ סך יידן, וואָס דער געטאָ, טאַקע דער קריסטנטום אין אייראָפּאַ, האָט אויף זיי אַרויפגעצוווּנגען, און זיי האָבן עס פּראַקטיצירט אויך אין די נייע געטאָס, וואָס זיי האָבן געשאַפן אין אַמע־ריקע, האָט אָפט אַרויסגערופן אַנטוישונג און שטאַרקן ווידערווילן ביי טיילן פון די קריסטלעכע מיטבירגער, און אַ טייל האָבן עס געלאָזט קומען צום אויסדרוק. אָבער דאָך איז ניט אויפגעקומען קיין האַסיקער אַנטי־סעמיטיזם — און דאָס דאַרף געזאָגט ווערן צום שבח פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. און כאַראַקטעריס־טיש זייער, אַז אויף וויפל עס זיינען געווען אויסדרוקן, שאַרפערע, קעגן יידישע שלעכטע הנהגות אין יענע יאָרן, זיינען זיי כסדר און בעיקר געקומען פון די דייטשע מיגראַנטן אין ניו־יאָרק, און טאַקע דאָס רוב קעגן זייערע געוועזענע מיטבירגער פון דייטשלאַנד, וועלכע זיינען

אַוועק פון דעם אַנטיסעמיטיזם דאָרטן, און ער איז זיי נאָכגעגאַנגען אויך אין דער נייער וועלט. און די דייטשן האָבן דאָן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אַמעריקע, באַזונדערס אין ניו־יאָרק. אין 1840 האָט זיך אָנגעהייבן די גרויסע מיגראַציע פון דייטשן קיין אַמעריקע, און אויך פון דייטשע ייִדן. אין 1878 איז געווען אַ שאַצונג פון 180,000 דייטשן אין ניו־יאָרק אַליין. ייִדן זיינען דאַן געווען 60,000 אין ניו־יאָרק, דערפון פערציק טויזנט דייטשע ייִדן. די דייטשן האָבן געהאַט וואָגיקע אייגענע צייטונגען, קולטור און ספּאָרט קלובן. די דייטשע קולטור און שפּראַך איז אויפגעהאַלטן געוואָרן, מיט אַ ווילן איר איינצובירגערן אין אַמעריקע, און די ייִדישע מיגראַנטן פון דייטשלאַנד און עסטרייך האָבן צוגעהאָלפן אין דעם.



די גייסטיקע קרובהשאַפט, וואָס אַ סך קריסטן אין אַמעריקע האָבן געפילט צו ייִדן, איז ניט געווען נאָר אויפן יסוד פון מיסטישע און רעליגיעזע סענטימענטן. עס איז אויך געווען אַ קאָנצעפּציע, ביי גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג, אַז עס עקזיסטירט אַ היסטאָרישע קולטור־שייכות צווישן ייִדנטום און דעם אַלגעמיינעם פרייהייטס ווילן, וואָס קומט צום אויסדרוק אין דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע און אין דעם אויפקומענדיקן אַמעריקאַנער לעבנס־וועג. דאָס האָט זייער ריכטיק פאַרשטאַנען, און אויסגעדריקט, ראַבּיי יצחק מאיר ווייס, דער ערשטער רעפאָרם ראַבּיי און גרינדער פון דער רעפאָרם באַוועגונג אין אַמעריקע, אין 1854. ער האָט אָפט אָנגעוויזן, אַז די רעליגיעזע און גייסטיקע קולטור פון ייִדנטום איז צוגעפּאַסט צו באַווירקן און „איינעמען“ אַמעריקע. און אַזאַ שטאַרקער געפילס־באַוווסטזיין איז געווען אין דער השפּעהדיקער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט. (וועגן דעם ברענגט אַ סך באַווייזן עדוואַרד מ. בייקער, אין „דזשודאַאיזם ענד טהע אַמעריקען ספּיריט“. און יאָרן שפּעטער איז דער קולטור־דרך ארץ פאַר ייִדן אויסגעדריקט געוואָרן אויך פון אַ סאָציאַליסטישן שרייבער, דייוויד גראַהאַם פיליפּס, אין אַ בעלעטעריסטישן ווערק, „טהע קאָנפליקט“. דער שרייבער ברענגט אַרויס, אַז

מאַרקס און יעזוס זיינען געווען יידן, „אַרבעטער פירער, רעוואָלוציאָנערן“, און ער לאָזט קומען צום אויסדרוק זיין דרך ארץ פאַר יידן, אין צושטעל צו די יידישע מיגראַנטן אין אַמעריקע).

יידן האָבן די היסטאָרישע מיגלעכקייטן, פאַר קולטור שותפות און קולטור־באַווירקונג, ניט אויסגענוצט — און ניט געקענט אויסנוצן. פונקט ווי זיי האָבן ניט געקענט אויסנוצן די מיגלעכקייט צו שאַפן אין אַמעריקע אַן עטנאָצענטרישע קאָלאָניע, אַזוי האָבן זיי פאַרפאַסט די מיגלעכקייט צו ווערן אַן אָפענער קולטור־באַשטימנדיקער פאַקטאָר. די ערשטע יידישע מיגראַנטן, די ספרדישע יידן, זיינען עס טיילווייז געוואָרן. אַזוי טאַקע, מיט פולער פריינדשאַפט, זיינען זיי אויפגענומען געוואָרן פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אָבער זיי זיינען געווען ווייניק אין צאָל, האָט זייער השפעה ניט געקענט זיין ממשותדיק ווען מאַסן האָבן אָנגעהייבן שטראָמען קיין אַמעריקע. און די קוואַנטיטאַטיוו גרויסע מיגראַציע פון מזרח אייראָפּאַ האָט ניט געהאַט די קוואַליטאַטיווע כוחות. עס האָבן געפעלט צווישן די דאָזיקע מאַסן פירערס, געניטע מנהיגים מיט וויזיע און קולטור. די ערשטע פון די דאָזיקע מיגראַנטישע שטראָמען איז נאָכגעגאַנגען דער געטאָ, מיט אַלע זיינע ביטערע און שלעכטע באַגלייטונגען — און אַנדערש האָט דאָך דאָס גאָר ניט געקענט זיין. זיי זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַמעריקע פון באַליידיקונגען און אונטערדריקונגען במשך פון הונדערטער יאָרן, געיאָגטע פון פּאָגראָמען, אָרעם און עלנט, אָן אַ שפּראַך, אָן מאַניערן, אָן וועלטלעכער קולטור. עס איז זיי געווען פרעמד די פרייהייט, צו וועלכער זיי האָבן געלעכצט, עמאָציאָנעל, אָבער זיך נאָך ניט געקענט אַריינפּאַסן אין איר. זיי זיינען באַלד אַריינגעדרייט געוואָרן אין די רעדער פון דער אינדוסטריעלער עקספּאַנסיע, וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהייבן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. דער שווונג פון דער פאַבריקס פּראָדוקציע האָט געמוזט צעטומלען די יידישע מיגראַנטן, געקומענע פון אָפּגעשטאַנענע לענדער און פון אַ פּרימיטיווער עקאָנאָמישער ווירטשאַפט. אַלץ איז זיי געווען פרעמד און אפילו באַליידיקנדיק, ווען היימיש־בעלי־בתישע יידן האָבן געדאַרפט אַוועק אין די „שוויץ שעפּער“. אַמעריקע — „עמי ריקה“, פוסטער פאָלק, האָבן

זיך, אויפן יידישן שטייגער, געווערטלט משכּילים. און אפילו אַזוי שפּעט ווי אין 1897 האָט נאָך אַ משכּילישער פּאָעט געוויינט, אין זיינס אַ לידער־זאַמלונג, מיטן כאַראַקטעריסטישן נאָמען על נהר כבר, וואָס איז אַרויס אין ניו־יאָרק:

תחת שמים חדשים וארץ חדשה!
כנסת ישראל על בניה רטשה,
אראה מוצאי גולה אך לא אכירם!
הזקנים נמים ומי אכזר כי יעירם!
והבנים — הן הם כמו טרם ידעו,
כי ממעי יהודה המה יצאו!

(„אונטער אַ נייעם הימל און אין אַ ניי לאַנד/ווערט דאָס יידישע פאָלק צעשטיקלט/איך זע די אָנקומענדיקע פּאַר־טריבענע, אָבער איך דערקען זיי ניט/די אַלטע שלאָפן און ווער איז אַזאַ האַרצלאָזער (אכזר) זיי צו וועקן/און די קינדער האָבן זיך נאָך ניט דערוווסט/אַז זיי שטאַמען פון יידישן פאָלק).

עס איז דער אַלטער געקלאָג, וואָס איז נאָכגעגאַנגען יידן אויף אַלע וועגן; עס האָבן עס נאָכגעוויינט דעם פאָלק דער גרעסטער טייל פון זיינע כמו משכּילים. אָט די האָבן אַלע מאָל און אומעטום געוועלט איינהאַלטן די רעדער פון דער געשיכטע, געקערעוועט די שיף צוריק; עס איז זיי אַלע מאָל געווען בעסער — נעכטן. די דאָזיקע פּסיכאָלאָגישע פאַרקראַמפּונג האָט זיך כסדר געדעקט מיטן געוויין אויף גלות השכינה, מיט מגידישער שטראָף, אַז אַמאָל איז געווען בעסער, קולטורעלער, יידישלעכער. די שטראָפערישקייט און נאָסטאַלגיע־טרערן זיינען שטענדיק געווען אַ פּראָדוקט פון סנאָביזם, פון וועלן אַרויסווייזן אייגענע קולטור־העכערקייט, ווייל די בעלי מוסר האָבן ניט געקענט געפינען פאַר זיך קיין אָרט אין דער נייער געזעלשאַפט, אין דעם ראַשיקן לעבן, וואָס האָט געמאָנט נייע טענער, נייע אידייען, און אויך אַ ניי לשון.



יידיש האָט גלייך פון אָנהייב זיך געשטעלט מיט פּאָזיטיווער צוגעהעריקייט צו אַמעריקע. אין די ערשטע צייטונגען אין יידיש (די ערשטע יידישע צייטונג אין

דער מערבדיקער העמיספערע, די פּאָסט, איז אַרויס אין 1870), ווו אַלע האָבן זיך געפּלייסט צו שרייבן האָך דייטשמעריש, ווערט כסדר געלויבט דאָס לעבן פון יידן אין אַמעריקע, זייערע טואונגען, זייערע ראַנגלענישן פאַר עקאָנאָמישע דערגרייכונגען, און אויך זייערע רע־ליגיעזע און קולטורעלע פירונגען ווערן פּאָזיטיוו אַרויס־געהייבן, הגם אָט די הנהגות זיינען שוין מיט נייע, אַמע־ריקאַנער מאָדעלירונגען. דערביי ווערט אין די יידישע צייטונגען שטענדיק געטייטלט אויף דער ביטערער מערכה פון יידן אין רוסלאַנד, וואָס צו דעם ווערט אַנט־קעגן געשטעלט די פרייהייט אין אַמעריקע. אָט דעם גייסט האָט, שפּעטער, אויסגעדריקט געוויס דער פאָלקס־דיכטער אליקום צונזער, ווען ער איז אָנגעקומען אין אַמעריקע, אין 1889. ער האָט געשריבן:

> ווען איך גיב אַ קוק אויף מיינע יידישע ברידער דאָ, ווען איך זע צו וועלכע ריזן עס זיינען אויסגע־וואַקסן יענע רוסישע (געמיינט יידן פון רוסלאַנד — ל.ש.) שקלאַפן; ווען איך זע ווי מיינע ברידער וואַקסן, געדייען און גיבן גוטע פּרוכט אונטער דער ליכטי־קער זון פון דער פרייער אַמעריקע, און ווען איך זע ווי זיי פּראָגרעסירן און גייען אַלץ ווייטער אויף די וועגן פון אמתער ציוויליזאַציע, בילדונג, קונסט און אינדוסטריע, פילן זיך אָן מיינע אויגן מיט פריידיקע טרערן.

יידיש האָט געדינט יידן אין אַמעריקע געטריי, האָט אויסגעדריקט זייערע געפילן, אָפּגעשאַצט ריכטיק זייער מעמד און געהאָלפן זיי זיך דערהויבן, אויפקומען. אָבער יידן אין אַמעריקע האָבן ניט אָפּגעדאַנקט יידיש מיט ליבשאַפט. זיי האָבן פאַרוואָרפן יידיש, אַזוי גיך נאָר ווי זיי האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס, צו וואָס יידיש האָט זיי צוגעהאָלפן. אין אַ קאָנטיקע מאָס איז דאָס געווען די שולד פון יענע, וועלכע האָבן געהאַט די הויפּט דעה אין דער יידישער פּרעסע, און, טיילווייז, אויך פון אירע ערשטע ליטעראַרישע שעפערס. זיי זיינען צופיל פאַר־בליפט געוואָרן פון דער אַמעריקאַנער פרייהייט און פאַרלאָרן די נויטיקע גלייכגעוויכט פאַר איינהיטן די אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געמיינט, אַז די „פרייהייט" באַשטייט אין פראַוועגען בעלער יום כפור. מען האָט געשפּייזט די מאָסן מיט

האַלב פאַרדייטע קאָסמאָפּאָליטישע טעאָריעס, פון מאַרקס און פּלעכאַנאָוו, וועלכע זיינען געווען צוגעפּאַסט פאַר רוסלאַנד, און ניט פאַר דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט און פאַר דעם דרך אויף וועלכן אַמעריקע האָט זיך פאַרנומען. און געוויס זיינען די דאָזיקע פאָלקס־פרעמדע טעאָריעס ניט געווען אָנגעפּאַסט פאַרן יידישן פאָלקס מענטשן, וואָס יידישע טראַדיציע איז געווען אין זיין געמיט, ווען אפילו ער האָט זיך שוין דערווייטערט פון אָפּהיטן פרומע יידישקייט. פאַרן געקומענעם יידן פון מזרח אייראָפּאַ האָט געמוזט קלינגען ווי אַ מיסיאָנערישער אָנרייד צו עפּעס אַ נייע שמד־באַוועגונג, ווען ער האָט געלייענט אַזעלכע שורות פון דעם יידישן דיכטער נתן לאַמפּערט:

נאָר וויסן זאָל אָט דער וואָס וויל,
אַז ניט אַ נאַציאָנאַל געפיל
איז פרייהייטס גרויסער שטרעבונג־ציל.
עס גיבן קיינע נאַציאָנען מער,
נאָר קלאַסן צוויי, דער קנעכט און האַר.

און מאָריס ווינטשעווסקי, דער הויפּט פון די אַזוי גערופענע פּראָלעטאַרישע דיכטער, האָט נאָך אויך גערופן „די יידעלעך" (אַ פאָלק וואָס האָט געטראָגן אויף זיך דעם יחוס פון באַרג סיני און דעם שטאָלץ פון נביאים זיינען ביי אַ סך פון יענע „ראַדיקאַלן" געוואָרן „יידעלעך". ניט אין ליבשאַפטלעכן זין. דאָס איז אַזוי געניצט געוואָרן מיט גרינגשעצונג. און דערפון דאָס באַליידיקנדיקע „אַ יידל", וואָס ווערט באַנוצט אפילו ביז היינט, ניט נאָר פון אַנטיסעמיטן, נאָר אויך פון יידישע מיילער). ווינטשעווסקי האָט געשריבן:

יידעלעך, איר זייט ביי אַלע נאַציאָנען
גרים און תושבים צו גלייך
זייט איצט ביי זיי אין די פרייהייטס־לעגיאָנען.

מילא די לאָגיק און די פּאָעזיע פון „גרים און תושבים" קען מען מוחל זיין אַ דיכטער פון יענער צייט. אָבער דער רוף צו דינען אין זייערע פרייהייטס־לעגיאָנען איז אַרויסגעדרונגען פון דעם „יידעלעך", פון אומבאַציאונג צום יידישן מענטשן, אומגלויבן אין די יידישע פאָלקס כוחות, און געוויס אין די נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס פון יידישן פאָלק. די איינציקע ישועה פאַר יידן האָבן אַזעלכע פירער געזען אין זייערע פרייהייטס־

לעגיאָנען, ווו יידן זאָלן זיך אויסמישן און „ולא נודע כי באו אל קרבנה“, מען זאָל ניט מער אָנזען זייער אייגנ־אַרטיקייט. „מיר האָבן ניט קיין יידן פּראָבלעם אין אַמע־ריקע, אונדזער איינציקע פּראָבלעם איז ניט צו דערלאָזן אַזאַ פּראָבלעם זאָל אויפקומען“. אַזוי האָט עס פאָרמו־לירט דער הויפּט פון יענע טעאָרעטיקער, אייב קאַהאַן, אין וועמענס הענט עס איז געווען די דעה און די מאה איבער יידיש, יאָרן לאַנג, אין די בעסטע יאָרן פאַר יידיש אין אַמעריקע. אין פּרינציפּ איז די דאָזיקע טעאָריע גע־ווען אַ ריכטיקע, ווען זי זאָל ניט האָבן געווען אַרויסגע־דרונגען און באַגלייט געוואָרן פון תוכיק אַנטי נאַציאָ־נאַלע מיינונגען. שפּעטער האָט אייב קאַהאַן געביטן זיינע מיינונגען, און יידיש, אין איר גרויסער ליטעראַרישער צעוואַקסונגס תקופה, האָט שוין אַוועקגעשפּרייזט אויף אַ נאַציאָנאַלן וועג. אָבער — עס איז געווען צו שפּעט.

געוויס דאַרף מען צוגעבן, אַז עס איז לגמרי נישטאָ קיין זיכערקייט, אַז יידיש אין אַמעריקע וואָלט געהאַט אַ בעסערן גורל, ווען זי וואָלט פון אָנהייב אָן געווען אין גאַנצן נאַציאָנאַל. די דאָזיקע פראַגע איז אויפגעקומען אין אַ געשפּרעך מיט איינעם פון די שעפערישסטע יידישע שרייבער אין ניו־יאָרק, אַ זעלטענער תלמיד חכם. מיר האָבן שפּאַצירט לאַנגע שעהן אין די שטילע, זונטאָגדיקע גאַסן, באַזונדערס אין די אַלטע יידישע געגנטן פון דער איסט סייד. אונדזער שמועס איז בעיקר געגאַנגען וועגן דעם גזר פון כרת וואָס קומט אויף יידיש. עס איז צוגע־פאַלן דער פאַרנאַכט. מיר זיינען געווען מיד פון גיין און אָנגעביטערט פון אונדזערע רייד. ניו־יאָרק האָט גענומען אויפשיינען מיט דעם ים פון אירע ליכטער. מיין גוטער פריינד האָט אַ וויִז געטאָן מיטן האַנט צו די אויפהעלנ־דיקע ליכטער, צו די טורעמדיקע וואָלקן קראַצערס, און געזאָגט מיט געבראָכנקייט און טיפן יאוש: ווער וייס, אפשר איז יידיש נישט געבוירן געוואָרן פאַר דעם; דאָס אָפּגעציטערט לשון האָט דאָ ניט געהאַט קיין לופט.



דער לויפיקער חשבון איבער די וועגן פון נעכטן איז דאָ געמאַכט געוואָרן צוליב די געשעענישן היינט און מיטן אַרויסקוק צום מאָרגן. דורך אַלע נסיונות און

ניט אויסגענוצטע היסטאָרישע מיגלעכקייטן זיינען יידן אין אַמעריקע פּאָרט אויפגעקומען צו גרויסקייט, וואָס ניטאָ צו דעם קיין גלייכעניש אין דער יידישער געשיכטע. די סעפּעראַטע, נאַציאָנאַלע יידישע איינזאַמלונג איז אויפגעקומען — ווו עס האָט געדאַרפט אויפקומען, אין ארץ ישראל, מיטן אויפקום פון דער יידישער מדינה. און צו דעם האָט געהאָלפן, און העלפט עס שטאַרקן, דער גרעסטער יידישער כוח־רעזערוואַר, דער יידנטום אין צפון אַמעריקע. און דער צושטייער פון יידן אין אַמעריקע, פאַר אַמעריקע, אויף אַלע מענטשלעכע געביטן, איז געוואָרן גרויס און ווירקזאַם. יידן האָבן אָפּגעדאַנקט אַמעריקע, מאַטעריעל און גייסטיק, און עס זיינען היינט אָנזעעוודיק די קולטור־גייסטיקע יידישע ווירקונגען אין אַלגעמיינעם לעבן, וואָס איז לטובה פאַר דער דעמאָקראַטיע און מאָראַל פון אַמעריקע. גרויסע יידישע יוריסטן, וויסנשאַפטלערס, מעדיקער, פינאַנסיסטן, פּאָליטישע באַראַטערס, סענאַטאָרן, די גרינדערס פון יוניאָנס, שרייבערס, מוזיקער, פילאַנטראָפּן — זיי אַלע האָבן בייגעשטייערט פון זייער אַלטער יידישער קולטור אין דעם גאַנג פון דער גרויסער, נייער וועלט. (איין ביישפּיל דאַרף דערמאָנט ווערן ביים נאָמען: שמואל קעמפּערס, דער ייד מיט אַ יאַרמולקע, וואָס האָט, אין 1886, געשאַפן די אַרבעטער פעדעראַציע, וואָס איז אויסגעוואַקסן, סאָציאַל און פּאָליטיש, צו די גרויסע, ווירקזאַמע יוניאָנס). און דער יידישער מוח און כוח צושטייער פאַר אַמעריקע איז ערשט אין אויפשטייג.

פּראָפ. שמעון דובנאָוו האָט געשריבן, אין 1910, לויטן באַקאַנטן פּסוק אין חומש:

> אויב עשו וועט באַפאַלן אונדזערע פּאָזיציעס אין אייראָפּאַ, וועט די צווייטע פּאָזיציע, אין אַמעריקע, בלייבן אָפן פאַר יעקבן און די פאַרבליבענע מחנה וועט האָבן ווו צו אַנטרינען. (פון דובנאָווס מכתבים).

עס איז ניט געשען פּונקט אַזוי ווי דובנאָוו האָט עס געגלויבט, לויט זיין איינגעגלויבטקייט אין גלות. די ערשטע „פּאָזיציע", אין מזרח אייראָפּאַ, איז קיין פיזישע פּאָזיציע ניט געווען, קיין מאָל ניט. און עס איז געקומען דער גרויסער חורבן, וואָס האָט פאַרשניטן דאָרטן דאָס יידישע פאָלק, אין וועלכן עס איז אויך אומגעבראַכט געוואָרן דער גרויסער היסטאָריקער. און די פיזישע און

גייסטיקע רעטונג איז געקומען פאַרן פאָלק מיטן אויפקום פון מדינת ישראל. אָבער יידן אין אַמעריקע האָבן צוגעטראָגן אַ קאַנטיקן חלק, מיט זייער השפּעה, אַז די מדינה זאָל עטאַבלירט ווערן, און מאַטעריעלער הילף פאַר מדינת ישראל — און אין דעם זין איז שמעון דובנאָוו געווען גערעכט מיט זיין האָפנונג אויף אַמעריקע. איצט דאַרפן יידן אין אַמעריקע ישראל — געוויס ניט ווייניקער ווי ישראל דאַרף זייער הילף. ווייל ערשט דורכן אויפקום פון דער יידישער מדינה האָט דער גרויסער און שטאַרקער יידישער קאָלעקטיוו אין אַמעריקע באַקומען גייסטיקע פאַרזיכערונג און יידיש־מאָראַלישע אָנהאַלט און שטאַרקונג — אַ זאַך וואָס יעדער טראַכטנדיקער ייד אין אַמעריקע פילט עס, פאַרשטייט עס און זאָגט עס. וואָס וואָלט געשען מיטן יידנטום אין אַמעריקע, גייסטיק־יידיש, אָן מדינת ישראל — איז אַ רעטאָרישע פראַגע, וואָס עס איז היינט ניט נויטיק צו טראַכטן וועגן דעם. עס איז געשען, ווי עס האָט היסטאָריש געמוזט געשען, און עס איז אונדזער נאַציאָנאַלער מזל וואָס עס איז אַזוי געשען, אַז די אינטערעסן און דער גאַנג פון מדינת ישראל דעקן זיך, אויף אַ ברייטן פעלד, מיט די אינטערעסן און פּרינציפּיעלע איינשטעלונגען פון אַמעריקע. במילא איז אויך לייכטער, אַז מדינת ישראל און דער יידישער ישוב אין אַמעריקע זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען, און ביידע וועלן זיך באַווירקן און שטאַרקן קעגנזייטיק, מאַטעריעל און קולטורעל, פאַר אַ לאַנגע צייט, פאַרן נאַציאָנאַלן געזונט פון גאַנצן פאָלק.



עס איז גוט צו גיין איבער די וועגן פון אַמעריקע — דער גרויסער קאָנטינענט ווו עס איז קיין מאָל ניט געווען קיין רדיפות קעגן יידן — דער איינציקער קאָנטינענט, אויב מען זאָל ניט רעכענען דעם מיוזיניקל אויסטראַליע. דאָ ווירקט דער גייסט פון אברהם לינקאָלן, וואָס איז דער יסוד פון דעמאָקראַטיע: „אַזוי ווי איך וויל ניט זיין קיין קנעכט, אַזוי אויך וויל איך ניט זיין קיין האַר". עס פעלן ניט קיין פאַראייינצלטע ראַסיסטישע

אויסוווּרפֿן און פֿינצטערע אַנטיסעמיטן. אָבער דאָס זײַ־
נען דער אָפּשוים פֿון אייראָפּע, וואָס האָט זיך אַדורכ־
געריסן אין די רייען וואָסערן פֿון אַטלאַנטיק. דער
אַלגעמיינער קריסטלעכער מענטש אין אַמעריקע איז אַ
נייער טיפּ, מיט אַ וואַכן געוויסן פֿאַר גערעכטיקייט,
מיט שטילקייט, מיט קולטור, אָן פֿאַנאַטיזם, און מיט אַ
גלויבן אין מענטשלעכער חשיבות.

אַמעריקע איז די סאַמע פֿרייסטע, אָפֿענע געזעל־
שאַפֿט, מיט אַ פֿרייע פּרעסע, וווּ אַלץ שפּיגלט זיך אָפּ
און ווערט דיסקוטירט — אָפֿט אַפֿילו מער און העכער
וויפֿל עס איז נייטיק פֿאַרן נאַציאָנאַלן געזונט, נעמענדיק
אין באַטראַכט די אחריות וואָס אַמעריקע האָט אין דער
הײַנטיקער וועלט; אין דער וועלט וווּ עס איז פֿאַראַן אַזוי
פֿיל פּאָליטישע דיקטאַטור, סאָציאַל־עקאָנאָמישע לײַדן
און אידיאַישע צעטומלונג. און אַ סך נעגאַטיווע דער־
שײַנונגען אין אַמעריקע זײַנען אַ פּראָדוקט און אַן עכאָ
פֿון אָט דעם מצב אין דער וועלט. אָבער דער דעמאָקראַ־
טישער פּיר פֿון אַמעריקע האָט דעם ווילן און דעם כּוח
צו איבערשטאַרקן די נעגאַטיווע דערשײַנונגען בײַ זיך,
און עס לאָזט זיך אויך האָפֿן, אַז אַמעריקע וועט האָבן
גענוג מאָראַלישן כּוח צו באַווירקן מיטן זעלבן דעם גאַנג
און די צוקונפֿט פֿון דער וועלט.

## צווייטער טייל: פון קייפ צו קאַירא

# דער ישוב אין דרום אַפריקע

אויפן צפונדיקן ברעג פון שוואַרצן קאָנטינענט, אין און אַרום מצרים, האָבן יידן געלעבט פון סאַמע אָנהייב פון זייער געשיכטע. דערפאַר קען מען זאָגן, אַז פון די היינטיקע אַלע איינוווינער אין דרום אַפריקע זיינען יידן די עלטסטע גרופע, וואָס שייך זייער באַקאַנטשאַפט מיטן אַפריקאַנער קאָנטינענט. און עס זיינען פאַראַן היסטאָרישע צייכנס, אַז עקספעדיציעס פון שלמה המלך זאָלן האָבן דערגאַנגען, מיטן ברעג פון נילוס טייך, ביז דער היינטיקער ראָדעזיע, וואָס גרענעצט זיך מיט דרום אַפריקע. די עקספעדיציעס זאָלן האָבן געקומען צו די קופער מינעס אין ראָדעזיע. די צייכנס זיינען איבערגעבליבענע שטיינערנע געבײַדעס, אַ שטיינערנע פעסטונג, וואָס געפינט זיך ביז היינט אין ראָדעזיע, די איינציקע פון דעם מין אויפן גאַנצן קאָנטינענט. דאָס איז געווים געבויט געוואָרן פון מענטשן, וועלכע זיינען דערגאַנגען אַהער פון זייער ווייט, און זיי האָבן זיך געדאַרפט באַשיצן, פון חיות און פון די אַרומיקע שוואַרצע וואַנדערנדיקע שבטים. פאַראַן פאַרשערס, וואָס דריקן אויס אַ השערה, אַז דאָס זאָל האָבן געווען אַן עקספעדיציע פון שלמה המלך. זיי האָבן נאָר געקענט געפינען זייער וועג

צוריק, אָדער ניט געוועלט גיין צוריק. האָבן זיי זיך אויסגעמישט מיט דער שוואַרצער באַפעלקערונג און פאַרלאָרן געוואָרן. אויב די דאָזיקע השערה איז אַ ריכטיקע, האָבן יידן אַ לאַנגע געשיכטע אויך אין דרום פון אַפריקע.

פון דער צווייטער זייט, צו דער קייפ פון גוטער האָפנונג, ווו ס'איז היינט קייפּטאַון, זיינען די ערשטע ווייסע מענטשן געקומען אין אַפריקע מיט איבער דריי הונדערט יאָר צוריק. צווישן די ערשטע געפינען מיר אויך יידישע נעמען. אויף דער שיף פון וואַסקאָ דע גאַמאַ, דער פּאָרטוגעזישער קאַפּיטאַן, דער ערשטער איראָפּייער וואָס איז אָנגעשוווּמען צו די וואַסערן פון דער קייפּ, איז געווען אַ יידישער דאָקטאָר. וואַסקאָ דע גאַמאַ האָט זיך אויך באַנוצט, אַזוי ווי קאָלומבוס, מיט מאַפּעס פאַר ים־פאָרערס פון יידישן געלערנטן אברהם זאַקוטאָ. אַזוי האָבן יידן צוגעטראָגן זייער חלק אין גרייכן דרום אַפריקע און עס עפענען פאַר דער איינוואַנדערונג פון איראָפּייער. אויך צווישן אַנדערע ים־פאָרערס, וואָס האָבן געזוכט אַ נענטערן וועג קיין אינדיע, געפינט מען יידישע נעמען. און עס איז באַקאַנט, אַז יידישע סוחרים אין אַמסטערדאַם האָבן געהאָלפן פינאַנסירן די עקס־פּעדיציע פון יאַן פאַן ריבעק, אין 1652, פון דאַן ווען עס הייבט זיך אָן די מיגראַציע פון איראָפּייער אין דרום אַפריקע.



די ערשטע גרעסערע גרופּעס איינוואַנדערער פון האָלאַנד זיינען געקומען קיין דרום אַפריקע צוליב רע־ליגיעזע פאַרפאָלגונגען. זיי זיינען געווען קאַלוויניסטן, אַ סעקטע פון לוטעראַנער, מיט אַן אייגענעם וועג אין דער פּראָטעסטאַנטישער רעליגיע. די דאָזיקע סעקטע איז געווען באַזונדערס שטאַרק אין דער שווייץ, אין אַ טייל פון ענגלאַנד און אויך אין האָלאַנד. אָבער זיי האָבן גע־זוכט אַן אייגענעם אָרט, אַ ניי לאַנד, ווו זיי זאָלן קענען פּראַקטיצירן זייער אמונה אומגעשטערט. זיי זיינען גע־ווען פיאָנערן טיפן, האַרטע מענטשן, פאַנאַטיש אין זייער גלויבן און אין זייער שטרעבן צו לעבן פריי אין אַ ווילד און ווייט לאַנד. זיי האָבן זיך גערופן „בורן", פּויערים, ערד אַרבעטער. דעם אַלטן טעסטאַמענט, אין וועלכן זיי

האָבן שטאַרק געגלויבט, האָבן זיי געגומען ווערטלעך, אָפּגעהיט די אָנזאָגן פון דער תורה, ווי זיי האָבן עס אויסגעטייטשט. זיי האָבן פאַרהערלעכט די אבות און זיך געוועלט פירן אַזוי, פשוט, פאַרכטיק פאַר גאָט, באַשיידן. די מענער האָבן געטראָגן בערד, זייערע פרויען לאַנגע קליידער, און זיי האָבן געהאַט גרויסע משפחות. דאָס לאַנד, אין וועלכן זיי זיינען געקומען, האָבן זיי באַטראַכט ווי עפּעס אַ נייע ארץ ישראל. דערפאַר האָבן זיי אַ סך ערטער אין לאַנד געגעבן ביבלישע נעמען, פון שטעט און פון טייכן אין ארץ ישראל. דערפאַר האָבן זיי זיך אויך באַצויגן מיט אַכטונג און רעספּעקט צו יידן — צו די יידן פון זייער פאַרשטעלונג, צו די ביבלישע געשטאַלטן. לעבעדיקע יידן האָבן די „בורן" כמעט ווי ניט געקענט. אין האָלאַנד, אין די ערטער פון וועלכע זיי זיינען געקומען, זיינען יידן ניט געווען קאָנטיק, אָדער טאַקע ניט געווען. צווישן די ערשטע „בורן" האָבן זיך אפשר געפונען אַ צאָל יידן, אפשר אנוסים, מאַראַנען. אָבער קיין לעבעדיקע שפורן זיינען ניט געבליבן פון זיי, נאָר פאַרנעפּלטע לעגענדעס. ערשט מיט דער גרעסערער מיגראַציע, פון ענגלאַנד און דייטשלאַנד, אין 19טן יאָר־הונדערט, זיינען געקומען יידן, און פון זיי הייבט זיך אָן ציילן דער אויפקום פון יידישן ישוב אין דרום אַפריקע, וואָס מען גערעכנט ווערן אַז עס איז אַלט 140 יאָר, ווייל די ערשטע קאָנגרעגאַציע איז געשאַפן גע־וואָרן אין יאָר 1841.



די ערשטע יידישע אימיגראַנטן, פון ענגלאַנד און פון דייטשלאַנד, זיינען געקומען אין אַ ווייסטע לאַנד. אַ רייזע פון ענגלאַנד האָט געגומען וואָכן. מען איז גע־וואָרן אָפּגעשניטן פון אַ וועלכן לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט גרויסע יידישע ישובים פון יענער זייט ים. די ווייסע „סעטלערס" האָבן געלעבט אונטערן שוץ פון מיליטער, פריער האָלענדישע, שפּעטער ענגלישע. מיטן לאַנד האָבן אָנגעפירט קאָמפּאַניס, פון יענער זייט ים, וועלכע האָבן עקספּלאָאַטירט די רייכטימער, נאַטירלעכע, וואָס זיינען שפּעטער געפונען געוואָרן אין גרויסע קוואַנטומס און פאַרשיידנאַרטיקע, קוילן, קופּער, אַזבעסטוס און אַנדערע מינעראַלן. די פאַרמערס האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט,

וויט איינער פון צווייטן, ווייל אַזוי איז געווען דער ווילן פון די קאַלוויניסטישע, ערשטע איינוואַנדערערס. דער זאַג איז געגאַנגען, אַז אויב מען זעט דעם רויך פון אַ שכנס קוימען — דאַרף מען זיך ציען ווייטער, ווייל עס ווערט צו ענג . . . די פּאַרעמס, אָדער פּלאַנטאַציעס, זיינען געווען גרויסע, ווייל יעדער האָט זיך גענומען, אָדער געקראָגן צוגעטיילט, וויפל ער האָט געוועלט.

עס זיינען שוין געווען אויפגעקומען קליינע שטעטלעך, דערפער, און אין זיי האָבן זיך באַזעצט די ערשטע יידישע מיגראַנטן. אַ טייל זיינען באַלד פאַרלאָרן געוואָרן ווי יידן, זיך דורכגעמישט מיט דער ווייסער באַפעלקערונג, ווייל זיי זיינען אפשר געקומען מיט אַזאַ ווילן. אַנדערע, און דווקא די שטאַרקערע, די געוואַגטערע, האַרטע פּיאָנערן, וועלכע האָבן זיך גיך אַרויפגעאַרבעט צו פאַרמעגנס, זיינען געבליבן יידן. זייערע נעמען זיינען געבליבן געדענקט ביז היינט, ווי פּיאָנערן פון לאַנד, וואָס האָבן אַנטוויקלט האַנדל, אינדוסטריע, בעיקר די מינען אינדוסטריע, און געעפנט אָפּזאַץ־מערק פאַר דרום אַפריקע. אַ טייל פון אָט די זיינען אויך געווען די פּיאָנערן אין שאַפן די יידישע קהילה. אָבער זייערע קינדער — כמעט אַלע — זיינען אַוועק פון יידנטום, דורך שמד, דורך געמישטע חתונות, אָדער סתם אַזוי זיך הערוויטערט ביז ניט האָבן קיין באַציאונג מיט יידן, אַלס יידן. ערשט מיטן קומען פון דער מזרח אייראָפּעאישער מיגראַציע האָט זיך אָנגעהייבן שאַפן אַ יידישע קהילה אין דרום אַפריקע, אַזאַ ווי מיר קענען איר ביז היינט.



די געשיכטע איז פול מיט צופאַלן, קאַפּריזן, אָדער, ווער עס וויל קען זאָגן, אַז אַלץ איז באַשטימט פון אומפאַרמיידלעכע געזעצן. די יידישע וואַנדער־געשיכטע דורך דער וועלט איז געוויס שווער צו דערקלערן נאָר מיט לאָגיק. ווי אַזוי איז דאָס דווקא געשען, וואָס אַ קליין הייפל יידן, פון אַ קליינעם ווינקל, אַ פאַרוואָרפּענעם, אין אייראָפּאַ, האָט „פאַרבלאָנדזשעט" אַזש קיין דרום אַפריקע און אויפגעשלאָגן דאָ זיינע געצעלטן? דער הייפל יידן איז געקומען פון ליטע לאַנד, וווּ עס זיינען ניט געווען מער ווי אַ הונדערט טויזנט יידן, און

עס האָט געשאַפן אין דרום אַפריקע, לויטן קלוגן זאָג פון נחום סאָקאָלאָוו, „אַ קאָונער גובערניע", אַ נייעם ליטוויש־יידישן ישוב, טויזנטער מיילן אַוועק פון זייער געבוירן אָרט. און פאַר וואָס זיינען עס געווען באַר ליטווישע יידן, וועלכע האָבן זיך געצויגן קיין דרום אַפריקע, אין אַ צייט ווען די גרויסע יידישע איבערוואַנדערונג איז געגאַנגען קיין צפון אַמעריקע? צופאַלן, געוויס. אָבער אויך די צופאַלן מוזן האָבן אַ דערקלערונג. דער סאָציאַל־היסטאָריקער דאַרף אפשר געפינען די דערקלערונג אין דער כאַראַקטעריסטיק פון דעם טיפ וואָס מען רופט „ליטוואַק". מיגלעך אַז די כאַראַקטעריסטיק פון ליטווישן יידנטום, דער זייטיקער גייסטיקער שליאַך, מיט וועלכע ליטווישע יידן זיינען געגאַנגען, אין ליטע, איז געווען באַזונדערס צוגעפּאַסט פאַר זייער איינוואָרצלונג, אָדער איבערוואָרצלונג אין דרום אַפריקע. די נאַטור, דער קלימאַט, די ברייטקייט פון לאַנד — אַלץ איז אין דרום אַפריקע גרונטיק אַנדערש. אָבער די מענטאַליטעט פון דער ווייסער באַפעלקערונג, פון די „בורן", איז געווען אייגן־נאָענט צו דער גייסטיקער מענטאַליטעט און פירונג פון ליטווישע יידן — און דאָס האָט אפשר געהאַט אַ ווירקונג און אַ צוציאונג, אַז ליטווישע יידן זאָלן זיך קענען לייכטער אַקלימאַטיזירן אין לאַנד.



די ערשטע יידישע מיגראַנטן, פון די קליינע שטעטלעך אין ליטע, וואָס האָבן אָנגעהייבן קומען אין 1882, האָבן „געמאַכט גוט" אין דרום אַפריקע, שוין אָפּגערעדט וועגן דער פרייהייט וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אין נייעם לאַנד. און די משפּחהדיקע פאַרבונדנקייט איז געווען זייער שטאַרק צווישן ליטווישן יידן, ווי ביי מזרח איראָפּעאישע יידן בכלל. האָבן באַלד אָנגעהייבן קומען קיין ליטע די גוטע גרוסן, וועגן אַרויפגעאַרבעטע משפּחה־מיטגלידער אין דרום אַפריקע. אין יעדער שטעטל זיינען געווען שוין משפּחות, וואָס האָבן געהאַט „אַפריקאַנער", אַ מאַן, אַ זון, אַן אָנקל אין „דער גאָלדערנער מדינה", ווי דאָס האָט געהייסן אין דער ליטווישער אָרעמקייט. די גרוסן, וועגן די וועלכע האָבן זיך „אַרויפגעאַרבעט" זיינען, איבערן לאַנגן וועג, ביז זיי זיינען דערגאַנגען קיין ליטע, אויסגעוואַקסן, באַפּוצט געוואָרן מיט פאַנ־

טאַזיעס און דערגאַנגען צו גוזמאות. אָבער עס זיינען אויך געווען אַזעלכע פאַקטן, וואָס די אויפגעפּיבערטע פאַנטאַזיע פון יידן אין ליטע האָט ניט געקענט גרייכן.

אַ יינגל פון דער שטעטל פּאַסוואַל איז געוואָרן אַ נאָענטער פריינד פון פּאָול קרוגער, פּרעזידענט פון דער בורן רעפּובליק אין אַ טייל פון דרום אַפריקע. (דאָס לאַנד איז דאַן, ווי היינט, געווען צעטיילט אין פיר פּראָווינצן, און יעדערע פון זיי איז דאַן געווען אַ באַזונדערע רעפּובליק, געשאַפן און אָנגעפירט פון די בורן, ביז דעם באַקאַנטן בורן קריג, אין 1899). אַט דער ייד, סעמי מאַרקס, האָט אין געציילטע יאָרן אויפגעשטעלט און אַנטוויקלט גרויסע געשעפטן. ער האָט געפונען אייזן אַרץ און געלייגט דעם יסוד פאַר דער אויסגראָבונג און אַנטוויקלונג פון דער אייזן אינדוסטריע אין לאַנד. אַנדערע יידן — שוין ניט פון ליטע — האָבן אַנטוויקלט די דימענטן און גאָלד־אויסגראָבונגען און זייער פאַרקויף. יידן, וועלכע זיינען געקומען שפּעטער פון ליטע, האָבן זיך באַזעצט אויף ערד, געוואָרן לאַנדווירטן און עס אַנטוויקלט אין אַ גרויסן פאַרנעם. און, נאַטירלעך, אַז יידן זיינען געוואָרן די פּיאָנערן פון מסחר, האַנדל, און אויך פאַבריקאַציע. אָבער דאָס איז געשען שפּעטער, נאָך אַ סך שווערקייטן פון דורכגיין די „גרינע יאָרן", און די שווערקייטן, אַרבעט, מאַטערנישן זיינען געווען גרויסע אויך „אין לאַנד פון זון און גאָלד", ווי עס הייסט דאָס בוך פון דעם שרייבער י. מ. שערמאַן. אָבער די משפחות האָבן זיך געצויגן קיין דרום אַפריקע, אין פאַמיליע מיטגליד האָט אָפּגענומען דעם צווייטן, געהאָלפן קומען לאַנדסלייט, ביז עס זיינען געווען פאַלן, ווען שטעטלעך אין ליטע האָבן געהאַט מער לאַנדסלייט שוין אין דרום אַפריקע, ווי עס זיינען געבליבן אין ליטע.



דער אויפקום פון אַ יידישן ישוב ווערט, בדרך כלל, גערעכנט פון דער צייט ווען עס ווערט אויפגעשטעלט אין אַן אָרט די ערשטע שול, דער ערשטער מקום תפילה. אין דרום אַפריקע איז עס געשען אין יאָר 1841, אין קייפּטאַון. צו ערשט אַ מנין פאַר ראש השנה און יום כיפור, און באַלד שפּעטער איז מען צוגעטראָטן בויען

אַ שול. דאָס האָבן גלייך געטאָן די ערשטע מיגראַנטן, פון ענגלאַנד. מיט דער גרעסערער מיגראַציע, פון ליט־ווישע יידן, און נאָך איידער זיי זיינען איבערגעקומען די ערשטע שווערע יאָרן פון איינאָרדנען זיך, פון אָראָפּ־ברענגען די באַגענטע משפחה מיטגלידער, האָט מען געבויט שולן, אין יעדער אָרט וווּ עס זיינען נאָר אָנגעקומען אַ מנין יידן. און די געקומענע האָבן זיך געשפּרייט איבערן לאַנד, ניט נאָר אין די גרעסערע שטעט, וואָס זיינען שוין געווען, קייפּטאון, יאָהאַנעס־בורג, דערבן, בלומפאָנטיין.

אַ גרויסע יידישע קהילה איז אויפגעקומען אין אויטסהאָרן, אַ שטעטל אין די קייפּ, וואָס יידן האָבן גע־רופן ניט אַנדערש ווי „ירושלים דאַפריקע״, וואָס ווייזט, אַז יידן האָבן ניט פאַרגעסן אָן ירושלים אויך אין דעם נייעם לאַנד. געקומען זיינען אַ סך יידן אין אויטסהאָרן, ווייל אויף די דאָרטיקע פאַרעמס האָט מען געהאָדעוועט שטרויס פייגלען. יידן האָבן אַנטוויקלט אַ גרויסן האַנדל מיטן פאַרקויפן די שטרויס פעדערן.

אין געציילטע יאָרן זיינען אויפגעקומען ביי 60 קהי־לות איבערן גאַנצן לאַנד. יידן האָבן אָנגעשפּאַרט צו די ווייטסטע ווינקעלעך פון דער מדינה, ביז קיין סאַוטה וועסט אַפריקע.

די גרעסטע צאָל יידישע מיגראַנטן קיין דרום אַפריקע זיינען געקומען צווישן ביידע וועלט מלחמות. געקומען זיינען דאָס רוב יידן פשוטע, האָרעפּאַשנע מענטשן, זעלטן ווער מיט אַ פאַך. אָבער געווען אויך אַ קאָנטיקע צאָל יידן וואָס האָבן געהאַט געלערנט, און אויך לומדים. אָט די — האָבן זיך געפירט ווי אין דער אַלטער היים, געשאַפן חברות פאַר לערנען גמרא, מש־ניות, אויפגעשטעלט חדרים פאַר די קינדער. מען האָט זיך געהאַלטן אין לאַנדסמאַנשאַפטן, לויט די שטעטלעך פון וועלכע מען איז געקומען, צו העלפן די נייע און צו שטיצן די היימישע אין דער היים — ווייל היים האָט נאָך אַלץ געהייסן, פאַר אַ גרויסן טייל, פאַר אַ לאַנגע צייט — ליטע. געווען אפילו אַזעלכע, וואָס נאָר ווי אָפּ־געשפּאָרט אַ פּאָר פונט, און טאַקע אָפּגעשפּאָרט פון זיך, איז מען צוריקגעפאָרן קיין ליטע. אָבער דאָס זיינען געווען איינציקע.

אַן אומפאַרגעבלעכע זינד איז באַגאַנגען געוואָרן אין דער דאָזיקער מאַסן־איבערוואַנדערונג מצד די אָנפירנ־

דיקע רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע מענטשן אין ליטע: מען האָט געלאָזן די איבערוואַנדערערס אויף זייער אייגענעם גייסטיקן באַראַט. עס זיינען ניט מיט־געפֿאָרן מיט זיי קיין רבנים, געוויס ניט קיין גרויסע תורה פּערזענלעכקייטן. עס זיינען ניט מיטגעפֿאָרן קיין לערער און קיין געזעלשאַפטלעכע טוערס מיט אַן אָרגאַ־ניזירטן פּאַרנעם. די מיגראַציע איז געווען, פֿון אַ נאַ־ציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, אַ כאַאָטישע; קיינער האָט זיך ניט באַמיט עס צו אָרגאַניזירן, געבן אַ גייסטיקע אָנפֿי־רונג און ריכטונג. אויב עס האָבן זיך אַרויסגעהייבן מנהיגים, לערערס, שרייבערס, איז דאָס געווען אַ צו־פֿאַל. זיי האָבן זיך אַרויסגעהייבן פֿון די מיגראַנטן גופֿא, אָבער זיי זיינען נישט געקומען און געוויס ניט געשיקט געוואָרן פֿון אַן אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפֿט, מיט צילן און אויפֿגאַבן פֿאַר גייסטיקער אַרבעט. איז טאַקע דער געראַנגל פֿאַר אַ נאַציאָנאַל־געזעלשאַפֿט־לעכער פֿאָרמירונג פֿון ישוב אָנגעקומען זייער שווער, אַזוי שווער ווי די מאַטעריעלע איינוואָרצלונג. גאָר אַנ־דערש וואָלט אויסגעזען דער ישוב, ווען די מיגראַנטן וואָלטן באַגלייט געוואָרן פֿון זאָרגעוודיקע גייסטיקע מנהיגים.



די ערשטע יידישע צייטונג אין לאַנד האָט זיך באַ־וויזן אין 1890. עס האָט זיך גערופֿן „דער אַפֿריקאַנער איזראַעליט“, אַרויסגעגעבן פֿון דעם שרייבער נחמיה דוב בער האָפֿמאַן, אַ ליטוואַק, וואָס איז געווען עטלעכע יאָר אין אַמעריקע, און געווען באַקאַנט ווי אַ יידיש און העברעאישער שרייבער. ער איז אויך געווען דער ערש־טער צו ברענגען יידישע שריפֿט אין לאַנד, מיט וועלכע ער האָט געזעצט זיין צייטונג. האָפֿמאַן האָט אויך אַרויס־געגעבן אַנדער צייטשריפֿטן, זשורנאַלן — ווי די יידישע פֿאָלקס צייטונג און „דער אַפֿריקאַנער“.

אין דער זעלבער צייט איז געקומען קיין דרום אַפֿריקע דוד גאָלדבלאַט, אַ פּוילישער ייד, וואָס איז שוין געווען אַ צאָל יאָרן אין ענגלאַנד און דאָרטן געווען טעטיק ווי אַ סאָציאַליסט און ווי אַ מיטאַרבעטער אין „דער אַרבעטער פֿריינד“, צוזאַמען מיט מאָריס ווינט־שעווסקי. גאָלדבלאַט איז געווען דער ערשטער מענטש

אין דרום אַפריקע מיט אַ באַוווסטזיניקע, אידייִאישע איינשטעלונג פאַר יידיש, הגם ער איז געווען אויך אַ קענער פון ענגליש. (יאָרן שפּעטער האָט ער אַרויסגעגעבן אַ בוך „אין קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך").
גאָלדבלאַט האָט רעדאַקטירט, צוזאַמען מיט האָפמאַנען, און אַליין, אַ צאָל זשורנאַלן אין יידיש. באַזונדערס איז געווען און געבליבן באַקאַנט זיין „דער קריגס סטאַפעט", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין צייט פון דער בורן מלחמה. אָבער אַ סך אַ גרעסערע ראָלע איז אים באַשערט געווען צו שפּילן פאַר יידיש אין לאַנד, און פאַר די יידישע אימיגראַנטן, אַ ראָלע וואָס האָט אים אַריינגעשריבן פּראָמינענט אין דער געשיכטע פון ישוב. אין 1902 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געזעץ, אַז אימיגראַנטן דאַרפן דורכגיין אַן עקזאַמען, צו באַווייזן קענטשאַפט, שריפטלעך, אין אַ אייראָפּעאישע שפּראַך. דאָס האָט געמיינט אָפּשטעלן דאָס אַריינקומען פון יידן אין לאַנד. גאָלדבלאַט האָט „איינגעלייגט וועלטן", אַז יידיש זאָל אָנערקענט ווערן פאַר אַ אייראָפּעאיש לשון. נית אַלע רייכע, ענגלישע יידן זיינען געווען באַגייסטערט פאַר דעם, און זיי זיינען געווען די אָנפירער פון דער קהילה. אָבער אַ יידישער פּאַרלאַמענטאַריער, אַדוואָקאַט מאָריס אַלעקסאַנדער, האָט שטאַרק צוגעהאָלפן גאָלדבלאַטן, און זייער קאַמף איז געווען דערפאָלגרייך. אַדאַנק דעם זיינען אַ סך הונדערטער יידן אַריינגעקומען אין לאַנד (און דאָס רוב פון אָט די, האָבן, לײדער, נית אָפּגעדאַנקט מיט ליבשאַפט - באַציאונג צום לשון, וואָס האָט געעפנט פאַר זיי די טויערן פון לאַנד).

די ערשטע יידישע צייטונגען זיינען אַרויסגעגאַנגען אין קייפּטאון. אָבער ערשט אין יאָהאַנעסבורג, אין 1920, האָט אַ יידישע צייטונג, אין יידיש, אָנגעהייבן דערשיינען אויף אַ פּאַרנעמיקן אופן. אָט די צייטונג, אַ וועכנטלעכע, האָט זיך גערופן „דער אַפריקאַנער" און איז רעדאַקטירט געוואָרן פון חיים פּאָלסקי. שפּעטער האָט זיך עס פאַראייניקט מיט אַן אַנדער צייטונג, די אַפריקאַנער יידישע צייטונג, וואָס דערשיינט ביז היינט.

אין די לעצטע יאָרן זיינען דערשינען אין דרום אַפריקע אַ צאָל ביכער אין יידיש — מער ווי אין אַלע יאָרן פון דעם ישוב. פאַראַן אַ זשורנאַל, וואָס גייט אַרויס איין מאָל אין צוויי חדשים, „דרום אַפריקע", אַרויסגעגעבן פון דער קולטור פעדעראַציע. און „יום טוב בלע-

טער״, אַרויסגעגעבן פון ה. שישלער. און פאַראַן אַ זשור־נאַל אין העברעאיש, אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט פון יעקב רוביק. און עס דערשיינען דריי וואָכנבלעטער אין ענגליש.

פאַראַן אַ יידיש נאָך־מיטאָג שול, וואָס האָט אַן אייגענעם שיינעם בנין. די שול איז געשאַפן געוואָרן מיט אַ סך יאָרן צוריק און פאַראַן אַ צאָל אַביטוריענטן פון דער שול, וועלכע זיינען געבליבן פאַרבונדן און געטריי צו העלפן אין דער אַרבעט פון דער שול.

גרויסע יידישע טאָג־שולן זיינען אויפגעקומען אין די לעצטע צוואַנציק יאָר, און זיי וואַקסן כסדר. זייער לערן־שפּראַך איז ענגליש און זייער דערציאונג טראַדיציאָנעל. און פאַראַן אַ קליינער לערער סעמינאַר. אין די לעצטע יאָרן איז אויפגעקומען און זיך צעוואַקסן אַ ישיבה־קאָלעדזש, און גאָר לעצטנס אויך אַ ישיבה פון עלטערע לערנערס.



די יידן אין דרום אַפריקע, וועלכע ציילן היינט 118 טויזנט — אויף אַ באַפעלקערונג פון 3 מיט אַ האַלב מיליאָן אייראָפּייער (ווייסע) און 17 מיליאָן שוואַרצע — זיינען באַקאַנט מיט זייער נאַציאָנאַלער וואַרעמקייט, וואָס דריקט זיך אויס גאָר באַזונדערס אין דער אַלגעמיינער און גרויסער הילף פאַר ישראל. פאַראַן אין דעם ישוב דער גאַנצער רעגן־בויגן פון פּאַרטייען, חברות, ווי אין דאָס רוב יידישע ישובים. און פאַראַן אַן אָפענע יידישע באַוווּסטזיניקייט. די לאָקאַלע יידישע אַרבעט ווערט צענטראַליזירט, אָדער איבערוואַכט, דורך אַ כמו קהילה, דער „יידישער באָאַרד אָוו דעפּיוטיס״, אין וועלכן עס זיינען פאַרטראָטן אַלע בתי מדרשים, שולן, חברות און נאַציאָנאַלע קולטור אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך לאַנדס־מאַנשאַפטן — אויף וויפל זיי זיינען נאָך געבליבן, ווייל דאָס רוב פון זיי פאַלן זיך איצט פונאַנדער.

ביז דער לעצטער וועלט מלחמה האָט דער ישוב זיך נאָך אַלץ געשטיצט אויף מזרח אייראָפּע, אויף דער אַלטער היים, טאַקע אויף ליטע, צו באַקומען פון דאָרטן רבנים, לערער און גייסטיקע הילף. מיטן חורבן וואָס איז געקומען, האָט דער ישוב אין דרום אַפריקע זיך געמוזט אָנהייבן שטיצן אויף זיך אַליין — און מיט דערפאָלג.

אָבער די טיפערע גייסטיקע השפּעה אין ישוב איז נאָך אַלץ קאָנטיק פון דער מזרח אייראָפּייאישער ייִדישקייט. עס איז נאָך דער זאַפט, וואָס ייִדן האָבן איינגעזאַפּט אין זיך דאָרטן, און האָבן עס דאָ, אין אַ קאָנטיקע מאָס, איבערגעגעבן אויך צו זייערע קינדער. אָט דער גייס־טיקער געמיט פון מזרח אייראָפּעאישן ייִדנטום — הגם געביטן, מאָדעלירט און קולטורעל־פאַרפיינערט ביי די קינדער — שאַפט די אויסנאַמלעכקייט פון דעם דרום אַפריקאַנער ייִדישן ישוב.

# קריסטן און ייִדן

צוויי וואָכן איז מיר אויסגעקומען צו פֿאָרן איבער די גרויסע שטרעקעס פֿון דרום אַפֿריקע. די רייזע איז געווען געטיילט אין צוויי חלקים. און די צוויי זײַנען געווען גרונטיק אַנדערש, סײַ אין דער פֿאָרם, סײַ אין די צילן. די ערשטע „רונדע" האָט מיך געפֿירט, צוויי טויזנט מײַל, אין מערב פֿון לאַנד, מיטן עראָפּלאַן, און אויף דער דאָזיקער רייזע האָב איך בכלל ניט באַגעגנט קיין ייִדן; דער ציל פֿון אָט דער רייזע איז ניט געווען צו ייִדן.

די צווייטע רייזע, דאַקעגן, איז געווען נאָר צו ייִדן, וועגן ייִדישע פּראָבלעמען, און זי האָט געפֿירט, מיטן אויטאָ, אויך איבער מער ווי צוויי טויזנט מײַל.

איך האָב געזען דאָס לאַנד, מער ווי איינמאָל, אין דער גאָרער לענג און ברייט. און איך קען די ייִדישע קהילות, ביז די סאַמע פּאַרוואָרפֿנסטע, פֿון סאַוטה וועסט ביז צענטראַל אַפֿריקע. אָבער דאָס לאַנד איז אַזוי גרויס, און די ייִדישע קהילות האָבן אין די לעצטע יאָרן זיך אַזוי קאָנטיק פֿאַרענדערט, אַז יעדע רייזע לערנט און אַנטפּלעקט נײַאיקייטן, סײַ וועגן לאַנד, סײַ וועגן די ייִדישע קהילות.

אויף דער ערשטער רייזע, ווי געזאָגט, האָב איך פֿאַרבראַכט נאָר צווישן קריסטן. אָבער יעדער שמועס איז כסדר דערגאַנגען צו — ייִדן. אין די הײַנטיקע טעג, (נאָך דער זעקס טאָגיקער אַראַביש־ישׂראלדיקער מלחמה) איז דאָס ניט מיגלעך צו פֿאַרמײַדן. די קריסטן לאָזן ניט פֿאַרבײַגיין די געשעענישן אין ישׂראל. און מען האָט דאָס געפֿיל, אַז זיי טוען עס אויך דאַן ווען אין זייער געזעלשאַפֿט איז ניטאָ קיין ייִד. אויך צווישן זיך אַליין זײַנען קריסטן, און באַזונדערס די אינטעליגענץ, אינטערעסירט מיטן פּראָבלעם ישׂראל. זיי באַוואונדערן ישׂראלס מיליטערישן נצחון און באַמיִען זיך אויך פֿאַרשטיין ישׂראלס פּראָבלעמען.

ווי אַנגענעם עס זאָל ניט זײַן פֿאַר אַ ייִדישן אויער

די באַגייסטערונג פון קריסטן פאַר דעם כוח פון ישראל, קומט אָבער אויך אויף פאַרדרוס און באַדויער. עפּעס האָבן דאָך ייִדן אַ שטיקל חלק און ביישטייער אין דער קולטור און ציוויליזאַציע — אָבער דאָס האָט ניט אַרויסגערופן קיין אָפּשאַץ פאַר ייִדן. פאַרקערט גאָר: דאָס וואָס ייִדן האָבן געגעבן די קריסטלעכע וועלט אַ גאָט און עטישע געבאָטן און נביאים — האָט זיי געבראַכט יאָרהונדערטער פון שנאה און פאַרפאָלגונגען. ערשט ווען ייִדן האָבן באַוויזן אַז זיי קענען אויך האָבן אַ פויסט — לאָזט זיך די וועלט אַראָפּ אויף די קני פאַר זיי. און די פויסט גופא — עס איז דאָך די זעלבע ייִדישע האַנט, וועלכע האָט זיך אויפגעהויבן מער ווי איינמאָל, אויך אין גלות. אָבער יענע ייִדישע הענט האָבן זיך געביילט, ווען אַפילו אויך געשלאָגן, נאָר אין פאַר־צווייפלונג — און זיינען באַזיגט געוואָר. די וועלט האָט אָבער דרך ארץ נאָר פאַרן שטאַרקן, פאַר דעם בעל נצחון. האָבן מיר אַ גאַנץ לעבן איינגעטענהט מיט זיך און מיט דער וועלט מאָראַל, די שיינקייט פון שוואַכן און געזעכטן. לבסוף האָבן אויך מיר געמוזט אָנקומען צו זיין די גערעכטע אין שטאַרקייט. איז ווי גוט און ווי זיס עס זאָל ניט זיין דער נצחון, מוז עס פאָרט זיין איינגעהילט אין פאַרדראָס, וואָס די וועלט לעבט נאָך מיטן געזעץ פון קולאַק. די וועלט וואָס האָט פאַרביי־געקוקט מיידאַנעק און וואַרשע, האָט זיך געשטעלט אין סאַלוט פאַר ייִדישע באָמבעס און ביקסן. דער ייִדישער מלחמה־פייער אין סיני האָט אַרויסגערופן אין דער וועלט דרך ארץ, אָבער ניט די געטלעכע ווערטער וואָס זיינען געקומען דורך ייִדן פון סיני.



צווישן קריסטן אין דרום אַפריקע איז דער דרך ארץ פאַר ישראל — און במילא פאַר ייִדן — אויך צו־געמישט מיט זייער פראַקטישע, אייגענע, חשבונות. דאָ נעמט מען אָן, אַז די געשעענישן אין ישראל וואַרפן אויך אַ שיין און רעפלעקטירן אויף די אינערלעכע פּראָבלעמען פון לאַנד. צו דאָס איז טאַקע אַזוי, אָדער די מענטשן דוכט זיך נאָר אַזוי — איז אַן אַנדער פראַגע.

דער כלל־איינדרוק צווישן קריסטן איז אַן אָנגענו־מענער, אַז ישראל האָט געהאָלפן דרום אַפריקע. ביי אַ

גרויסן טייל קריסטן אין לאַנד האָט זיך איינגעשטעלט אַ מיינונג, אַז ישראלס נצחון האָט געוויזן אויף וויפל דער אייראָפּעאישער מענטש איז מער ציוויליזירט און קען זיך אַן עצה געבן, אין אַ צייט פון מלחמה, קעגן אַרמייען וועלכע האָבן מער מענטשן. און וויבאַלד די ישראלים זיינען אייראָפּייער און וויבאַלד די אַראַבער זיינען אַזיאַטן און „שוואַרצע", טאָ ליגט דער חשבון אויפן האַנט . . . און די קריסטלעכע מענטשן אין לאַנד, באַזונדערס די אַפריקאַנער, מאַכן דעם חשבון. זיי זאָגן עס אָפן און קלאָר.

דערביי איז די פריינטשאַפט, די פאַרערונג און אַפילו באַגייסטערונג פאַר ייִדן זייער גרויס. און ווי קריסטן האָבן זיך ניט אויסגעלערנט צו מאַכן אַן אונטערשייד צווישן ייִדן, אויב אין ייִד האָט געזינדיקט זיינען אַלע ייִדן געווען מיטשולדיק, אַזוי אויך איצט — נאָר אויף דער צווייטער זייט. עס איז ניט נאָר ישראל וואָס קריגט די אָנערקענונג און באַוווּנדערונג. דער נאָמען פון ייִד איז געוואָרן דערגרויסט און דערהויבן — ווי יעדער ייִד, אויך אין גלות, וואָלט געווען אַ קעמפער און אַ שלאַכט־העלד . . . דערביי ווייסן אויך קריסטן זייער גוט וויפל איבערציטער עס איז געווען ביי אַ סך ייִדן, וועלכע זיי קענען פערזענלעך, פאַרן גורל פון מדינת ישראל. זיי ווייסן אויך אַז יעדער ייִד האָט זיך גוטוויליק אָפּגערופן מיט פינאַנציעלער הילף פאַר ישראל. האָט שוין דאָס געוויס ביי זיי אַרויסגערופן אַ געפיל, אַז יעדער ייִד איז אַ שותף צו ישראלס נצחון און אויך אים קומט לויב און דרך ארץ.

דאָס אַלץ איז גוט און שיין און פיין. אָבער דער דאָזיקער גרינגער בלאַט האָט אויך אַ שאַרפן דאָרן. ווייל מיטן דאָזיקן חשבון ווערן ייִדן אַריינגעטריבן אין דעם לאַגער וווּ זיי געהערן ניט. ישראַס נצחון ווערט דאָ געזען און אויסגעטייטשט ווי עפּעס אַ ראַסן פּראָבלעם. עס דאַרף הייסן, אַז די ווייסע ראַסע האָט באַזיגט און באַהערשט די שוואַרצע . . . דאָס איז אומלאָגיש און אַבסורד. אָבער גראָד פון אַבסורדן איז שווערער זיך צו באַפרייען, ווייל קעגן זיי העלפן ניט קיין לאָגישע אַרגומענטן.

אין דער הייַנטיקער וועלט זיינען צעמישט געוואָרן די יוצרות, וואָס שייך פּראָגרעס און רעאַקציע. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז מיר ווילן און דאַרפן אויסקלייבן

דעם עקסטרעם צו רעאַקציע און ניט דערלאָזן דעם נאַטירלעכן גאַנג פון דער וועלט, צו דעמאָקראַטיע און מענטשלעכער חשיבות, צו מאָראַלישע נאָרמעס, צו קולטור און הומאַניזם.



דער צווייטער טייל פון דער רייזע האָט געפירט מיט לעקציעס צו יידן.

מען מוז ניט דווקא פאָרן הונדערטער מיילן כדי אָנטאַפּן דעם פולס און דערפילן דעם האַרץ־קלאַפּ פון יידישע מענטשן היינט צו טאָג. עס איז אומעטום אייך וועלט און אומעטום זיינען די זעלבע יידן, מיט די זעלבע פּראָבלעמען, שטימונגען און געפילן. באַזונדערס איז דאָס אַזוי היינט, ווען אַלע יידן אומעטום נעמט אַרום אייך האגה און אייך פריידע. אָבער, ווי זאָגן יידן: קלענער דער עולם, גרעסער די שמחה. אין די קלענער יידישע ישובים לאָזן זיך די שטימונגען און געפילן פון יידן לייכטער אָנטאַפּן און דערזען, — און זיי זיינען דווקא ניט קיין פריידיקע. יידיש לעבן ווערט קעלטער און שוואַכער, אין פאַרגלייך מיט אַ צען יאָר צוריק, ווען עס איז אויסגעקומען צו באַזוכן די זעלבע ערטער.

עס איז זייער בולט דאָס פאַרשווינדן פון מזרח אייראָפּעאישן יידן. דאָס זעט מען אויך אין די גרויסע קהילות פון לאַנד, אָבער, ווידער, אין די קלענערע מאַכט זיך עס מער קאַנטיק און עס האָט מער אויסווירקונג אויפן אַלגעמיינעם יידישן לעבן. עס איז ניט נאָר דער מזרח אייראָפּעאישער ייד וועלכער ווערט אַלץ ווייניקער, אויף דעם נאַטירלעכן אופן; עס איז די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לופט, וואָס ווערט קילער. אַפילו די וועלכע געדענקען נאָך מזרח אייראָפּאַ, זיינען שוין אויך, אויף אַ נאַטירלעכן וועג, מיטן גאַנג פון די יאָרן, געוואָרן קעלטער און ווייטער פון יענער אַטמאָספערע. און דאָס בייזט, פאַרשטענדלעך, דעם גאַנצן אויסזען פון ישוב. עס איז אַ צייט פון איבערגאַנג; דאָס אַלטע פאַרשווינדט, און דאָס נייע האָט זיך נאָך ניט געשטאַלטיקט. אין די קלענערע קהילות זעט מען עס זייער באַשיינפערלעך.

די יידישע צוגעהעריקייט איז ווי געווען, און אפשר נאָך שטאַרקער איצט, מער אָפן און מער גורלדיק פאַרבונדן מיטן יידישן כלל־פאָלק. אָבער עס איז אַן

אינספּיראַציע וואָס קומט נאָר פון דרויסן: מען איז וואַך צו די געשעענישן אין ישראל. אָבער קיין אינערלעך יידיש לעבן, וואָס זאָל אַרויסוואַקסן פון אייגענעם באַדאַרף און האָבן אייגענעם קאָלאָריט, איז ניט בנמצא. ישראל און אירע פּראָבלעמען זיינען די אינספּעריר־קרעפטן און דער באַראָמעטער פון יידישן לעבן — און דאָס אויך נאָר אויף דער פלאַך. די שייכותדיקייט צו און מיט ישראל איז אַ פילאַנטראָפּישע און אַ פּאָליטישע. זי דערגייט זעלטן, ביי יחידים נאָר, צו גייסטיקער פאַרבונדנקייט מיט ישראל און צו אַ טיפערער קענטשאַפט פון די פּראָבלעמאַטישע גערעגנלען אין ישראל.



די הילף־גרייטקייט פאַר ישראל אין לעצטן חודש (נאָך דער מלחמה פון יוני 1967), האָט אין די קלענערע יידישע קהילות זיך אָנגעזען, און איז טאַקע אויך פּאַקטיש געווען, שטאַרקער און מיט מער התלהבות ווי אין די גרויסע שטעט. דאָ האָט עס אַרומגענומען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג — און אויף אַ משפּחהדיקן אופן. די סומעס וועלכע זיינען געזאַמלט געוואָרן — אין געציילטע טעג — האָבן ניט קיין פאַרגלייך צו וועלכן ניט איז פריערדיקן קאַמפּיין, און אין אַ סך פאַלן האָבן יידן טאַקע געגעבן מער ווי מען האָט געקענט פון זיי דערוואַרטן. אין אַ קלענערן אָרט, וווּ אַלע זיינען אָנוועזנדיק און פאַמיליאַר, האָט אַזוינס געמוזט אַרויסרופן באַגייסטערונג. דאָס האָט אויך ניט געקענט בלייבן קיין סוד נאָר צווישן יידן. דער יידישער קהל איז אויפגעמישט מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, וויבאַלד מען ווייס דעם אויך אין דרויסן. אָפט טאַקע האָבן איינצלנע קריסטן זיך אויך מיטבאַטייליקט, אויף אַ באַשיידענעם אופן, אין קאַמפּיין. האָט אויך דאָס געבראַכט אַ נייע שטימונג פון פריינדשאַפט. אָבער אויך דער דאָזיקער „גוהדוויל" האָט אַ קאָנטיקן דאָרן, און דאָס איז — יידן הערן אויף צו פילן אַז זיי לעבן אין גלות . . .

עס קומט יעדער יידן אַ ביסל פרייד און גליק. אָבער די יידישע פרייד מיט ישראלס נצחון איז — אַ יידישע. און יידישע פרייד איז, ווי זי דאַרף זיין: דורכגעפלאָכטן

מיט שטילקייט און מיט צער. אונדז האָט מען געלערנט „בנפל אויבך״, ווען דיין פיינט פאַלט, פריי זיך ניט; דיין פרייד דאַרף זיין מיטן אייגענעם נצחון, ניט מיט יענעמס מפּלה. און יידן ווייסן אויך וויפל בלוט און קרבנות דער נצחון האָט געקאָסט. פרעמדע פילן עס ניט. איז זייער שאַלונג אַ פאַריסענע, נאָר אַ מלחמה־געשריי, טרוימייטערן וועלכע שרייען אויס די העלדישקייט פון פויסט.

ביי ישראל איז דאָס געווען אַן אַרויפגעצוואונגענע פאַרטיידיקונג פאַרן עצם לעבן און פרייהייט. אַנדערע זעען נאָר די העלדישקייט פון זיגער. און, ווילנדיק אָדער ניט, ווערן יידן מיטגעריסן מיט דעם אַלגעמיינעם געשריי פון דער גאַס. און וויבאַלד די העלדישקייט ווערט צוגעשריבן אויך צום ייד אין חוץ לארץ, יאַוועט זיך אַ פאַריסענע גאווה. ערגער איז נאָך וואָס מאָרגן קענען אויך קומען אַנדערע געשעענישן — און יעדער ייד וועט שוין אויך מוזן טראָגן פאַר זיי די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און ווי וועט מען עס טראָגן, אויב יידן וועלן פאַרלירן דעם באַוווּסטזיין און דאָס געפיל אַז מען איז נאָך אַלץ אין גלות?!

# צווישן וויקטאָריע און זאַמבעזי

די באַפרייאונג פון ווייסער הערשאַפט אויפן שוואַרצן קאָנטינענט איז אַ גרויס־היסטאָרישע געשעעניש אין אונדזער צייט. אינטריגירט עס צו זען: ווי געשעעט עס? ווי קומט פאָר דער איבערגאַנגס פּראָצעס? פאַראַן אויך אַ ספּעציפיש־יידישער אינטערעס: ווי פאַרגלייכט זיך דער פּראָצעס צו פּאָליטישער און עקאָנאָמישער זעלבסט־שטענדיקייט אין אָט די לענדער מיטן זעלבן אין מדינת ישראל.

אין נאָטיץ־ביכל זיינען פאַרצייכנט אַ צאָל פּערזענ־לעכקייטן, ערטער און אינסטיטוציעס, וואָס איך וויל זען אין זאַמביאַ. איך האָב צוגעגרייט פאַרבינדונגען, כדי צו טרעפן די שוואַרצע פירער און זייערע געהילפן, געוועזענע קאָלאָניאַלע באַאַמטע. אַזוי גיך אָבער ווי עס האָט זיך געעפנט די גרענעץ־באַריער צווישן דרום אַפריקע און ראָדעזיע, האָבן די געדאַנקען אַוועקגעקערעוועט ערגעץ אַנדערש. מיט יעדן מייל פאָראויס צום דרום, זיינען מיינע מחשבות געלאָפן צוריק — העט וייט צוריק. אונדזער אויטאָ מאַכט געאָגראַפישן פּראָגרעס, און די געדאַנקען פון פּאַסאַזשיר פליען אין געשיכטלעכן צוריק.

פאַרפאַלן. פון זיך קען מען ניט אַנטלויפן. פון אַלע וועלט פּראָבלעמען שווימען אַרויף פון אויבן די נאָענט־סטע. און זיי זיינען יידישע. יאָגט די מאַשין קיין בולאַוואַיאָ, און מיינע מחשבות גייען — קיין דאַכאַו.

ווי קומט דאָ דאַכאַו? וואָס טוט אין אָט דער וויסטע־ניש טרעבלינקע און מאַידאַנעק? זעסט דאָך אַז זיי זיינען דאָ. זיי לעבן אויך אין מדבר. אַ יידישער זכרון האָט זיי אָנגעטראָגן. אויף די פאַרדאַרנטע, אויסגעשמאַכטע בוש־ביימלעך זיינען אויפגעוואַקסן — יידן. אין די ערשטע

טריט פון מדבר־לאַנד קומט אויף די יידישע זעאונג און דער יידישער חשבון. ווי דער מדבר־זאַמד האָט נאָר געטאָן אַ ווײי אין פּנים, האָט דער יידישער חשבון אַ שלאָג געטאָן אין די געהירן. ער וועט מיר נאָכגײן די גאַנצע וואָך פון דער רײזע.

איך וואָלט געקענט דעם חשבון רעזומירן אין צוויי ווערטער: שלעכטע וועלט. נײן, מען דאַרף זאָגן שאַרפער: ברוטאַלע וועלט. ריכטיקער נאָך: וועלט פון נאַראָנים, — ווייל נאַרישקייט איז דער פאָטער פון שלעכטסקייט.



ביידע ראָדעזיעס, צפון און דרום, מיט ניאַסאַלאַנד, די דריי שטחים וואָס האָבן פריער פאַרגעשטעלט מיט זיך די צענטראַלע אַפריקאַנער פעדעראַציע, פאַרמאָגן געבויטע 50.000 סקווער מייל. (6 מאָל אַזוי פיל ווי מדי־נת ישראל ביי איר גרינדונג). און די אַלע לענדערייען זיינען וויסט און פוסט. אויף צענדליקער מיילן איז ניט צו זען אַ שפּור פון אַ מענטשלעכן טראָט, אפילו ניט קיין פלאַטער פון אַ פויגל. עטלעכע מייל פון מעסינאַ, דער גרענעץ־פּונקט אין דרום אַפריקע, — און מען הייבט אָן „זוכן" אדם הראשון. מען געפינט זיך אין בראשית פון דער וועלט.

פאַראַן נאָר איין וועג. דער וועג שניידט אַדורך די דריי לענדער, פאַרבינדט אַלע שטעט, וואָס ליגן אָפּגע־טיילט אויף הונדערטער מיילן. דער וועג איז על פי רוב אַ צרה׳דיקער: צוויי אַספאַלטירטע שטרייפן, פאַר די רע־דער פון אויטאָ, ווי צוויי רצועות איבער אַ ווייסן טלית. און פון ביידע זייטן וועג — שרעק. אַ טראָט רעכטס אָדער לינקס און מען איז פאַרפאַלן אין אורוואַלד. דער אויטאָ קלעטערט אַרויף אַ באַרג. פון דאָ קען מען זען אַ פלאַכע צעשפּרייטונג אויף מיילן. מיר שטעלן זיך אָפּ. שטיל. קיין שאָרך פון לעבן. אין דער ווייטקייט שטייען אַ גרופּע בופל אָקסן. זאָל זיין חיות, אבי אַ סימן פון עפּעס וואָס לעבט. די אָקסן שטייען שטילע. זייערע פאַרדאָרנטע הערנער באַוועגן זיך ניט. זיי קוקן אַריבער מיט אויסגע־גלאָצטע אויגן צום וועג. אפשר וווּנדערן זיי זיך וועלכע מינים אומבאַקאַנטע חיות עס האָבן זיך דאָ באַוויזן . . .

איין ישוב צו אַ צווייטן איז ניט ווייניקער ווי אַ פופ־ציק מייל. און דערגרייכט מען שוין אַזאַ ישוב — זיינען

עס אַ פּאָר פּאַראַיִיצאַמטע הייזער, באַדעקטע מיט מדבר־שטויב, און עטלעכע ליימענע כאַטעס פון „בייטויוס״. אין אַלע דריי מדינות זיינען פאַראַן זעקס גרעסערע שטעט, פאַרבונדן דורך דעם אייציקן וועג.

אַלע דריי לענדער־שטחים האָבן אַ באַפעלקערונג פון 8 מיליאָן שוואַרצע און ווייניקער ווי אַ פערטל מיליאָן ווייסע.

הונדערט יאָר איז דאָ געווען דער ענגלישער קאָלאָניאַלער רעזשים. אָבער ער האָט קוים אַ קראַץ געטאָן דעם שטויב, אַרויסצונעמען די פאַרטייעטע אוצרות, וואָס ליגן באַהאַלטן אין דער ערד.



אַלע וואַרפן פאַר די קאָלאָניאַלע רעזשימען, אַז זיי האָבן אויפגענוצט די איינגעבאָרענע באַפעלקערונג אין די באַזעצטע לענדער. אָבער אפילו דאָס האָבן זיי ניט געטאָן. וואָלטן די קאָלאָניאַלע מאַכטן געוועלט אויסנוצן די לענדער, וואָלטן זיי עס פול־אַנטוויקלט — פאַר זייערע אייגענע נוצן. אָבער דאָס וואָלט שוין, במילא, געמוזט זיין אויך לטובה פון דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג.

פאַרוואָס האָט ענגלאַנד ניט געשיקט אַהער די „אי־בעריקע״ באַפעלקערונג פון אירע גרויסע שטעט? אַ מי־ליאָן מענטשן פון לאָנדאָן, וואָס לעבן צוזאַמענגעשפּאַרט אין שרעקלעכער ענגשאַפט און אָרעמקייט, וואָלטן אויף די שטחים פון ראָדעזיע (און אירע אַנדערע געוועזענע לענדערייען), אָפּגעשאַפט דעם אָטעם. מיט אַ רעגירונגס פּלאַן און מענטשלעכער ענערגיע, וואָלט מען דאָ פונאַנ־דערגעבויט ציוויליזאַציע, מיט רייכקייט און מענטשלעכן גליק. עס איז אָבער געווים געווען קעגן די אינטערעסן פון קאָנסערוואַטיסטישן ענגלאַנד און אירע אַרבעטס־געבער, אַוועקצושיקן די ביליגע אַרבעטס־הענט פון ענג־לאַנד. האָט מען אין דער מוטער־לאַנד אויפגעהאַלטן, קינסטלעך, אַרבעטסלאָזיקייט און נידעריקע לוינען. אין די קאָלאָניעס, ווידער, האָט מען געהאַט זיכערע אָפּזאַץ־מערק און הייכע פּראָפיטן, דורך דעם וואָס מען האָט אַרויסגענומען נאָר טראָפּנס פון די נאַטירלעכע אוצרות. מען האָט געהאַלטן דעם וועלט־מאַרק אַזוי, אַז דער באַ־דאַרף זאָל זיין גרעסער ווי דער צושטעל. דאָס איז געווען אַן אַלטע עקאָנאָמישע תורה, וואָס האָט זיך אַרויסגע־

שטעלט פאַר פאַלש. צוליב דעם, אָבער, איז דאָס לאַנד געבליבן אַ וויסטעניש. און איצט, אַז ענגלאַנד האָט גע־מוזט אָפּטרעטן, צוליב די געענדערטע וועלט־פּאָליטישע באַדינגונגען, וועט דאָ אויך פאַרלאָרן איר פּאָזיציע און איר שטיץ־פּונקט. די קליינע ווייסע באַפעלקערונג וואָס האָט זיך דאָ פאַרפלאַנצט, איז ניט בכוח אויפצוהאַלטן זיך, און געוויס ניט דעם ענגלישן איינפלוס. ווען דאָ זאָלן האָבן געוווינט 2, 3 מיליאָן ווייסע — און דאָס איז געווען זייער מיגלעך — וואָלט די איצטיקע ווייסע באַפעל־קערונג ניט געלעבט אין שרעק און אין שווערע פּראָבלע־מען פאַר איר צוקונפט. אַ דריי מיליאָן ווייסע באַפעל־קערונג וואָלט געקענט לעבן אין פריד, אין גליק און אין פולער שותפות מיט דער איינגעבוירענער באַפעל־קערונג פון לאַנד — און עס וואָלט געקלעקט איבערגע־נוג פאַר אַלעמען.

יאָ, עס וואָלט געקענט אַזוי זיין. אָבער — איך מאַך ניט דעם ענגלישן חשבון, און ניט ענגלאַנדס פּראָבלעמען זיינען מיר נוגע. אין מיר וויינט דער יידישער חשבון:

פאַרוואָס האָבן זיך דאָ ניט געקענט ראַטעווען דריי מיליאָן יידן פון מזרח אייראָפּע.

טאַקע, פאַרוואָס ניט?

מענטשלעכע טעמפּקייט, מענטשלעכע רשעות.



ערב דער מלחמה איז פאָרגעקומען די קאָנפערענץ אין אַוויאַן, צו געפינען אַ רעטונג פאַר פּליטים פון היט־לער דייטשלאַנד. אַלע האָבן געוווּסט, אַז אונטער „פּלי־טים" מיינט מען, בעיקר, יידן. און דערפאַר, ווייזט אויס, איז ניט געפונען געוואָרן קיין רעטונג און קיין אויסוועג. ניט געווען קיין לאַנד, קיין אָרט אויף דער וועלט, וואָס זאָל וועלן אויפנעמען יידן.

הונדערט שיפן וואָלטן אין איין יאָר געקענט אַרויס־פירן אַ מיליאָן יידן פון אייראָפּע. פאַרוואָס האָט מען זיי ניט געקענט ברענגען אַהער? ענגלאַנד האָט ניט געוואָלט. אין סאַמע ברען פון דער מלחמה איז געקומען יואל בראַנד, אייכמאַנס שליח, צום ענגלישן פאָרשטייער אין עגיפּטן, לאָרד מאוין. בראַנד האָט פאָרגעלייגט אייכ־מאַנס בלוטיקן געשעפט: אַ מיליאָן יידן פון אונגאַרן. האָט לאָרד מאוין געענטפערט: אַ מיליאָן יידן, וואָס זאָל

איך טאָן מיט זיי, ווו זאָל איך זיי אַהינטאָן! פאַר אָט דער ציניש̈ער פראַגע האָט דער איידעלער לאָרד באַצאָלט מיטן לעבן. אָבער ענגלאַנדס רעגירער האָבן די זעלבע פראַגע געוויס געהאַט נאָך יאָרן פריער. יידן, ווער דאַרף זיי, וואָס זאָל מען טאָן מיט זיי ?!

אַ מיליאָן יידן אויף אָט דעם שטח וואָלט געווען אַ גליק פאַר ענגלאַנד אַליין.

שולדיק אין יידישן אומגליק זיינען ניט נאָר די, וועלכע האָבן געפירט באַנען מיט יידן קיין טרעבלינקע. שולדיק זיינען אויך יענע, וואָס האָבן ניט געשיקט זייערע שיפן צו ראַטעווען יידן פון איראָפּע.

און מיר אַליין — טאָטשעט ווייטער די יידישע מחשבה — האָבן מיר אַלץ געטאָן צו ראַטעווען דעם איראָפּעאישן יידנטום? האָט מען ניט געדאַרפט און ניט געקענט מיט כוח אַרויסקריגן אַ סך טויזנטער יידן פון איראָפּאַ!

אָט איז לוסאַקאַ, די הויפּט שטאָט פון דעם נייעם לאַנד זאַמביאַ. איר הויפּט גאַס הייסט „קאַיראָ וועג", ווייל דורך דעם טראַקט איז געגאַנגען דאָס מיליטער, אין צווייטן וועלט קריג, קיין עגיפּטן. דער טראַקט איז נאָך דאַן געווען פּוסט, אַ וועג אין מדבר. אַז מען פאָרט אַרויס אַ מייל פון לוסאַקאַ, מיט אָט דעם וועג, איז מען אויך איצט אין אָפענעם מדבר. אָבערביים אַרויספאָר פון שטאָט זיינען פאַראַן וועג־שילדן, וואָס זאָגן אָן, ווייזן, אַז דאָס איז שוין דער גלייכער וועג קיין קאַיראָ, אַלעקסאַנדריאַ, און — צו ארץ ישראל. אַהין האָבן ערב דער מלחמה זיך געריסן טויזנטער יידן. אָבער ענגלאַנד האָט געהאַלטן פאַרשפאַרט די טויערן פון לאַנד.

שווער שוין גאָר היינט צו באַגרייפן, ווי שוואַך יידן זיינען געווען, ווי אָפּהענגיק, ווי מאַכטלאָז — און ווי שטאַרק ענגלאַנד איז געווען — אויך קעגן יידישער רעטונג.

# אין מדבר פון ראָדעזיע

אין אינפֿאָרמאַציע־דעפּאַרטאַמענט פון דער רעגירונג אין לוסאַקאַ אַרבעטן צענדליקער מענטשן. דער הויפּט ווייסע, געוועזענע קאָלאָניאַלע באַאַמטע. מיין אויפֿנעמער איז אַ געוועזענער אַרמיי־קאָלאָנעל. אין זיין צווייטן ביוראָ־צימער זיצט אַ ווייסע סעקרעטאַרין און אַ שוואַרצער סעקרעטאַר, — וואָס קלאַפּט מיט איין פֿינגער אויף אַן אַלטער שרייב־מאַשין. דער קאָלאָנעל שטעלט אונדז פֿאָר. ער רעדט צו אים מילד און איידל. ער ווייס, אין געציילטע חדשים וועט דער שוואַרצער סעקרעטאַר איבערנעמען זיין אַמט, ווערן דער שעף פון דער אָפּטיילונג. ער רעדט וועגן דעם מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל אין זיין אַרויפֿגעדרייטער וואָנצע. ער וויל ניט פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד. „די ווייסע וועלכע האָבן געוועלט פֿאַרלאָזן, האָבן עס שוין געטאָן“. די 20.000 ווייסע וואָס זיינען געבליבן, ווילן זיך איינלעבן אונטער דער נייער מאַכט. אַ טייל ווייסע זיינען אַפֿילו געקומען פון דרום ראָדעזיע אַהער. „דאָ איז עס שוין אַריבער איז צו וואָס וואַרטן אויף צרות? און שפּעטער וועט מען אַהער געוויס ניט אַריינלאָזן קיין ווייסע“, אַזוי דערקלערן די ווייסע — און לעבן זיך איין אין דער נייער אָרדענונג.

דער איבערגאַנג איז אַ סאָלידער, מיט פֿולער קאָאָפּעראַציע און הילף מצד די געוועזענע קאָלאָניאַל־באַאַמטע.

דער פּריוואַט סעקרעטאַר פון פּרעמיער ד״ר קאַאונדאַ, אַן ענגלענדער, האָט דאָ געהאַט אַ מאַכטיקע עקזעקוטיווע פּאָזיציע. היינט „באַדינט“ ער דעם פּרעמיער מיט גרויס דרך ארץ, און זיין אָנרייד־לשון צום פּרעמיער איז „סער“, אָדער „מיסטער פּריים מיניסטער“. אָבער אויך דער פּרעמיער נעמט ניט קיין „נקמה“ פון די, אין וועמענס קאָריזאָרן ער האָט נעכטן

ניט געקענט אַרייַנקומען. ער וויל ניט ריידן וועגן נעכטן. זיין און זיין רעגירונגס גאַנצע אויפמערקזאַמקייט און כוחות זיינען געווידמעט צום מאָרגן; צו פאַרוואַנדלען די אָפּגעשטאַנענע באַפעלקערונג אין אַ ציוויליזירט פאָלק. זיי ווילן עס אָניאָגן מיט אַלע כוחות — און דאָס איז ניט לייכט. דערווייל איז די זעלבסטשטענדיקייט נאָר אַ פאָרמעלע. אָבער דאָס פאָלק פילט די פרייהייט. מען זעט עס אויף די פנימ׳ער פון די מענטשן אין דער הויפּט שטאָט. מען זעט עס אויך פּראַקטיש. אין רעגירונגס אַנשטאַלטן און אַפילו פּריוואַטע אונטערנע־מונגען זיינען שוין פאַראַן שוואַרצע, וואָס טוען זעלבסטשטענדיק פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן, פונקצ־יעס וואָס בויטיקן זיך אין בילדונג, דערפאַרונג און אינטעליגענץ — און זיי טוען עס מיט דערפאָלג. אָבער בעיקר דריקט זיך די פּאָליטישע פרייהייט אויס אין געפיל: זיי אַרבעטן, פאַרברענגען, שפּאַצירן ווי גלייכע פרייע מענטשן. כדי די זעלבסטשטענדיקייט זאָל אַרויס מן הכוח אל הפועל, פון פאָרם צו פולן אינהאַלט, בויטיקט זיך בילדונג, אַ ברייטער נעץ פון שולן. מען מוז אָנהייבן פון אלף בית. און די רעגירונג פאַרשטייט עס — און באַמיט זיך עס אָניאָגן מיט אַלע קרעפטן.



דער ערשטער בוזשעט האָט געשטעלט אויפן הויפּט אָרט, אין וויכטיקייט און אין געלט, דערציאונג. 5 מיליאָן פונט איז באַשטימט געוואָרן צו בויען שולן און אַנטוויקלען אַ נעץ פון גרונט־שולן אין ערשטן יאָר.

וויפל האָט די קאָלאָניאַלע מאַכט פריער אויסגעגעבן אויף בילדונג? קיינער זאָגט עס ניט. די ווייסע ווילן עס ניט דערציילן, און די שוואַרצע ווייסן ניט קיין גענויע ציפערן. מען קען זיך אָבער לערנען „טרעפן״, ווען מען ווייס אַז אין לאַנד זיינען געווען קוים צוויי צענדליק שולן — און דאָס אויך אויסגעהאַלטן פון די פאַרשיידענע קירכלעכע געזעלשאַפטן (מיסיאָנען).

דער צווייטער פונקט אין ביוזשעט איז פאַר בויען מאַסן־הייזער, כדי אַרויסנעמען די פאַר־שטאָטישע באַפעלקערונג פון די סלאַמס.

פון וועלכע מקורות וועט קומען דאָס געלט? ווי אין אַלע לענדער: פון דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן.

דאָס לאַנד איז רייך אין מינעראַלן, באַזונדערס אין קופּער, וואָס אירע מינעס שטעלן צו דעם הויפּט־באַדאַרף אויפן וועלט־מאַרק. פאַראַן אויך אַ פּיבערהאַפטער בוי, פון הייזער און פאַבריקן. אַ סך אינדוסטריע צווייגן מאַכן כסדר׳דיקן פּראָגרעס. אין דעם איבערגאַנגס יאָרן צו זעלבסטשטענדיקייט איז די אינדוסטריע שטאַרק אויסגעוואַקסן, סיי פון אינערלעכן קאַפּיטאַל, סיי פון אויסערלעכע אינוועסטירונגען. אַ צאָל גרויסע אינוועסטירער זייגען נאָך אַלץ אויסלענדישע קאָמפּאַניעס, און וועלכע די רעגירונג איז איצט אַ קאָנטיקער שותף. שטייגט דער פאַרדינסט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, און דערמיט דער לעבנס־סטאַנדאַרט, די צירקולאַציע פון געלט און ווירטשאַפט פון לאַנד.

ווו איז דאָס אַלץ פריער געווען? ווו זיינען אַהינגעקומען די רוחים פון די מינען? עס האָט זיך קאָנצענטרירט אין ווייניקע הענט און קעשענעס. האָט מען געבויט פּראַכטיקע ווילעס, רעגירונגס בנינים, קאַטעדראַלן, פונאַנדערגעליגט דריי שייך־פּלאַנירטע שטעט. מען האָט אויך אויסגעהאַלטן אַן אָקופּאַציע־אַרמיי. אָבער דער גרעסטער טייל פון די רוחים זיינען אַרויס פון לאַנד. איצט האָט זיך עס געענדערט. דער פּרעמיער און די אַנדערע אָנפירער פון לאַנד מאַכן ניט קיין סוד, אַז זיי וועלן נעמען פולע שטייערן פון די מינעס־רוחים, און עס אויסנוצן פאַר בילדונג און פאַרן הייבן דעם אַלגעמיינעם לעבנס־ניוואָ פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. זיי רייַדן וועגן דעם אָן פאַרביטערונג, אָבער מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט.



אין די לוקסוסדיקע, רייך־מאָדערנע געגנטן פון לוסאַקאַ, די הויפּט שטאָט פון זאַמביאַ, האָבן געלעבט אויסשליסלעך ווייסע. איצט האָבן אַהין זיך אָנגעהייבן אַריינציען אויך שוואַרצע. דערווײַלע געציילטע, מיניסטאָרן און הייכע רעגירונגס באַאַמטע. די ווייסע האָבן אויפגענומען די שוואַרצע שכנים קאָרעקט, הגם מיט צוריקהאַלטונג. „מיר האָבן מורא געהאַט, אַז זיי וועלן ברענגען טומל, געפילדער״, דערקלערט אַן אײַנוואוינערין פון אָט די שטילע ווילע־קוואַרטאַלן.

„אבער עס איז ניט אזוי. זיי לעבן ווי ציוויליזירטע מענטשן. און אויב מען נעמט אין באטראכט די גרויסע משפחות זייערע, זיינען זיי אפילו שטילער ווי אונדזערע קינדער‟.

אין די היזיקע געגענטן לעבן אויך א קאנטיקע צאל ייִדן, פון די 300 יידישע משפחות אין לוסאקא. און מען מעג זאגן, אז זעלבסט־לויב, אז ייִדן האבן זיך שנעלער אקלימאטיזירט מיט די נייע שכנים. די יידישע מענטשן — א קאנטיקער צאל געקומענע פון דייטשלאנד, ווייניקער פון מזרח אייראפע — זיינען אפן פאטריאטיש צו די נייע באדינגונגען. פאראן אויך א געזעלשאפטלעכער קאנטאקט פון די יידישע מענטשן מיט דעם דינעם שיכט פון שווארצער אינטעליגענץ. די רעגירונג ווייס אז עס איז פאראן א יידישע קהילה און ווייס וואס עס מיינט דער באגריף ייד. (פאראן א ישראל'דיקער דיפלאמאטישער פארשטייער, וואס האט א נארמאלן דיפלאמאטישן קאנטאקט מיט דער רעגירונג. דאקעגן האט זיך באקלאגט אן אנפירנדער מיטגליד פון דער קהילה, אז דער ישראל פארשטייער האלט זיך אין גרויסן צו זיי. דער קהל־מנהיג פארשטייט אפילו די סיבות: פאליטישע מורא, מען זאל ניט פארמישן די לאקאלע ייִדן מיט מדינת ישראל, נעמענדיק אין באטראכט, אז איין ייד, למשל, געפינט זיך אפילו אין דער פארלאמענטארישער אפאזיציע־פארטיי). דער פרעמיער און אנדערע מיניסטארן האבן יידישע פריינד, קומען אין יידישע היימען און אויף יידישע שמחות.

אין אלגעמיין איז דער סאציאלער קאנטאקט צווישן שווארץ און ווייס נאך א זייער באגרענעצטער. דאס קומט אויך פון דער ענגלישער קאלטער שטייפקייט. דער מער אפענער געזעלשאפטלעכער קאנטאקט צווישן שווארץ און ווייס קומט פאר אויף די העכערע שטאפלען פון סאציאלן לייטער און אויף די נידעריקסטע, — ניט צווישן די מיטעלע קלאסן, אויף וויפל אזא „קלאס‟ איז שוין פאראן ביי די אפריקער. פון דער ווייסער באפעלקערונג, ווידער, האלטן זיך אלע, חוץ געציילטע אויסנאמען, פאר אויסדערוויילטע. אפילו דער ארבעטס מענטש געהערט דאך, סאציאל, צו דער סאמע פריווילעגירטער שיכט.

אין אלע נייע שווארצע מדינות באוועגט זיך דער געזעלשאפטלעכער לעבן ארום דער רעגירונג. אזוי אויך

דאָ, אין זאַמביאַ. דאָס איז פֿאַרשטענדלעך: אַלץ איז נאָך אַזוי פֿריש, ניי. עס זעט אויס ווי אַ גרויסע משפּחה קווועלט אָן פֿון ערשטן קינד ביי אַ טאָכטער, וואָס איז געווען אַ פֿאַרזעסענע מיידל.

יעדער טריט און שריט פֿון די רעגירונגס פֿירער ווערט לעבעדיק קאָמענטירט.

דעם טאָג ווען ד״ר קענעטה קאַאונדאַ, דער פּרעמיער, האָט געדאַרפֿט אָפּפֿאָרן צו דער פּאַן־אַפֿריקאַנער קאָנפֿערענץ, אין קאַיראָ, האָט מען עס געפֿילט אומעטום. די פֿרעמדע דיפּלאָמאַטן זיינען געווען שטאַרק פֿאַרנומען, די העכערע באַאַמטע אויך דער וואַך. אַ שעה פֿאַרן אָפּפֿלי פֿון עראָפּלאַן, זיינען שוין די אַלע געווען פֿאַרזאַמלט אויפֿן אַעראָדראָם. ווער עס איז נאָר „עפּעס" אין דער געזעלשאַפֿט איז געקומען. אַלע מיט גליקלעכע פּנים׳ער, און יעדער שטופּט זיך גאַלאַנטנעטער, באַמערקט צו ווערן, מען זאָל וויסן אַז ער איז געווען . . .

די ווייסע באַפֿעלקערונג וויל, אין אַלגעמיין, זיך באַפֿריינדן מיט דער שוואַרצער אינטעליגענץ, און באַזונדערס מיט די רעגיר־קרייזן. דאָס געשעט סיי צוליב סנאָבישע טעמים, סיי צוליב פּראַקטישע מאָטיוון. מען קען עס זען אין דעם הויפּט האָטעל פֿון שטאָט, וואָס איז דער געזעלשאַפֿטלעכער און דיפּלאָמאַטישער ראַנדעוווּ פּלאַץ און קיביצי־אַרנע. די טרעפֿונגען דאָ צווישן שוואַרץ און ווייס זיינען גאַלאַנטע, פֿריינטלעכע, אָבער פֿאָרט שטייפֿע, אָנגעקראָכמעלט מיט פֿאָרמאַליטעט. די ווייסע זיינען איבערטריבן העפֿלעך, און די שוואַרצע אומזיכער, באַשיידן צוריקגעהאַלטן. אַזאַ שמועס זעט אויס ווי אַ וואַלס אויף אַ דינעם אייז. האָט אָבער מיין באַגלייטער מיר געלאָזט אַריינבליקן אין אַ ביליגערן האָטעל־שענק, זעט מען ווי דאָרטן „פֿירן טיש" די שוואַרצע. רואיק, געמיטלעך. און עטלעכע ווייסע אַרבעטער זיצן אויך און טרינקען, — צוזאַמען און דאָך באַזונדער.

עס וועט נאָך ווייזט אויס נעמען יאָרן ביז די איינגעוואָרצלטע מענטשלעכע מחיצות וועלן פֿונאַנדערפֿאַלן, און די פּאָליטישע פֿרייהייט וועט אויך אויסצייטיקן געזעלשאַפֿטלעכע פֿרייַנטשאַפֿט.

דרום ראָדעזיע און זאַמביאַ (געוועזענע צפֿון ראָדעזיע) זיינען פֿאַרבונדן מיטן איינציקן שאָסיי.ביידע

לענדער האָבן צוויי הויפּט גרענעץ־פּונקטן אויף אַט דעם וועג: ביי וויקטאָריאַ פאַלס, אין דרום, און ביי זאַמבעזי וואַסער־דאַמבע אין צפון. די ערשטע — דער גרעסטער נאַטירלעכער וואַסער־פאַל אין דער וועלט; די צווייטע — די גרעסטע מענטשלעך־געשאַפענע וואַסער־דאַמבע.

די עראָפּלאַן־פאַרבינדונג פון בולאַוואַיאָ, דרום ראָדעזיע, צום זיבעטן וועלט־וווּנדער, די וויקטאָריאַ פאָלס, איז אַ שלעכטע. מיטן אויטאָ איז עס אַ טאָג רייזע, איבער אַ שווערן און געפערלעכן וועג. אַ טאָג אונטער אַ צעברענטער זון, דורך אַ פלאַכן מדבר־לאַנד, מיט פאַראייניצלטע אָפּגעלאָזענע אָפּרו־ערטער, כדי אָנצוקומען אין אַ לוקסוס־פולן האָטעל, האַרט ביי דעם וואַסער־פאַל. ווי האָט אַהער דערגרייכט ליווינגסטאָן, דער דאָקטאָר, מיסיאָנער און אַנטדעקער, אייננעמער פון אַפריקאַנער ווילדערנישן פאַר קעניגין וויקטאָריאַ! ווי איז ער אַהער דערגאַנגען אין יאָר 1855? וויפל מען זאָל ניט לייענען און וויסן וועגן זיינע געוואַגטע וואַנדערונגען דאָ, בלייבט עס פאָרט אַ מיסטעריע; די מיסטעריע פון מענטשלעכן דראַנג און אונטערנעמונגס־גייסט. אָט שטייט ער דאָ, אַ פאַרמאַרמאָרטער, ביים ברעג פון וואַסער־אַראָפּפאַל. אַ טאָרבע איבערן פּלייצע, אַ שטעקן אין האַנט, און די אויגן — ווייט צעעפנט פאַר דער אַנטפּלעקונג, וואָס האָט דאָ געוואַרט אויף אים דורך מיליאָנען יאָרן.

האָבן דאָ אַרום געלעבט שוואַרצע שבטים? מען ווייס עס ניט. ליווינגסטאָן האָט זיי דאָ ניט געפונען. ווען ער איז געשטאָרבן, אויפן וועג צוריק, האָט ער נאָך געוויס מיטגענומען אַ סך סודות.

די היינטיקע שוואַרצע דאָ רופן דעם וואַסער־פאַל „דאָס גרויסע וואַסער" — און זיי שרעקן זיך פאַרן מאַכטיקן כוח. 3000 פוס פאַלט דאָס וואַסער פון דער ברייטער אָנזאַמלונג ביים באַרג־אָפּהאַנג, אין סלונד אַריין. ער פאַלט פון דריי זייטן, אין דעם תהומ'יקן ערד־שפּאַלט.

פון דעם פּלוצימ'דיקן אַראָפּפאַל און מאַכטיקן כוח, שפּרינגט דאָס וואַסער צוריק פון אָפּגרונט אויף הונדערטער פוס אין דער לופט, און שאַפט אַ רעגן־בויגן פון וואַסער־פאַרבן, וואָס פאַרגיסט די בערג־ראַנדן. אינעווייניק, אין תהום, אויף וויפל דער בליק קען כאַפּן,

איז געווירבל פון ווייסן פייער. אַזוי „דאַרף“ אויסזען דער גיהנום . . . די שרעק איבערוועלטיקט דעם וווּנדער. דער תהום איז ווי אַ הונגעריקע מאָנסטער־חיה, וואָס פאַרשלינגט מיליאָנען גאַלאָן וואַסער אין אַ מינוט — און ווערט ניט זאַט. די נאַטור האָט זיך דאָ רעוואַנסירט און אָפּגעצאָלט מיט אַן עודף פאַר אַלע הונדערטער מײַלן מדבר אַרום.

דער הימל איז קלאָר, מילד און בלוי, ווי דאָס וואַסער אונטן וואָלט אים אויסגעצוואָגן און אויפגעהאָנגען זיך טריקענען.



די וויקטאָריאַ פאָלס צעטיילט בײדע ראָדעזיעס.

מיר פאָרן לענג־אויס דעם טײַך, וואָס שפּײַזט די וויקטאָריאַ פאָלס. אָט ווערט דער טײַך פאַרלאָרן אין בוש־ווילדערנייש, און אָט געפינט ער זיך ווידער אָפּ בײַם ראַנד פון וועג. ערטערווײַז איז ער ברייט צעגאָסן און שטראָמיק, און מײַלן־לאַנג ווי אַ דינער שלאַנג אין אַ פלאַכן גראָבן.

דורכשניידנדיק אַ שטיק פון זאַמביאַ, קומען מיר צום צווייטן וואַסער־וווּנדער; דער — שיין געמאַכט פון מענטשלעכע הענט: די זאַמבעזי וואַסער־דאַמבע. אָבער אויך דאָ האָט די נאַטור מיט עפּעס צוגעהאָלפן. זי האָט צוגעגרייט דעם בעקן פאַר דער וואַסער־אויפזאַמלונג. די זאַמבעזי איז אַרײַנגעפירט געוואָרן אין 150 מײַל נידעריק לאַנד, אַרומגערינגלט פון בערג. דאָס וואַסער האָט פאַרגאָסן דעם גאַנצן שטח, פאַרטרונקען די מדבר־געוויקסן, ביימער, פעלדזן. בײַ אַ שמאָלן באַרג־דורכגאַנג האָט מען אַוועקגעשטעלט ריזיקע אײַזן און צעמענט פאָרטיפיקאַציעס, וואָס האָבן פאַרצוימט דעם וואַסער־גאַנג, ווי מען וואָלט עס אָנגעכאַפּט בײַם גאָרגל און געשטיקט. דאָס גאַנצע וואַסער־בלוט האָט אָנגעשפּאַרט צום „פּנים“, די דאַמבע, און אַזוי געשאַפן דעם וואַסער־באַסיין. אויף דער דאַמבע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ הידראָעלעקטרישע סטאַנציע, וואָס גיט ליכט און לעבן צו בײדע טיילן פון ראָדעזיע לאַנד.

איך „פאַרגלײַך“ בײדע וואַסער־וואונדערס, פון די וויקטאָריאַ פאָלס און פון דאָ, און מײַן „סימפּאַטיע“ איז

מיט דער זאַמבעזי דאַמבע. דאָרטן איז צופֿאַל אין נאַטור־קאַפּריז, אומנוץ און געווירבל־שרעק; דאָ — מענטשלעכער חשבון פֿאַר מענטשלעכן גליק.

אַרום און אַרום פֿון דער דאַמבע — וויסטער מדבר, לאַנד פֿון בראשית, ווו אדם האָט שפּאַצירט אַ נאַקעטער. דאָס האָט געמוזט זיין אַ שרעקלעך נודנע וועלט. ניט אומזיסט האָט די קלוגע חוה געוועלט אַרויס פֿון גן עדן — אפֿילו פֿאַרן פּרייז פֿון דערצערענען גאָט. עס איז איר נעבעך געווען שרעקלעך לאַנגווייליק . . . אויב גאָט קוקט נאָך אַמאָל אַרונטער אויף זיין וועלט, מוז ער אָנקוועלן פֿון נחת. מיט אַלע מענטשלעכע נאַריש־קייטן, האָבן זיי פֿאָרט געמאַכט אַ וועלט פֿון זיין באַשאַף. אויב ער וואַרפֿט אַ בליק אויף אָט דער נקודה פֿון זיין לאַנדקאַרט, מוז ער מודה זיין, אַז ער פֿאַר'תּכלעוועט דאָרטן, ביים ברעג פֿון זאַמבעזי, די איבערגעבליבענע וואַסער פֿון מבול. און דאָ — האָבן זיינע מענטשן געוויזן דעם רעכטן ווונדער, געבראַכט גן־עדן־ליכט צו קינדער אין מדבר. איך טאַפּ אָן מיט מיינע פֿינגער דעם גרויען צעמענט־שטיין פֿון דער דאַמבע. מיר דוכט איך הער ווי גאָט אַליין זאָגט „כּי טוב“, עס איז גוט . . .

# אין טראַנסקיי

דער וועג פירט דורך אַ מאָלעריש לאַנדשאַפט. ים פון איין זייט און בערג פון דער צווייטער זייט. צווישן דער קייט פון בערג שניידט זיך דער שוואַרצער אַספאַלט און טורעמט זיך אַלץ העכער אַרויף צו די באַרג־שפיצן, און לאָזט זיך באַלד אַראָפ ווידער, צו אַ צווייטן ברעג פון ים.

דער גרעסטער טייל פון דעם דאָזיקן שטח הייסט טראַנסקיי. דעם טייל האָט די רעגירונג פון דרום אַפריקע אויסגעטיילט פאַר דער שוואַרצער באַפעלקערונג פון דעם אָרט. עס איז איינער פון די שטחים — דער גרעסטער און וויכטיקסטער — וואָס דאַרפן ווערן „היים לענדער“ פאַר די פאַרשיידענע שוואַרצע שבטים, אָדער פעלקערשאַפטן. די דאָזיקע „היים לענדער“ זאָלן, מיט דער צייט, ווערן כמו אויטאָנאָם. זיי דאַרפן קריגן זעלבסטפאַרוואַלטונג אין אַלץ — חוץ פאָליטישער סאָווערעניטעט. דאָס איז דער פראָקלאַמירטער פלאַן פון דער רעגירונג.

דער ברייטער, שוואַרצער שאָסיי איז אַ שרייענדיקער קעגנזאַץ צום גאַנצן אַרום דאָ. דער שאָסיי איז טעכנישע ציוויליזאַציע. דער אַרום — פרימיטיווער בראשית. הונדערטער ווייסע, רונדע ליימענע הייזקעס זיינען צעשפרייט איבער די הונדערטער מיילן. די כאַטקעס זיינען איינגעגעסטעט אין יעדן באַרג דריי, ווייט פון וועג, און אָן אַ סימן פון לעבן אין זיי. דאָס לאַנד איז פעט און גרין, דורכגעאָדערט מיט טייכן און באַגאָסן פון זון. ווען דער אויטאָ שטעלט זיך אָפ — שווייגט דער גאַנצער באַשאַף. אין וועלכער ריכטונג די אויגן זאָלן זיך ניט ווענדן, באַגעגענען זיי ליידיקייט און מנוחה. די רואיקייט ברענגט דעם ריח פון אַ זומערדיקן שבת נאָך מיטאָג, ווען יידן פלעגן זיך

אַרויסלאָזן „באַגלייטן דעם שבת" אין דעם היימישן שטעטל. ווען ־ ניט ־ ווען ווייזט זיך אויפֿן שוואַרצן אַספֿאַלט אַ שוואַרצער סילועט, וואָס באַוועגט זיך מיט שבתדיקע טריט און חלום אַריין. פֿרויען טראָגן בינטלעך צווייגן אויף די קעפּ. זייערע פּיס און הענט זיינען אויך ווי אויסגעטריקנטע צווייגן. פֿאַרנאַכט ווערט די באַוועגונג פֿון די סילועטן אין די בערג גרעסער. דאָס גייען די פֿרויען מיט קאַנען אויף די קעפּ, ברענגען וואַסער פֿון די באַהאַלטענע קוואַלן און טייכלעך, וואָס ריזלען צווישן די פֿעלדזן.

דאָס לעבן פֿון די מענטשן דאָ קען מען ניט רופֿן „אָרעם". אָרעמקייט איז אַ מדרגה אויפֿן סאָציאַלן לייטער פֿון אַ געזעלשאַפֿט. דאָ איז עס אַ פֿאַטאַליסטישער צושטאַנד אַזאַ, אַ פּרימיטיוויטעט, וואָס ווער ווייס ווען עס האָט זיך אָנגעהייבן, און ביז היינט האָט זיך עס נאָך מיט קיין איין זאַך ניט געביטן. עס איז געווען אין ווייטסטן אַמאָל אַזוי, און עס איז געבליבן אַזוי, אָן וועלכן פֿאַרענדער.

נאַטירלעך קומט אויף די פֿאַרוואונדערונג: ווי איז דאָס מיגלעך, און פֿאַרוואָס אַזוי? יעדערער וועלכער גלויבט ניט אין ראַסישע באַשטימונגען — און אין דעם גלויבן מיר ניט, ווייל אַ ייִד קען ניט און טאָר ניט צולאָזן צו זיך קיין ראַסן־טעאָריעס, און אויך ווייל עס איז אַנטראָפּאָלאָגיש דערוויזן, אַז אַלע ראַסן זיינען, אין יסוד, גלייך — האָט ניט קיין ענטפֿער פֿאַר דער פֿראַגע: פֿאַרוואָס זיינען די דאָזיקע מענטשן געבליבן אַזוי פּרימיטיוו? פֿאַרוואָס האָט זיי אויך איצט אַזוי ווייניק באַרירט דער גאַנג פֿון דער צייט?

דער שוואַרצער מענטש אומעטום, אָבער באַזונדערס אויפֿן שוואַרצן קאָנטינענט, האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין ציוויליזאַטאָרישע אייגנשאַפֿטן. דער מענטש אין אַפֿריקע איז, לויט אַלע אָנגענומענע מיינונגען, ניט יונגער ווי דער אין אַזיע. אָבער אין אַזיע איז באַשאַפֿן געוואָרן אַ גרויסע ציוויליזאַציע און די כלים פֿאַר מענטשלעכן פּראָגרעס, וועלכע זיינען געוואָרן די וואָרצלען און דאָס וויגעלע פֿון דער גאַנצער מענטשלעכער ציוויליזאַציע. אין אַפֿריקע, אָבער, איז דערפֿון ניטאָ קיין סימן, ניט פֿון אייגענעם אויפֿטו און ניט פֿון קומען אין וועלכן קאָנטאַקט מיט ציוויליזאַציעס פֿון אַנדערע מקומות, ווי טאַקע מיט אינדיע, אָדער עגיפּטן, — הגם דער וועג

איז ניט געווען אזא ווייטער. סאָציאָלאָגן האָבן, נאָך ביז היינט ניט געפונען קיין פולן ענטפער אויף דעם.

— ● —

די דאָזיקע רעטעניש איז מיר געקומען אַנטקעגן ביים זיין אין צענטראַל און מערב אַפריקע. און אַט קומט די פראַגע אויך אויף דאָ, אין דעם אויסגעטיילטן שטח פאַר דער שוואַרצער באַפעלקערונג — אין האַרץ פון דרום אַפריקע.

דער ווייסער מענטש איז דאָ דריי הונדערט יאָר, און אין דעם אָרט אַ סך ווייניקער. ווו דער ווייסער מענטש האָט אַריינגעשטעלט זיין פוס איז אַלץ פאַרענדערט געוואָרן. זועלכע מיינונג מען זאָל ניט האָבן וועגן דער פּאָליטישער אויפפירונג פון היינטיקן ווייס בעלדעה אין לאַנד צו דער שוואַרצער באַפעלקערונג, קען מען אָבער ניט אָפּלייקענען דעם אידיאַליזם וואָס דער ווייסער מענטש האָט אַרויסגעוויזן ביים קומען אין לאַנד, זיין ווילן און פּיאָנער־גייסט, וואָס ער האָט געהאַט אין אויפשטעלן זיין היים דאָ. אויך די פאַר־איינצלטע אייראָפּיאישע זידלונגען, וועלכע זיינען צעשפּרייט אין טראַנסקיי, אָפּט אָפּגערוקט איינס פון אַנדערן אויף הונדערטער מיילן, ליכטיקן מיט שעפערישע מי און מיט העלדישן אויפטו. זייערע איינוואוינער לעבן אין איינזאַמקייט, און דאָך זיינען זיי פאַרבונדן מיט דער צייט און מיט דער וועלט. דער שוואַרצער מענטש, אַרום זיי, איז געבליבן ווי ניט באַרירט פון דעם אַלעמען. די אויפטואונגען פון די ווייסע פאַרמערס האָבן ניט געווירקט אויפן שוואַרצן מענטשן, עס האָט אים ניט געלערנט, ניט אָנגעמוטיקט און ניט באַגייסטערט. עס איז ניט געווען פאַר אים קיין ביישפּיל.

אָט שטייען דאָ געזעמלען פון מענטשן, אַרום די פאַראיינצלטע „געשעפטן”, וועלכע זיינען אָפּשטעלפונקטן איבערן לאַנד. זיי געפינען אין פוילקייט, אָן וועלכע איניציאַטיוו, אָן אַ טריב צו אַרבעט. פאַראַן צווישן זיי אויך שוין אינטעליגענטערע, וועלכע האָבן אַ מאָס פון שולונג. אָבער אויך זיי גייען ניט צווישן זייער פאָלק, צו ווייזן, לערנען, דערהויבן זייער מצב. דאָס געפיל פון אַליין־הילף איז ניט פאַראַן. ביי אַ הויז פון אַ ווייסן אַרבעטן שוואַרצע. דער גאָרטן בליט מיט גרינע סאַלאַטן. אָבער די זעלבע אַרבעטער ווען ניט

פלאַנצן אַזאַ גערטנדל פאַר זיך אַליין, הגם דאָס פאָדערט ניט קיין גרויסע אָנשטרענגונג און געלט, וואָס זאָל זיין איבער זייערע מיגלעכקייטן.

א סך שוואַרצע איינוואוינער אין טראַנסקיי האָבן קאָנטיקע חלקים ערד. אָפיציעל הייסט עס אַפילו, אַז דאָס גאַנצע לאַנד געהערט זיי. אָבער אויך אויף די טיילן וואָס יעדער פון זיי קען אָנווייזן, אַז עס איז זיינס — איז דאָס לאַנד כמעט ניט באַאַרבעט. נישטאָ צווישן זיי קיין איניציאַטיוו און קיין ווילן, וואָס זאָל אַרויסהייבן פון דער פלעגמאַטישקייט, וועלכער הויערט איבערן גרויסן און פרוכטבאַרן לאַנד. דער הונגער שרייט דאָ אַראָפּ פון אַלעמענס פנימער, אין קאָנטראַסט צו דער שיינקייט פון לאַנד און די שפע, וואָס זי קען געבן.



פאַר די איבער צען יאָר, זינט איך בין דאָס ערשטע מאָל געווען אין אומטאַטאַ, האָט זיך דאָ גאָר ניט געביטן, הגם איצט איז דאָ די הויפּט שטאָט פון דער טראַנסקיי „היים לאַנד". די ווייסע זיינען דאָ געבליבן ווייסע — אין אַלע זייערע פירונגען, און די שוואַרצע — ניטאָ אויך קיין ענדערונג אין זייער מצב. עס זעט זיך ניט אָן אַז זיי זאָלן דאָ לעבן ווי די בעלי בתים פון לאַנד. אויסערלעך איז דאָ ניטאָ קיין שנוי. אָבער פאַראַן אַ פּאַרלאַמענט.

אין איין קאָרידאָר פון דאָזיקן פּאַרלאַמענט געפינען זיך אַלע „מיניסטעריומס". אויף די טירן פון די צימערן אין דעם קאָרידאָר זיינען אויפגעקלעפּט פּאַפּירענע צעטעלעך מיט די אויפשריפטן: מיניסטער פאַר קאָמוניקאַציע, מיניסטער פאַר אַגריקולטור, אאַ״וו. דער פּאַרלאַמענט האָט ניט געהאַט קיין סעסיע און די אָנגעשטעלטע פון די מיניסטעריומס — שוואַרצע, מיט ווייסע מלמדים — האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די קאָרידאָרן, ווי קינדער בין הזמנים. אָבער דער וועגווייזער אין פּאַרלאַמענט האָט אָנגעוויזן מיט גרויס חשיבות ווו עס זיצט דער טשיף־מיניסטער און ווו עס זיינען די פּלעצער פון יעדער מיניסטער און שבט־הויפּט.

— זייט איר צופרידן מיט אייער זעלבסטשטענדיקייט?

דער קעלנער אין האָטעל האָט געשמייכלט, מיט דעם באַזונדערן, קלוגן שמייכל וועלכן עס האָבן

שוואַרצע וואָס האָבן לאַנג געלעבט צווישן ווייסע. דערביי האָט ער געוויזן מיט די הענט אַהין און צוריק, וואָס האָט געמיינט: עס איז האַלב אויף האַלב.

— וואָלט געווען בעסער די ווייסע זאָלן אינגאַנצן אַוועק, אייך לאָזן אַליין שוין אָנפירן מיט אייער זעלבסט־שטענדיקייט?

זיין שמייכל איז געוואָרן נאָך ברייטער. „ניין, דאָס וואָלט ניט געווען גוט. אַ קינד דאַרף אַ טאַטן", איז געווען דער ענטפער, אין דעם משלים־נוסח פון זייער רייד־אַרט. עס איז אָבער ניטאָ קיין ספק, אַז די דאָזיקע לענדער און מענטשן דאַרפן נאָך אַ טאַטן — וואָס זאָל זיי העלפן. מען זעט עס ניט נאָר אין טראַנסקיי. אויך אין די זעלבסטשטענדיקע שוין מדינות ווייזן אַ סך פון זיי נאָך ניט אַרויס גענוג רייפקייט, צו קענען פירן און פאַרוואַלטן מיט דער באַקומענער פרייהייט. דאָס מיינט ניט, נאַטירלעך, אַז די פרייהייט קומט זיי ניט. אָבער צוזאַמען דערמיט דאַרפן אויך קומען אַ סך באַוואָרנונגען, און נאַטירלעך אַז מיר נעמען אויך דאָ אויף אַלץ וואָס מען זעט און אַלע פּראָבלעמען אין פאַרגלייך צו דעם וואָס עס געשעט אין און אַרום מדינת ישראל.



ניין־און־ניינציק מדינות האָבן ניט לאַנג צוריק געשטימט קעגן ישראלס „אַנעקסירן" די אַלט שטאָט פון ירושלים. צווישן די דאָזיקע זיינען געווען אַ סך מדינות פון אַזיע און אַפריקע. (צו זייער זכות דאַרף געזאָגט ווערן, אַז צווישן די 19 מדינות וועלכע האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען זיינען געווען דאָס רוב פון אַפריקע). אַ טייל פון אָט די מדינות, וועלכע האָבן זיך אַזוי איינגעשטעלט פאַר די אַראַבער, ווייסן ניט ווו ירושלים געפינט זיך, און געוויס ווייסן זיי ניט וואָס ירושלים באַדייט פאַר יידן און פאַר די אַנדערע צוויי אמונות.

דאָס זעלבע, וואָס שייך דעם סאָציאַלן מצב. זיי האָבן נאָך די פיס ניט דערוואָרעמט אין זעלבסטשטענדיקייט און שוין זיינען זיי געוואָרן צעלייגערס אין דער וועלט. אין דאָס רוב פון די דאָזיקע מדינות הערשט אַנאַלפאַ־בעטיזם און קאָרופּציע, פוילקייט און צעפאַלנקייט. אָבער אויף דער וועלט אַרענע פאָכענען זיי מיט הייסע

רייד. עס איז טאַקע פיין און שיין וואָס יעדע מדינה, אַפילו די קלענסטע, האָט אַ וואָרט און די זעלבע שטים־רעכט אין פּלענום פון יונ״אָ. אָבער וואָלטן די דאָזיקע נייע מדינות געהאַט אַ ביסל לאָגיק און זעלבסט רעס־פּעקט, וואָלטן זיי די דאָזיקע פּריווילעגיע אויסגענוצט מיט מער באַשיידנקייט, — פאַרן נוצן פון דער וועלט און פאַר זייער אייגענעם נוצן. עס איז גראָטעסק, ווען שוואַרצע מדינות, ערשט אַרויסגעקומענע צו דער ליכטיקער שיין, קאָכן זיך אויף דער וועלט אַרענע מיט עצות ווי צו איינאָרדנען די וועלט, ווען זיי קענען זיך אַליין נאָך ניט געבן קיין עצה.

די לאַגע פון ישראל, דער קאַמף פון ישראל, האָט געענדערט גאַנץ היפּש אונדזער קוק אויף אַ סך זאַכן. געוויס קומט אַלעמען רעכט אויף אומאָפּהענגיקייט. אָבער פעלקער האָבן זיך אָנגעהייבן אַרומצוטן, אַז נאָר מיט גוטסקייט קען מען דאָס פּראָבלעם ניט באַ־טראַכטן. עס פאָדערט זיך מער ווי נאָר אַ הומאַניטאַרע איינשטעלונג. דאָס איז אפשר אַ טראַגישע לערע. עס וואָלט געווען גלייכער און בעסער און שענער, ווען מען זאָל קענען אַרומאַרעמען די גאַנצע וועלט נאָר מיט פריינדשאַפט. אָבער מיר זעען איין אַז דאָס לאָזט זיך ניט, ווייל דעם וואָס מען גיט ליבשאַפט, דאַרף אויך וויסן ווי עס אויפצונעמען.

ליגט דאָס לאַנד טראַנסקיי, אַ גאָט געבענטשט לאַנד, אין שיינקייט און אין רייכקייט — און אירע מענטשן חיינען הונגעריק, הגם זיי קענען זיין זאַט. אירע מענטשן זיינען בראשיתדיק פּרימיטיוו, הגם זיי האָבן שוין געהאַט צייט עפּעס אָפּצולערנען פון זייער אַרום. נאָר גיט זיי היינט אַ שטימע אין יונ״אָ — וועלן זיי מאָרגן ווערן די „לערערס״ פון דער וועלט.



מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיטן שוואַרצן קאָנטי־נענט איז געווען אין 1952, אין אוגאַנדאַ, איידער דאָס לאַנד האָט נאָך באַקומען פולע זעלבסטשטענדיקייט. זינט דאַן בין איך געווען אין פאַרשיידענע לענדער פון קאָנטינענט, אין פאַרשיידענע צייטן, דורך די מדבריות פון קאַרו און קאַלאַהאַרי, אין די פּאָרטוגעזישע קאָלאָני־עס מאָזאַמביק און אַנגאָלאַ, אין לענדער אייחער זיי

האָבן באַקומען זעלבסטשטענדיקייט, און נאָך דעם, פֿון די גרענעצן פֿון דרום אַפֿריקע ביז סודאַן און אויפֿן וועג וואָס פֿירט קיין קאַיראָ. אין די צוואַנציק יאָר האָט זיך קאַרדינאַל געביטן דאָס פּנים פֿון קאָנטינענט — פּאָליטיש. פֿאַראַן אויך פּראָגרעס און אַנטוויקלונג, קולטורעל, סאָציאַל־עקאָנאָמיש. אָבער אין דאָס רוב באַפֿרייטע לענדער הערשט דיקטאַטור, אָפֿט באַגלייט פֿון קאָרופּציע און עס איז באַלד אויפֿגעקומען אַן עליטע, וואָס שטעלט צווישן זיך און דער מאַסע, אַ תהום צווישן אָרעם און רייך, צווישן הערשער און באַהערשטע. דער גאַנג צו ציוויליזאַציע, צו קולטור און סאָציאַלער פֿאַרשטענדעניש איז אַ לאַנגזאַמער און שווערער.

## דריטער טייל: אַרום אינדישן אָקעאַן

# צום מיזיניק קאָנטינענט

איך בין געפאָרן קיין אויסטראַליע, פון יאָהאַנעסבורג, אויף דער איינלאַדונג פון דער דאָרטיקער קולטור-אָרגאַניזאַציע „קדימה", צו האַלטן אַ צאָל לעקציעס.

אין אַ קנאַפּע שעה איז דער עראָפּלאַן איבערן אָקעאַן. אַזוי וועט ער פליען די גאַנצע אַכט טויזנט מייל, 27 שעה, צווישן הימל און וואַסער. מיר דאַרפן אַריבער-שניידן דעם אינדישן אָקעאַן — און דערגרייכן די צווייטע זייט פון ערד-קיילעך.

וויפל מאָל איך זאָל ניט פליען, ווי הייך און ווי ווייט, — בלייבט פאַר מיר אַלץ נאָך דער וווּנדער פון די בלעכענע פּושקעס מיט פליגלען.

מיטן נאַכט. הערכטס פון אונדזער וועג ליגט דער אינדזל מאַדאַגאַסקאַר. איך דערמאָן זיך אַ נאַרישן קופּלעט:

די וועלט, די וועלט,
זי טרייסלט זיך,
זי שאָקלט זיך,
אוי, מאַדאַגאַסקאַר.

דעם קופּלעט האָבן געזונגען צוויי ארץ ישראלדיקע אַקטיאָרן, וואָס האָבן גאַסטראָלירט אין ליטע, האַרט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה.

מאַדאַגאַסקאַר — דער ווייטער, אומבאַקאַנטער אינדזל אין אַפריקע — איז דאַן געווען אויף אַלעמענס ליפּן. ווייל אַהין האָט דער היטלעריזם „געוועלט" פאַרשיקן די יידן פון אייראָפּאַ. אָבער אויך דער אינדזל איז געווען צופיל פאַר יידן. הייַנט, ווו איך קום אין ליידיקע וועלט-

שטחים — און די וועלט האָט אַזעלכע גאָר אַ סך — שרייט די ליידיקייט צו מיר מיטן יידישן אומקום־גזר: פאַר יידן זיינען נאָר אָפן געווען די גאַז־קאַמערן.

איצט ווינקט צו מיר אַרויף דאָס ווייטע ליכט פון מאַדאַגאַסקאַר; ווינקט און רייצט זיך. פון אַ באַהאַלטענעם קעמערל אין איבערפולטן זכרון טויכט פלוצים אויף דער נאַרישער קופלעט — וואָס איז אַזויפיל יאָרן געלעגן אַ פאַרגעסענער.

די בלעכענע פושקע טרייסלט זיך און שאָקלט זיך. און אַפשר טרייסלט זיך שוין אויך ווידער די וועלט. אָבער צוזאַמען מיטן קופלעטל זינגט אין מיין האַנט אַ צייטונגס־ידיעה, אַז היינט, איצט, דאַרף אָנקומען אין מאַדאַגאַסקאַר אויף אַ רעגירונגס וויזיט דער פרעמיער פון מדינת ישראל. מיר דוכט איך זע איצט אונטן פלאַטערן די פענער לכבוד זיין אָנקום.

אוי, מאַדאַגאַסקאַר, עס איז גאָר אַ בייער ניגון.



דער עראָפלאַן נידערט אין מאַורישיוס. דאָ וועט ער זיך אָנעמען מיט באַנייטן כוח, פאַרן ווייטן פלי, ביזן צווייטן אינדזעלע, קאָקאָס איילענד.

נאַכט און נעפל. אַ געדיכטער רעגן בייטשט די בלעכענע פושקע. די מאָטאָרן סאָפען, ווי זיי וואָלטן געווען קראַנק אויף די לונגען. איך קען ניט צוטאָן אַן אויג. דאַכט זיך וואָס איז דאָרטן צו זען אין דרויסן? וואַסער פון אויבן, וואַסער אונטן און חושך אין מיטן. אָבער מיינע אויגן זיינען פאָרט איינגעבויערט אין דעם שייבל פון עראָפלאַן. אַזוי שעה נאָך שעה, און די נאַכט וויל זיך ניט ענדיקן; די נאַכט איז לאַנג ווי דער אָקעאַן און אַזוי תהומיק שוואַרץ. און אָט — אַ בלאַסק ליכט. דער עראָפלאַן נידערט צו פאַרוען. ער לאָזט זיך אַראָפ ווי אַן איינגעמאַטערטער פויגל. איך פאַרגלייך אין רעיון דעם עראָפלאַן איצט צו אַ ווייסן שטאָרך מיט צעבראָכענע פליגלען. אָט גיט ער טאַקע אַזוי אַ שפרונג אונטער און זעצט זיך אַראָפ, ווי אַ שטאָרך, אויף איין פוס. וואָרום פאַרן צווייטן פוס — אַזוי דוכט זיך מיר — איז אויפן דאָזיקן פיצעלע אינדזל פאַר אים קיין אָרט ניטאָ.

מיר גייען אַרויס אויף ערד — און זיינען אַרומגערינגלט פון וואַסער. ווו דאָס אויג פאַלט — צעברויזטער

ים, ווענמענס כוואַליעס עס שלאָגן אָן ביז די פליגל־שפּיצן פון עראָפּלאַן.

עס באַגריסט אונדז אַ צעפּאַרעטע נאַכט און עטלעכע פאַרשלאָפענע מענטשן, פון די 120, וואָס לעבן דאָ, אויפן מייליקן פעלדז, אין האַרץ פון אָקעאַן.

זיך פאַרוט און מיר גייען שוין צוריק אין עראָפּלאַן. איך נעם מיט אַ גרינעם בלאַט, פון אַ פאַרדאַרנטן, אויס־געפּאַרעטן קאָקאָס בוימל. מיר פאַלט איין, אַז די בלעטענע פּושקע איז אַ פליענדיקע נח׳ס תבה, און דער שמעקע־דיקער בלאַט, וואָס איך טראָג שוין מיט זיך, איז דער איילבערטבלאַט פון דער צווייטער טויב, וואָס נח האָט אַרויסגעשיקט.



קאַיאַר. די זון גליט אויף, אָבער די לבנה איז נאָך ניט פאַרגאַנגען. ביידע ליכטיקן איינצייטיק אויפן פירמאַ־מענט. עס איז פאַר מיר אַ נאָך־קיינמאָל ניט געזעענער וווּנדער־בילד. איך קוק נאָך דעם טיף־רויטן קויל און דעם בלאַס־ווייסן; וויל זען ווי לאַנג זיי וועלן זיך האַלטן צוזאַמען — און פאַרליר די לבנה אין אַן אויג־פינטל, ווי אַ געהיימע האַנט וואָלט איר אַוועקגעכאַפּט.

מיך פאַלט איין, אַז מיין לעבן איז ווי מיין איצטיקע רייזע — אַ שפּרינגען פון אינדזל צו אינדזל — איבער תהומען.

מיר דערזעען די ברעגעס פון יונגסטן קאָנטינענט. — וועגן וועלכן מיר ווייסן קוים צוויי הונדערט יאָר. אַ קאָנטינענט אַזוי גרויס ווי גאַנץ אייראפּע, און אינגאַנ־צן באַקראַנצט פון וואַסער, אין וועלכע ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן.

מיר דוכט אַז דער עראָפּלאַן איז „אַרויס״ פון ים מיטן לעצטן אָטעם, ווי איינער וואָס האָט זיך געהאַלטן אין טריבקען און זיך קוים דערשלאָגן צום ברעג.

(אויגוסט, 1966).

# אין מעלבורן

איבער 25 טויזנט יידן האָבן איינגעוואַנדערט אין אויסטראַליע נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה. כמעט אַלע זיי האָבן זיך באַזעצט אין מעלבורן. אָט די שטעלן פּאָר מיט זיך אַ שפּיגל־שפּליטער פון אונדזער חרובער יידישער וועלט אין אייראָפּאַ. זיי זיינען ווי אַ וואַסער־טראָפּן אונטער זון־שטראַלן. עס איז אַ ישוב ווו עס געפינען זיך, אויף אַ קאָמפּאַקטן און בולטן אופן, די קאָלירן פון די אויסגעטריקנטע יידישע שטראָמען. דאָ פילט מען נאָך אַן אָטעם פון אונדזער חרובער וועלט. מען פילט עס אין די היימען, אין דער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט, לויט די פאָרמען און לויטן תוך. און יידיש לשון איז דער סאַמע וויטאַלסטער סימן פון דער מיט־געבראַכטער קולטור — דערוויילע.

אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פון יונגע מענטשן, דאָס רוב שטודירנדיקע יוגנט, האָב איך פאַרוואָרפן אַ רעטאָרישע פראַגע: אין וועלכן לשון ריידן? איבער הונ־דערט שטימען האָבן געענטפערט אין איין קול: יידיש! די יונגע פריינט רינגלבלום (אַ קוזין פון קדוש עמנואל רינגלבלום), דוד בורשטין און זיין פרוי פירן אָן מיט אָט דער יוגנט־גרופּע. זיי האָבן ניט באַהאַלטן, אַז אָט די עקשנות פאַר יידיש דרינגט אַרויס פון אַ פּאַרטייאישער פּלאַטפאָרמע. אָבער נאַטירלעך דאַרף דער דאָזיקער פאַקט ניט מינערן די פרייד, פון הערן אַ לעבעדיקן יידישן לשון אין יונגע מיילער.

אַ לעבעדיקער יידיש רעדט אַראָפּ אויך פון אַנדערע

הונדערטער יונגע ליפן, מיט זאַפטיקייט און נאַטירלעכ־קייט. עס איז דאָס לשון פון זייערע היימען, פון די קנאַית־דיקע היימען פאַר יידיש.



די לאַנדסמאַנשאַפטן האָבן געשפּילט אַ גאָר וויכ־טיקע ראָלע ביים איינאָרדנען די ניי־געקומענע, — איז געבליבן אָפּגעקריצט זייער חשיבות. אַזאַ לאַנדסמאַנשאַפט ווי די ביאַליסטאָקער — די גרעסטע, און די וואָס האָט געגעבן די מערסטע הילף — איז אַ מדינה פאַר זיך. און אַלע פאַרבאַנדן צוזאַמען שטעלן פאַר די פאַרבלוטיקטע לאַנד־קאַרטע פון די אומגעבראַכטע יידישע קהילות אין פוילן. דאָס רוב פון די פאַרבאַנדן טוען נאָך אויך היינט גוטע אַרבעט. זיי זיינען אַן אָרט פאַר היימישע, וואַ־רעמע עסקנות, האַלטן טייער דעם היימישן יאָרצייט, לאָזן אַרויס יזכור־ביכער און זיינען אַן אָנהאַלט־אַדרעס אין אַ נאָך אַלץ פרעמדלעכע וועלט.

ניט אָבער נאָר די לאַנדסמאַנשאַפטן. דער נייער ישוב בכלל איז אימפּולסיוו מיט אַלטע אַקטיוויטעטן. מען איז צוריקגעגאַנגען דאָרט ווו מען האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן מבול; איש תחת דגלו, יעדער צו זיין פאַרטיי און קרייז. מען טוט יידישע אַרבעט, צוזאַמען און באַזונדער, — בעיקר באַזונדער. עס איז קוים פאַראַן אַ פאַרבינדונג און אפילו קאָאָרדינאַציע צווישן דער פּילפאַרביקער גע־זעלשאַפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט. יעדערער פאַר זיך און קיינער ניט פאַר אַלעמען. פעלט טאַקע אפילו אינפאָרמאַציע וועגן דעם וואָס עס טוט דער צווייטער צד. במילא קען שוין געוויס ניט זיין קיין אָפּשאַץ און דרך ארץ פאַרן צווייטנס טעטיקייט.

די וועלכע זיינען געקומען אין לאַנד אַריין נאָך דער מלחמה שטעלן מיט זיך פאָר אַ העלפט פון ישוב. זיי האָבן אויך מחיה געווען דעם ישוב; געבראַכט נאַציאָנאַלן פאַ־טאָס און אַ באַוווסטזיניקן ווילן צו יידישער טועוודי־קייט. פונדעסטוועגן איז ניטאָ קיין אינטימער געזעל־שאַפטלעכער קשר צווישן זיי און דעם „אַלטן" טייל.

פאַראַן אַ פולע אָפּזונדערונג צווישן די צעוואַקסענע נאַציאָנאַלע טאָג־שולן און אַלע אַנדערע יידישע דערצי־אונגס־אַנשטאַלטן.

דער „באָארד", וואָס דאַרף, לויט זיין מהות, פאַר־

שטעלן עפּעס פון אַ קהילה און דאַך־פֿאַרבאַנד, איז נאָך ניט אַנטוויקלט צו דעם.

דער ציוניסטישער ראַט נעמט יאָ אַרום דעם ישוב. אָבער ווי אַ גאַסט אויף אַ ווייל איז מיר ניט געלונגען צו זען זיין מאַכט און דעה.

די פֿרעמדקייט צווישן פרום און פריי איז באַזונדערש קאַנטיק. די חסידישע יידן גרופּירן זיך אַקטיוו אַרום זייערע אייגענע מוסדות און אין זייער לעבנס־נוסח. און הגם זיי זיינען אַליין אויך צעטיילט אויף כיתות, זיינען זיי אָבער אַלע צוזאַמען מבטל די אַרבעט פון די „פרייע״ און מיידן זיי אויס — אויף וויפל דאָס איז מיגלעך. און אַ סך פרייע פֿאַלט גאָר ניט איין, אַז די פרומע זיינען אויך יידן . . . (צו מיין ערשטע לעקציע האָב איך אין זאַל ניט געזען קיין איין רעליגיעזן ייד, פון די, וואָס זייער פּנים און הילוך זאָל זאָגן עדות וועגן דעם — הגם אַזעלכע זיינען פֿאַראַן אין שטאָט זייער פיל. צו די שפּעטערדיקע לעקציעס האָבן זיך יאָ אַזעלכע דורכגעזיפּט אין זאַל).

דאָס רוב פון אָט די וועלטלעכע יידן, און געוויס שוין די רעליגיעזע, האָבן נאַטירלעך אַ קנאַפּן איבערלעבן אינטערעס אין דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן פון לאַנד. קומט אויס, אַז די מערהייט פון דעם יידישן ישוב איז אָפּגעטיילט אין זיך און שטאַרק צעטיילט צווישן זיך.

יעדעס מאָל ווען איך פלעג אין מעלבורן טראַכטן וועגן דעם, זיינען געקומען אויפן געדאַנק עטלעכע שורות פון דער „גאולה־קאָמעדיע״:

די וועלט — באַזונדער, מיר — באַזונדער, קיינער
 ניט אין מיטן.
דער אומזין פון די לעצטע, לעצטע, לעצטע וווּנדער
 וועט אַליין אונדז היטן.

אין דעם שפּליטער פון מזרח אייראָפּעאישן יידנטום, וואָס דער ישוב איז, שפּיגלען זיך אַ סך מעלות פון דער פֿאַרשניטענער היים. עס וואָלט אָבער געווען איבערמענטשלעך צו פֿאַרלאַנגען, אַז אין אָרעמען באַגאַזש זאָל מען האָבן מיטגענומען נאָר די מעלות.

— ● —

— איר דערקענט מיר? מיר געדענקט איר? !

די דאָזיקע פריידפולע פראַגן האָבן אָפּגעוואַרט שוין אויפן עראָדראָם. זיי האָבן זיך געלאָזט הערן פון צענד־

ליקער שטימען יעדן טאָג דורכן טעלעפאָן. זיי האָבן אָפּגעוואַרט נאָך די לעקציעס און האָבן באַגלייט אַלע מיינע 36 טעג אין אויסטראַליע.

אַזויפיל טרעפונגען מיט חברים, גוטע פריינד און מיט וועמען מען איז „געווען צוזאַמען", האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף איין אָרט און אין אַ קורצער צייט.

דער אינערלעכער פרייד־אויפציטער און די אַרויסגערופענע פּיין־זכרונות פון אַלע די טרעפונגען זיינען אָפט געווען איבער די פיזישע כוחות.

מיין זכרון איז ניט קיין פאָטאָגראַפישער. מענטשן און ערטער געדענק איך נאָר לויט געשעענישן. און אַלע אָט די זיינען דאָך געווען „פיגורן" און „סטאַטיסטן" אין דער בלוטיקסטער „דראַמע", — טאָ אַ שאלה אויב מען געדענקט!

— מיר דערקענט איר?

די מאַנדל־אויגן פון מיין דאַכאַו־חבר שמייכלען און זיין שוין גראָער קאָפּ ווייַנט. זיין שטיקל ברויט האָט מיר אפשר דערהאַלטן דאָס לעבן. צאָל איך אים דאָ אָפּ — מיט אַ בגוואַלד פאַרהאַלטענע טרער.

איך גיין אין די היימען פון צענדליקער פריינד. איך קום צו זיי און צו זייערע פאַרבעטענע געסט. איך עס ביי זייערע טישן, זע זייערע געראָטענע קינדער. עס דערפרייען זיירע ליכטיקע היימען, דער נס פון זייערע באַנייטע לעבנס־כוחות — און יעדער קער און ווענד ציטערט אויף מיט זכרונות.

— איר דערקענט מיר?

עס געשעט אַז איך לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ אין פאַרלאָרנקייט, — ביז זיי דערמאָנען עפּעס אַן עפּיזאָד, אין וועלכע די דערמאָנונגען זאָל זיך אָנקייטלען.

די פרעגערס זיינען אַלע געראַטעוועטע פון אונדזער טיטאַניק־טיטאַנישן חורבן. אַז דער שטורעם האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיינען זיי דערשווומען אַהער, צום אינדזל אויסטראַליע. יעדער פון זיי איז אַ שפּליטער פון שיפּברוך, אַן אות אין דער מגילה פון פּיין.

ווו האָבן מיר זיך געטראָפן, אין געטאָ, אין אַ געהיימען צונויפקום צו פאַרמאָסטענעם ווידערשטאַנד, אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער, אויף די וואָגל־וועגן פון אייראָפּע — ווו?

נאָר וואָס איז דער אונטערשייד, צו דאָרטן צו דאָ, — מיר דערקענען זיך סיווי. מיר דערקענען זיך לויטן

גלי אין די אויגן, לויטן הייסן אָטעם. אין זייער פֿאַר־קראַמפּטן האַנט־דרוק איז איינגעקראַמפּט דער פֿאַרפּרעס־טער ווײ. אין זייערע אַראָפּגעלאָזענע בליקן איז פֿאַראַן די שטומע פֿאַרשעמטקייט פֿאַר אַלע לעבנס וואָס האָבן ניט דערלעבט. אין אונדזער שווייגן רעדט די פֿרייד פֿון דער באַגעגעניש.

„איר דערקענט מיר?" — און שטראָמען הייסע רייד, דערמאָנונגען, גיבן זיך אַ ריס. די רייד קומען ווי פֿון אויפֿגעפּראַלטע קוואַלן, הייסע און קאַלטע. די שוידער־דערמאָנונגען שטראָמען, אַזוי אָפֿן, און מישן זיך מיטן פֿריידיקן היינט — אַן אַ צעשייד־ליניע.

איך הער די רייד, וואָס וויטאָקן נאָך ווי אָפּגעדעקטע וווּנדן. איך ווער אַן אַקטיווער מיטריידער, אַן אַרויסרו־פֿער פֿון פֿאַרשטומטע וועלטן און געשטאַלטן. און דאַן גיי איך אַוועק, ווייטער צו שפּינען אין זיך — דורך וואַכע, אויפֿגעפּיבערטע נעכט — די זכרונות, וועלכע מיר האָבן אַרויסגערופֿן און אויפֿגעלעבט.

## אַ שבת מיט ליובאַוויטשער

זיי זיינען אַהער זיך צונויפֿגעפֿלויגן ווי אַ טשאַטע פֿייגל אין זומער־לאַנד.

זיי קומען פֿון לאַנד פֿון ווייסן שניי און שוואַרצער אימה.

דאָ האָבן זיי אויפֿגעבויט זיך נייע נעסטן, אָבער זיי וואַרעמען זיך אין דעם אייגענעם פֿייער און זינגען דעם אייגענעם ניגון.

דאָס רוב זיינען עס ליובאַוויטשער חסידים, אנשי חב״ד. פֿאַראַן אויך אונגאַרישע.

זיי שפּרייזן דאָ אויף דער נייער ערד מיט אַלטע טריט און מיטן אַלטן יידישן הילוך.

אין אַ געגנט פֿון שטאָט, וואָס מען רופֿט קויפּילד, האָבן די ליובאַוויטשער אויפֿגעהייבן די פֿאַרבלוטיקטע יידישע אותיות און זיי אַרויסגעשטעלט הויך איבער מוי־ערן. זאָל אַ וועלט וויסן: דאָ איז די ישיבה, און דאָ אַ שול פֿאַר מיידלעך; דאָ אַ שטיבל פֿאַר אנ״ש, און דאָ אַן איי־גענע חבורה.

עס איז שבת פֿרי, מיין לעצטער שבת אין מעלבורן, און איך האָב צוגעזאָגט, אַז איך וועל ניט אַוועקפֿאָרן אָן אַ „זייט געזונט".

די גאַסן זיינען ברייט און שטיל און איינגעטונקט

אין זון. איך גיי אַליין — מיט תרעומות צו זיך אַליין: גייסט עפּעס אַהין ווי מיט אַ טוריסטישן בייגער — און דאָס פּאַסט ניט פאַר דיר. לאָז אַרונטער דעם קאָפּ, בייג אָן די אַקסלען, און זאָלן די טריט דיר דערמאָנען אַ געווייינטן גאַנג — אין שול אַריין.

אויפן ראָג פון ישיבה זאָגט די לופט מיר גוט שבת. קינדער שפּילן זיך—און פון זיי שפּילט שבתדיקע מנוחה.

אינעווייניק דערקענט באַלד אַ געוויינטער אויער, אַז דאָס איז אַ בעלי בתישער דאַוונען, ניט קיין ישיבה׳שער. און טאַקע אַזוי. דער עלטערער מנין בחורים מיט די ראשי הישיבה טרעטן אָפּ אויף שבת אין אַ שטיבל, אַ פּאָר גאַסן אַוועק. איך קום אָן אַהין. עס איז אַ שטוב צווישן אַ גאַס שטיבער, אָן אַ צייכן און אָן אַ פאַרענדער. דאָ דאַוונט אַן אייגענע חבורה. אַ פּאָר קלוגע אויגן זאָגן מיר „שלום“. איך דערקען די אויגן. אַלע ישיבה־מנהלים, משגיחים, האָבן דעם זעלבן בליק: ווייסן פּייער. אַזאַ בליק זאָגט: כבדהו וחשדהו . . . ער האָט טאַקע אָנגענומען אונדזער פאַרבעטונג און איז אונדזער גאַסט, פונדעסטוועגן איז כדאי אים אַ טרייסל טאָן און וויסן מה טיבו, וואָס טראָגט ער אין האַרצן . . .

הרב ר׳ זלמן סערעבראַניק איז אַ שם דבר אין מעל־בורן. איך פרייע יידן ריידן וועגן אים מיט פרומען דרך ארץ. ער און הרב ר׳ יצחק גראָנער, און זייערע נאָענטע, האָבן עס דאָ, אין קאַרגע פופצן יאָר, אויפגעשטעלט די ליובאַוויטשער מוסדות פון חינוך, פאַרוואָרצלט און צע־צווייגט זייער דרך און זייער הנהגה, וואָס איז געוואָרן אין שטאָט למופת און לתפארת, צו אַ משל און אַ מוסטער.

אָפּגעדאַוונט, גייען מיר צו קידוש.

דער יונגערמאַן מיט וועמען מיר גייען צוזאַמען, מיט וועלכן ר׳ זלמן האָט מיך באַקענט, איז אַ געבוירענער אין אויסטראַליע. דאָ געענדיקט דעם אוניווערסיטעט. איצט איז ער דער מנהל פון דער ליובאַוויטשער לערן־שול. זיין שיינע באָרד איז אַ ניט געפּוצטע. זיינע רייד און מאַ־ניערן אידעלע, ווי עס געהער פאַר אַ בן־תורה. און דער לשון — אַ היימישער. „איר פאַרשטייט. ביי אנ״ש“ . . . (געמיינט: ביי אנשי שלומנו, מענטשן פון אונדזער דרך). ווי קומען אַזעלכע אַלטע רייד אין אַזאַ יונגע מויל? דאָס איז דער כוח פון אמונה, וואָס קען איבערגעבן ניט נאָר דעם תוך, נאָר אויך די פאָרם.

מיר גייען, אַ צוויי מנינים, מיט שבתדיקע טריט,

דורך די באַזונטע גאַסן. קיינער קוקט אונדז ניט נאָך. אויף די קריסטן זיינען שוין געוווינט, אַז אַזוי גייען יידן.

מיר קומען אין דעם פאַרבעטענעם הויז. דאָ וועט קינפטיקע וואָך זיין אַ חתונה, איז דער פאָטער פון דער כלה איצט דער מכניס־אורח. אַ זמר איז אונדז מקבל פּנים — און שוין זיינען מיר אַלע היימישע.

— איר וועט זאָגן אַ וואָרט?

שוין 25 יאָר ווי איך טראָג אין זכרון אַ וווּנדער־געשטאַלט מיט אויגן ווייטזיכטיקע. עס איז געווען באַלד נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה. וואַרשע איז שוין געווען געפאַלן. חסידים אין אויסלאַנד האָבן אָבער באַוויזן אַרויסצובאַקומען דעם ליובאַוויטשער רבי׳ן, ר׳ שניאור זלמן שניאורסאָן זצוק״ל.

ביי זיין דורכפאָרן קאָוונע האָט דער רבי באַוויליגט מיר אויפצונעמען, אין דעם גייענדיקן באַן, און געזאָגט האָט דער רבי, אַז ער פאָרט קיין אַמעריקע, ניט קיין ארץ ישראל — „ווייל מען דאַרף פאָרן אַהין ווו עס פעלט יידישקייט, און אין ארץ ישראל וועט קיין יידישקייט ניט פעלן״.

וואָס דער רבי האָט טאַקע אויפגעטאָן אין אַמעריקע, די מוסדות וועלכע ער האָט דאָרטן אויפגעשטעלט, איז באַוווּסט. טאָ זאָג עס זיי, דערציייל עס זיי, עס זיינען דאָך די רייד פון זייער רבין, און זיי דאַרפן עס וויסן.

„אַז איך זע אייערע מוסדות דאָ, שטייט פאַר מיינע אויגן דעם רבינס געשטאַלט. זיינע רייד יענע אָטעמען דאָ מיט ליכטיקער זעאונג, מיט אַ זעאונג וואָס איר האָט געמאַכט וואָר״.

אַזוי זאָג איך צו די מסובים אין דעם קידוש־הויז. אָבער מיינע אייגענע טראַכטענישן איצט באַהאַלט איך אויס פון זיי. איך פאַרשווייג אין זיך די פראַגע: וואָס מיינט אָט דער וווּנדער־גאַנג פון יידישן גורל? פאַרוואָס מוזן מיר אין איין אָרט חרוב ווערן, און בויען אין אַ צווייטן? פאַוואָס גייען מיר אָפּ מיט בלוט אין איין וועלט־ווינקל, און פון וואַנען נעמען זיך צו אונדז נאָך כוחות אופיצוקומען אין אַ צווייטן עק־וועלט? וואָס מיינט די דאָזיקע מיסטעריע פון יידישן גורל?

יאָ, אַזוי טראַכט איך בשעתן ריידן. אָבער די מחשבות דערשטיק איך אין זיך. אויפן קול באַוווּנדער איך נאָר דעם מוט און גבורה פון די פאַרוואָגלטע יידן אויפן גרויסן אינדזל, — אויף וועלכן זיי האָבן אויפגעשטעלט

זייער אייגענעם אינדזל. דער גרויסער אינדזל איז אַרומ־
געקראַנצט מיט וואַסער, און זייער אינדזל — אַרומגעבויט
מיט אַ פרעמדער וועלט. פונדעסטוועגן האָט מען באַוויזן
זיך דאָ איינבויען, איינצולעבן. אָבער — מען בענקט.
מען בענקט צום רבי'ן, וועלכער איז ווייט אַריבערן פּאַ־
סיפיק, און מען בענקט קיין ארץ ישראל, וואָס איז ווייט
אַריבערן צווייטן אָקעאַן. און מען בענקט געוויס צום
קומען פון משיח'ן, וואָס זאָל באַשיידן די מיסטע־
ריע פון יידישן גורל־גאַנג דורך דער וועלט.

# צווישן כינע און אינדיע

אין דזשאַקאַרטאַ האָט אונדז אָפּגעוואַרט אַ רעוואָ־לוציע. דער עראָדראָם איז אַרומגערינגלט פון פּאָליציי. די פּאַסאַזשירן שווייגן ווי פיש. די אָרטיקע מענטשן מיידן אויס אַ פרעמדן בליק. באַקאַנטע בילדער פון מלחמה און איבערקערענישן, וואָס אין אייראָפּאַ האָט מען שוין אָנגעהייבן פאַרגעסן, אָבער דאָ זיינען זיי נאָך אָפּטע געשעענישן.

דער פאַרשטייער פון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע שמייכלט צווייטייטיק, אַנשטאָט אַן ענטפער. ער באַהאַלט אָבער ניט פאַר מיר זיין צופרידנקייט מיט דער רעוואָ־לוציע, וועלכע איז פראָ־אַמעריקאַניש. און בכלל געפעלט אים וואָס עס איז הימלעך . . . „דאָס לעבן דאָ איז שווער, צוליבן קלימאַט, אָבער זייער אינטערעסאַנט, פול מיט שפּאַנונג און נייאיקייטן כסדר" . . .

— אויף וויפל אינדזלען שפרייט זיך אויס די אינדאָנעזישע מדינה?

— מיר האָבן אָנגעציילט אַ שיינע פאָר הונדערט און מיר זיינען מיד געוואָרן ציילנדיק . . .

אין קואַלאַ־לומפּאַר פון מאַלעיזיע איז רואיק אויף דער אויבערפלאַך. די רעגירונג איז סטאַביל און די עקאָנאָמישע לאַגע גוט. עס גייט אָן אַ פיבערהאַפטער בוי פון פּראַקטיקע בנינים, — וואָס דאַרפן פאַרשטעלן די אָרעמקייט. אין אַלע די לענדער וויל מען דעריאָגן אַמעריקע, און מען האָט אָנגעהייבן בויען — פון דאַך. מיט אַמעריקאַנער הילף בויט מען לוקסוספולע פּאַלאַצן, בשעת די באַפעלקערונג זינקט נאָך אין ביטערער אָרעמקייט.

פון באַנגקאָק אין טאַילאַנד איז שוין אַ קאַצן־שפרונג קיין וויעטנאַם, אָבער די מלחמה שפירט זיך דאָ — נאָר אויב מען זוכט איר. אויפן אויבערפלאַך איז

שטיל און רואיק, ווי די מלחמה וואָלט ניט געווען אויפן שוועל דאָ.



אַ טייל אַנגעגליטע וועלט־פּראָבלעמען ווערן קלערער דאָ, ווען מען זעט זיי פון דער נאָענט. למשל: די פאַרצויגענע מלחמה אין וויעטנאַם.

אויף דעם ערד־איינשניט, צווישן אינדישן און פּאַציפישן אָקעאַן, זיינען אויפגעקומען אַ צענדליק מדינות. אַט די נייע מדינות, און אויך די עלטערע, זיינען נאָענט צו כינע — ניט נאָר געאָגראַפיש. קולטורעל, ראַסיש און אין מענטאַליטעט זיינען מיליאָנען מענטשן אין דעם געביט כינעזער. אַ קאָנטי־קער טייל ציט היסטאָריש זייער אָפּשטאַם פון כינע. זייער שרייב־שפּראַך, ליטעראַטור, קונסט, רעליגיעס, בודיזם, טאַאָיזם און די לערע פון קאָנפוציעס, אַלץ איז געקומען אַהער דירעקט פון כינע, אָדער דורך כינע. די רעוואָלוציע אין כינע האָט זיי — באַזונדערש די יוגנט — געגעבן אַ נאַציאָנאַלן שטויס פאָראויס און אַ ווילן צו אַ גיכן סאָציאַלן פּראָגרעס. די רויטע כינע איז געוואָרן זייער נאַטירלעכער אָנשפּאַר און פאָרבילד. באַמיט זיך אַמעריקע אָפּצורייסן דעם גאַנצן געביט פון כינעזישן איינפלוס. דאָס איז איר געלונגען, אַדאַנק די שווערע מיליאָנען מאַטעריעלע הילף, וואָס אַמעריקע בראָקט אַריין אין די לענדער. נאָר די מלחמה אין וויעט־נאַם, ווי פריער אין קאָרעאַ, האָט געגעבן אַמעריקע פרייע הענט און גענוג צייט, זיך צו פאַרפעסטיקן אין דעם געביט; אין אַט דער צייט האָט אַמעריקע דורכגע־פירט שטילע רעוואָלוציעס אין עטלעכע די לענדער און אַרויסגעשטופּט דעם כינעזישן איינפלוס. אַמעריקע האָט דורך דער מלחמה „באַשעפטיקט” כינע, אַז זי האָט געמוזט אָפּשטעלן דאָס אַריינדרינגען אין אַט די לענדער. די מלחמה איז געווען אַ קאָמופלאַזש, אונטער וועלכן אַמעריקע האָט זיך געקענט אַרומטאָן אין דעם געביט.

אָט דער חשבון איז ניט באַרעכטיקונג פאַר דער מלחמה; עס איז נאָר אַ פּרואוו פון אַ לאָגישן אויסטייטש, — וואָס מען זעט עס קלערער אויפן אָרט. עס איז אָבער אויך ניט אויסגעשלאָסן, אַז די פאַרצויגענע מלחמה אין

וויעטנאַם קען צום סוף ברענגען פאַרקערטע רעזול־טאַטן.



סינגאַפור איז אַ נאָמען פון צוויי סאַנסקריט ווערטער, וואָס באַדייטן: „לייבן שטאָט". אפשר איז דאָס אַמאָל, אַמאָל געווען אַ „שטאָט" פון לייבן. היינט זעט עס גיכער אויס ווי אַ גנבים־נעסט. אָבער, צוליב דרך־ארץ צו אַן אַלטער שטאָט, און צו צוויי מיט אַ האַלב מיליאָן מענטשן, לאָמיר עס רופן: אַ פּיראַטן־נעסט. ווייל עס לאָזט זיך שיקן, אַז דער גרויסער אינדזל איז כינעזישן ים האָט אַמאָל געדינט אַלס אַן „אָפּרו" פאַר ים־פּיראַטן — און דאָס איז אַמאָל געווען אַ יחוסדיקע באַשעפטיקונג . . .

צום אינדזל ציען זיך טוריסטן פון דער גאַנצער וועלט, הגם עס איז קוים ווערט די הוצאות. אָבער די כינעזער, וואָס זיינען 80 % פון דער באַפעלקערונג, (די אַנדערע מאַלעיזיער און געמישטע), זיינען קלוגע, פּעיקע סוחרים — „פאַרקויפן" זיי דעם אינדזל צו טוריסטן, וואָס זיינען אייביק הונגעריק צו עקזאָטיק. דער פרייער האַפן — און די גאַנצע שטאָט איז אַ נאַטירלעכער האַפן — איז אַ גן־עדן פאַר ספּעקולאַנטן. אַלץ איז פריי און אַלץ איז ביליק. פון הי פאַרשיט מען מיט סחורות, פון יאַפּאַן און אַמעריקע, צו נאָענט און ווייט. און די סחורות זיינען פאַרשיידענע, ניט נאָר קינדער־שפּילצייג, כינעזישע שטאָפן און יאַפּאַנישע פּאָטאָ־אַפּאַראַטן. פאַראַן מדינות אַרום, וועמענס רעגי־רונגען דאַרפן עפּעס אַנדערש. און אויסלענדישע אַגענטן האַנדלען ניט נאָר מיט קאָמערציעלע אַרטיקלען. די רויטע כינע האָט דאָ איר גרויסן באַנק, דורך וועלכער עס ווערט דורכפילטרירט מיליאָנען, פון און צו דער מערבדיקער וועלט. אויך אַ קאָמוניסטיש לאַנד דאַרף האָבן אַזאַ פילטער־אינדזל. און די פּאָליטישע אַגענטן זיינען אויך טעטיק.



איך מיטן פון סינגאַפור שטייט אַ פראַקטיקע געביי־דע, אין אַזיאַטישן סטיל — לייזדיק. ביז ניט לאַנג צוריק

איז געווען דאָ דער נערוו־צענטער פון דער פעדעראַציע מיט מאַלעזיע. אָבער די פעדעראַציע איז פונאַנדערגע־פאַלן, סינגאַפּור איז איצט אַ מדינה פאַר זיך — אַן אינדזל־מדינה פון 200 מייל און 3 מיליאָן מענטשן.

פאַר דעם הייפל רייכע כינעזישע משפּחות, צו וועלכע עס געהערן אַלע טראַסט־אונטערנעמונגען און געשעפטן, איז אַזאַ זעלבסטשטענדיקייט אידיאַל. אָבער די באַפעלקערונג לעבט אין אָרעמקייט, צוריקגעשטאַ־נען. עס איז דער איינציקער אינדזל אין דעם טייל אַזיע וווּ עס איז נאָך נישט פאַראַן קיין צוואַנגס־בילדונג. דערביי איז די געבורטיקייט אַ גרויסע. (עס איז אַ געיעג צווישן די כינעזער און מאַלעיזיער, ווער עס וועט האָבן מער קינדער, צו קענען איינהאַלטן די מאַכט...).

לעצטנס האָט דער אַריסטאָקראַטיש־גבירישער הייפל זיך אַ נעם געטאָן צו ווייזן פאַר די שכנים־לענדער. מען ראַמט אָפּ די „סלאַמס“ און מען בויט מאַסן־דירות. (אַ באַאַמטער באַרימט זיך, אַז אַלע 45 מינוט ווערט אויפגעשטעלט אַ וווין־איינהייט). אָבער די נייע בלאָקן ווערן אויך גיך פאַרוואַנדלט אין סלאַמס, צוליבן לעבנס־שטאַנד פון די איינוואוינער. און אויך די אַלטע סלאַמס זיינען נאָך ווייט נישט אָפּגעראַמט. אין „מאַלעיזיעשן דאָרף“ — אַן אַטראַקציע פאַר טוריסטן — שרייט דער עלנט פון די נאַקעטע, הונגעריקע איינ־וווינער, און פון די לעכער, וואָס רופן זיך „היימען“.



דער קלימאַט אויפן אינדזל איז שטענדיק אָנגעפּאַ־רעט, ווי אין אַ פינישע באָד. פאַרברענגען טוריסטן אין אינטערנאַציאָנאַלע האָטעלן, אַרום פּראַקטיקע שווים־באַסיינען. איינגעבוירענע, רייכע כינעזער זיינען דאָ אויך פאַראַן. כינעזישע מיידלעך, מיט גופים ווי פידלען, שווימען אין אייראָפּעאישער „קליידונג“. אָבער אַרויס פון שווים — פאַרשווּנדן זיי צוריק די גופים אין כינעזישן טראַכט, וואָס זיינען דין און לאַנג, ווי זייערע ליפּן און אויגן. זיי שאָקלען זיך אַוועק מיט געפּענטענע, ריטמישע טריט אויף די קליינע פיסלעך — צוריק אין זייער פאַרהילטער וועלט, פון אַן אַלטער ציוויליזאַציע; אַ וועלט וואָס בלייבט פרעמד, פאַרשלאָסן און אומפאַרשטענדלעך פאַר אייראָפּייער.

אין דעם עלטסטן הינדוסן טעמפּל, אַרומגערינגלט

פון מאַרקישע, שמוציקע גאַסן, שטייען אויסגעשטעלט די געטער און געטעלעך, אָנגעשמירטע ווי אויף אַ קאַרניוואַל. די אָקסן, קי און קעלבלעך, די שמייכלענדיקע פעטע בודהאַ פיגורן, די גיפּס־געשטאַלטן פון צעוואַקסענע קיסרים, רייטנדיק אויף פרע־היסטאָרישע חיות — זיי זיינען אַלע הייליק און געטלעך.

איך גיי, אַ באָרוועסער, דורך די פאַרדומטע קעמערלעך פון טעמפּל. איך וויל אויפברענגען אין זיך יראת הכבוד פאַר אַן אַלטער קולטור; איך וויל עס דערפילן, ווי די פרויי דאָ, וואָס מורמלט געטאָפּאָרסטיק אַנטקעגן אַ קעלבל; איך וויל אויפשלאָגן אין זיך אַ פונק פון פיעטעט, ווי דער באָרוועסער הינדו־כהן, מיטן גרויסן בויך און געגאָלטן קאָפּ, וואָס קאָרמעט די געטער מיט אַן אָרעמען אָנבייסן. איך זאָג צו זיך: אויך דיינע פאַרהייליקטע מנהגים און גלויבענישן מוזן אויסזען פונקט אַזוי ווילד פאַר אַט די אַלע דאָ, צו וועמען דער תנ״ך האָט ניט דערגרייכט.

אויפן „אָלימפּוס“, אַ באַרג־זייט פון שטאָט, האָט אַ כינעזישער מולטי־מיליאָנער, וואָס האָט פאַבריצירט כינעזישע רפואות, אויפגעשטעלט אַ מוזיי. צו דער פאַמיליע האָט אַמאָל געהערט דער גרעסטער טייל פון אינדזל. האָבן די גרינדער, די רפואות־מאַכער, זיך געוועלט פאַראייביקן. האָבן זיי איבערגעלאָזן מוזייאומס — אין יעדן הויז וווּ זיי האָבן געהאַט זייערע פרויען. אין די הייזער שטייען די קאָסטבאַרע אַנטיקן — ווי געווען ביי זייער לעבן. און באַרג־זייט האָבן זיי איינגעגראָבן פול־מאָסיקע פיגורן, פון מענטשן און חיות, וואָס פאָרטרעטירן די אַנטוויקלונג פון דער וועלט, לויט דער כינעזישער מיטאָלאָגיע. פאַראַן דאָ אויך פּאַוויליאָנען, וואָס דערציילן, דורך פּלאַסטישע פיגורן, די קולטור־אַנטוויקלונג פון כינע. אָט זיינען סצענעס פון געריכטן און פון דורכגעפירטע שטראָפן — וואָלט אוישוויץ דאָ געדאַרפט קומען נעמען לעקציעס אין גרויזאַמקייט. און די קאַניבאַלישע פיגורן זיינען צימהדיק העסלעך און קונסטלאָז.

איז דאָס טאַקע געווען דער גאַנג פון דער כינעזישער ציוויליזאַציע, פאַר וועלכער מיר האָבן אַזוי פיל דרך ארץ?!

איראָפּייער ווייסן ניט און פאַרשטייען ניט דעם

כאַראַקטער, די קולטור און דעם געדאַנקען־גאַנג פון די אַזיאַטישע ציוויליזאַציעס.

ווען מען גיט אַ בליק אויף דער דאָזיקער ווייטער און פרעמדער וועלט, מוזן אויפקומען שטאַרקע ספקות, צי מיר קענען טאַקע האָפן צו האָבן ווען איין וועלט.



דער עראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין קאָלאָמבאָ, די הויפט שטאָט, און דער ערשטער איינדרוק איז געווען ווי דער עראָפּלאַן וואָלט אַהער פאַרבלאָנדזשעט, אָדער געמאַכט אַ נויט־לאַנדונג אין אַ ווילדן דזשונגל. אויפן פּלי־פעלד איז געווען חושך. אַן איינגעפאַלענער ברעטלדיקער באַראַק האָט געדינט ווי דער טערמינאַל. אַ פייכטע היץ האָט פאַרשלאָגן דעם אָטעם.

שוין די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער „מאַכט", מיט די באַאַמטע פון פלי־פעלד, אין זייערע אָפּגעטראָגענע קליידער, מיט פלעגמאַטישע באַוועגונגען, האָט דערציילט אַז מיר געפינען זיך אין אַזיע — הגם דאָ האָב איך דערוואַרט אייראָפּעאישע קולטור־פאָרמען און מנהגים, וואָס האָבן זיך געדאַרפט צוקלעפּן פון די יאָרן פון דער ענגלישער הערשאַפט.

ציילאָן איז אַ צווייטער אינדזל אויפן אינדישן אָקעאַן, אין דער ליניע פון סינגאַפור. אָבער דער אינדזל איז אַ סך גרעסער, 2.500 סקווער מייל, מיט אַ באַפעל־קערונג פון 10 מיליאָן. ציילאָן איז אויך פרוכטבאַר אין טיי, רייז, קאָקאָס ניס און גומי. אָבער אויך דאָ איז גרויס די אָרעמקייט, הגם, דאָ הערשט אַ רעגירונג וואָס רופט זיך סאָציאַליסטיש — און אירע העכסטע רעגירונגס־אָנפירער האַלטן געלט אין פרעמדע בענק און זיינען שטילע שותפים צו די גרעסטע געשעפטן אין לאַנד.

דאָ נישט לאַנג איז אָנגעגאַנגען אַ שווערער בירגער־קריג אין ציילאָן. גוט־אָרגאַניזירטע אויפ־שטענדלער האָבן אין איין נאַכט דורכגעפירט 40 אָנגריפן אין פאַרשיידענע טיילן פון לאַנד. נאָר דורך אַ צופאַל איז דער אויפשטאַנד דורכגעפאַלן אין דער הויפט שטאָט, אין קאָלאָמבאָ, אויך צוליב — דער גיכער, עפעקטיווער מיליטערישער הילף, וואָס ענגלאַנד און אַמעריקע, אַלזשיריע און עגיפּטן האָבן אָנגעיאָגט קיין ציילאָן.

ענגלאַנד האָט די הילף געבראַכט צוליב אַלטער

פֿרײַנדשאַפֿט, פֿון די טעג ווען זי האָט געהערשט אין ציילאָן, און אויך צוליב פּראַקטישע אינטערעסן, וועלכע זי האָט נאָך דאָ. צוליבן צווייטן מאָטיוו האָט עס געטאָן אויך אַמעריקע, און אויך צוליב העלפֿן דער רעגירונג זיך אָפּוווערן פֿון די אויפֿשטענדלער, וואָס זײַנען אונטערשטיצט געוואָרן פֿון פּעקין און געהאַט פֿאַר אַ ציל צו שאַפֿן אַ כינעזיש־קאָמוניסטישע רעגירונג. אַלזשיר און עגיפּטן האָבן צוגעטראָגן זייער חלק שטיצע צוליב דעם, וואָס די הייִנטיקע רעגירונג פֿון ציילאָן וויל זיך ציילן צווישן די, אַזוי גערופֿענע, „נייטראַלע" מדינות, דער „דריטער וועלט בלאָק", אַ פֿיקציע וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן פֿון נערו (אינדיע) טיטאָ און נאַסער. אָבער צוליב אָט דעם בלאָק איז ציילאָן, אָדער ריכטי־קער איר פּרעמיער, פֿרוי סירימאַוואָ באַנדאַראַנייקאַ, קעגן מדינת ישראל. ציילאָן האָט טאַקע נישט לאַנג צוריק אָפּגעבראָכן די דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט ישראל, „ביז ישראל וועט נישט צוריקגעבן די אַראַבער די פֿאַרנומענע געביטן", אַזוי ווי דאָס פֿאָדערט דער גאַנצער „נייטראַלער" בלאָק.

אויך רוסלאַנד האָט געשיקט אָפֿיציעלע הילף: 7 מיג־עראָפּלאַנען. אָבער גלייכצייטיק זאָל רוסלאַנד אויך האָבן אונטערשטיצט די אויפֿשטענדלער. רוסלאַנד האָט געוואָלט האַלטן דעם שטעקן פֿון ביידע עקן. מיט דער סאָציאַליסטישער רעגירונג האָט זי דאָך זייער פֿרײַנדלעכע באַציאונגען. און וויבאַלד כינע אונטער־שטיצט די אויפֿשטענדלער, דאַרף רוסלאַנד דאָך געוויס העלפֿן די אָפֿיציעלע מאַכט. אָבער מען קען דאָך פֿאָרט נישט וויסן ווי זאַכן מאַכן זיך, דאַרף מען זײַן גרייט אויף ביידע פֿאַלן, און אַזוי האָט רוסלאַנד געטאָן, און דאָס איז נישט געבליבן אומבאַקאַנט פֿאַר דער רעגירונג אין ציילאָן.

די אויפֿשטענדלער אין ציילאָן זײַנען באַזיגט געוואָרן. די רעגירונג האָט אײַנגעהאַלטן איר מאַכט. אָבער די אויפֿשטענדלער זײַנען אַוועק אין די וועלדער, אין די טיפֿע דזשונגלס, און זיי וועלן נאָך געוויס לאָזן הערן פֿון זיך. ווײַל די רויטע כינע האָט — כינעזישן געדולד. ווו זי פֿאַרלירט אַ פֿייער, טרעט זי נישט אָפּ ביז עס פֿלאַקערט אויף. אַזוי האָט דאָך אויך דערגרייכט מאַאָ די הערשאַפֿט אין כינע, דורך לאַנגע יאָרן קאַמף.

ציילאָן איז אַ גוטער ציל פֿאַר אַ רעוואָלוציע פֿון

דעם כינעזישן סטיל אין זייער פלענער ביים ברעג פון
אינדישן אָקעאַן, און דער דאָזיקער פאַקט וועט זיך
געוויס לאָזן פילן שטאַרקער אין די פּאָליטישע ראַנגלע־
נישן צווישן כינע, רוסלאַנד און אַמעריקע. ווייל ביי די
ברעגעס פון אינדישן אָקעאַן דאָ, שפּילט זיך איצט אָפּ
דער כוחות־פאַרמעסט צווישן די דריי בלאָקן, וועמענס
אויסגאַנג עס וועט געוויס באַשטימען, אין אַ גרויסע
מאָס, דעם נאָענטסטן גאַנג און גורל פון דער וועלט.

# אין פאַקיסטאַן

אין קאַראַטשי, פּאַקיסטאַן, האָט אונדז אָפּגעוואַרט אַן אָנגעפּאַרעטע דושנע נאַכט.

מיין פּאַספּאָרט האָט מען צוגענומען אויפן עראָדראָם. מען וועט מיר אים צוריקגעבן ביים אַרויספאָרן. איך זאָל פילן אַז מלכות „פּאַסט מיך אויף".

דורך דער גאַנצער רייזע אין די לענדער פון דרום־מזרח אַזיע שלייך איך זיך ווי אַ גנב ביינאַכט. מען דאַרף האַלטן קאָפּ, און נאָך מער דאָס מויל. יעדער טראָט דאַרף זיין מיט חשבון.

מיין פּאַספּאָרט האָט דריי דעפעקטן: איך פאָר פון דרום אַפריקע, איך פאָר קיין ישראל, און עס איז געשריבן אַז איך בין אַ זשורנאַליסט. צוויי זאַכן זיינען אַ חסרון אין אַלע די לענדער: דרום אַפריקע און אַ צייטונגס־מענטשן. דרום אַפריקע האָט מען פיינט פּאָליטיש און פאַר צייטונגען האָבן דיקטאַטאָרישע רעזשימען מורא. מדינת ישראל איז אין אַ טייל פון די לענדער אויך ניט קיין גרויסע מעלה, און אין די מוסולמענישע מדינות איז פאַר אַ יידן אפילו אַ סכנה.

אין פּאַקיסטאַן האָבן מיינע אַלע דריי פּגימות געאַרבעט צוזאַמען — און מען לאָזט עס מיר פילן. אין האָטעל ווייס מען שוין, אַז איך בין אַ פּאַספּאָרטלאָזער גאַסט און מען דאַרף מיך איינמעלדן — אויספילנדיק אַ טוץ פאָרמולאַרן — און האַלטן אויף מיר אַן אויג. איך וויל נאָך די זעלבע נאַכט אַרויסגיין אין שטאָט, אָבער דער פּאָרטער קווענקלט זיך צו רופן אַ טאַקסי. „ניטאָ וואָס צו זען ביי נאַכט אין שטאָט", פאַרזיכערט ער מיר. און עס איז טאַקע אַזוי, — ווייל מענטשלעכער עלנט איז ניט קיין „זעענסווירדיקייט". די שטאָט — אויב מען קען עס רופן אַזוי — איז אַ שטיק מדבר, אָנגעפּלאָדעוועט מיט הייזער,

וואָס זעען אויס ווי אַ הקדש אין די אַמאָליקע יידישע שטעטלעך. אָבער דאָרטן איז געווען איין הקדש אין אַ שטעטל; דאָ איז איין שטאָט פון הקדשים.

וויפל מענטשן לעבן דאָ? קיינער ווייס עס ניט אויף זיכער. איין מיליאָן, אָדער דריי — אפשר מער. ווער וועט גיין ציילן? מען ווערט געבוירן אָן פרייד און מען שטאַרבט אָן וידוי. יעדע נאַכט לייגן זיך הונדערטער שלאָפן אויף די שטויביקע גאַסן. באַגינען נעמט מען צונויף די וועלכע זיינען אויסגעגאַנגען דורך דער נאַכט, ווי מען וואָלט אָפּגעקערט דעם ברוק פון אָפּפאַל.

אין די רייכע קוואַרטאַלן, ווו די גאַסן זיינען אַסֿפאַלטירט, לעבן דאָס רוב אויסלענדער. אַרום יענע געגנטן בויט מען שוין בייע הייזער פאַר רעגירונגס־באַאַמטע.

דער מדבר שטייט פון אַלע זייטן אַן אָפּענער — גענוג אָרט פאַר קאַזאַרמעס, פאַר תפיסות און פאַר בית עולמס.

אויב קאַזאַרמעס, פאָליציי סטאַנציעס און תפיסות זיינען סימבאָלן פון נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט, איז די נאַציאָנאַלע באַפרייאונג פון פאַקיסטאַן זייער אַנזעעוודיק.

באַגינען פאַרפאָר איך צום מאַרק. אַ מאַרק אין אָט די לענדער איז דער לעבעדיקסטער פונקט פון שטאָט. אויפן זאַמדיקן אויסשפרייט ליגן אָנגעשאָטן אָרעמע קופּקעס קאַרטאָפל, ציבעלע און שאר ירקות. מען מסחרט, מען האַנדלט פאַרן טאָג לעבן. די זון ציט שוין דעם קליי פון די מאָגערע גופים פון די הענדלערס, וואָס באַוועגן זיך פויל, פלעגמאַטיש, ווי זייערע אייזלען — דער סאַמע קאָנטיקסטער טראַנספּאָרט־מיטל. די טאַקסי פאָרט אַריין אין אַ געזעמל, צווישן מענטשן און אייזלען. די ענגשאַפט פאַרשטעלט דעם וועג און באַמי זיך פאַרשטעלן דאָס פנים. באַהיט זאָל מען ווערן אויב דער מוסולמענישער המון זאָל זיך דערוויסן אפילו וועגן איין פגימה פון מיינע דריי; בעיקר, אַז זיי האָבן דאָ אַ יידן, וואָס פאָרט קיין ישראל — איך וואָלט מן הסתם פאַרשפּאָרט צו באַצאָלן פאַר דער טאַקסי.

אין דעם גרויסן מאָסק איז קיל און שטיל. די אָרנאַמענטן זיינען שיין. איך בין געקומען פונקט צו שחרית און אָפּגעוואַרט ביים טויער, זען אויב עס קומען אויך אייראָפּייער. זיי קומען. פיל איך זיך שוין זיכערער. גיי נאָך אַזעלכע מתפללים און באַמי זיך נאָכטאָן זיי, כדי פאַר־

מיידן אַ חשד. איך וועל אָבער נישט טאָן אַלץ. געוועזן, געזעצן, געשטילט די נייגעריקייט, גיי איך אַרויס מיט שטילע טריט — און אָטעם אָפּ לייכטער.



אין ביבליאָטעק־צימער פון האָטעל זיינען פאַראַן אויסלענדישע און אָרטיקע צייטונגען. די ענגלישע טאָג־צייטונג, פון גרויסן פאָרמאַט, מיט אַ קאָנטיקע צאָל זייטן, איז אינהאַלטלעך פּוסט. מען פילט די שווערע האַנט פון צענזור. די אויסלענדישע ידיעות און קאָמענטאַרן זיינען בעיקר וועגן וויעטנאַם, קעגן דער מלחמה, אָבער מיט פאָרזיכטיקער קעגנערשאַפט צו אַמעריקע, — צו וועלכער מען קומט אָן פאַר גרויסער מאַטעריעלער הילף.

דאָ האָט אויך דעריאָגט די ידיעה פון דזשאַקאַרטע, אַז די נייע רעוואָלוציע קעגן סוקאַרטי, פון וועלכער מיר זיינען געווען עדות צוויי טעג פריער, האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט. דערציילט די צייטונג: 500.000 אינדאָנעזיער האָבן אָפּגעהאַלטן אין דזשאַקאַרטע „אַ פאַראַד פון כוח“. די צייטונג זאָגט, אַז דאָס איז געווען אָנגעפירט פון די מוסולמענישע גייסטלעכע, פון יוגנט, סטודענטן, קעגן קאָמוניזם.

די אינערלעכע פּראָבלעמאַטיק איז פאַרנומען מיט קאַשמיר, מיט גיפט קעגן אינדיע. אַ גרויסע צייטונגס־קאָפּ דערציילט: אינדישע מיליטער האָט דורכגעפירט נאָך צוועלף פאַרברעכנס אין דריי טעג. „די אינדישע אָקופּאַציע אַרמיי אין קאַשמיר זעצט פאָר איר אַגרעסיע“. „זייערע פּראָוואָקאַציעס . . . זיי האָבן געשאָסן, פאַרוואונדעט ציווילע איינוווינער . . . זיי זיינען אַריבער די אָנגעצייכנטע גרענעץ פון וואָפנשטילשטאַנד . . . זיי האָבן געקידנעפּט . . . זיי . . . פּאַקיסטאַן האָט אַריינגעטראָגן אַן אָנקלאַגע צו די מיליטערישע אָבסערוואַטאָרן פון יונ“אָ . . . (בייט די נעמען און עס קען זיין אַ באַריכט פון די ישראל־אַראַבישע גרענעצן).

פון אַלע די באַריכטן און קאָמענטאַרן אַרום קאַשמיר פילט מען לייכט אַרויס די טאַקטיק, וואָס עס באַנוצט יעדער גאַנץ אָדער האַלב דיקטאַטאָרישער רעזשים: עס מוז שטענדיק האָבן אַ שיער לעזאזל, עפּעס אַ בליץ־אָפּלייטער; אַ פּראָבלעם מיט וועלכן מען זאָל קענען האַלטן אויפגעפּיבערט די מאַסן, צעפייערן דעם נאַציאָנאַלן פּאַטריאָ־

טיזם, כדי אָפּוועגדן זייער אויפמערק פון די סאָציאַלע פּראַגן אין לאַנד גופא. פאַראַן הונגער, דחקות, נויט, ניט פאַראַן קיין דעמאָקראַטישע פרייהייט — שולדיק אין דעם אַלעם איז דער נאַציאָנאַלער שונא. און אין פּאַקיסטאַן איז דער שונא דער האַלב־ברודער, אינדיע. און דאָס פּראָבלעם איז: קאַשמיר. עס פעלן, הייסט עס, נאָך אַ פּאָר מיליאָן מענטשן און מען דאַרף נאָך אַ שטיקל טעריטאָריע. אויב מען וועט דאָס האָבן — וועט אַלץ זיין גוט און ווויל . . .



איך ווינקל הענגט אַ זשורנאַל צו וועלכן עס ציען זיך מיינע אויגן און מיינע פינגער. איך שמייע אָבער ניט זיך צורירן צו אים — ווייל פאַראַן דאָ נאָך אויגן. פונדעסטוועגן נוץ איך אויס אַ מינוט, וויקלט עס איין אין אַ כשרה צייטונג און לייען. דער זשורנאַל הייסט „מאָסלעם ניוס", וואָס אַ קליינע גרופּע פּאָליטיקער גיבן אַרויס. עס איז אַ נייער זשורנאַל, פון דעם נייעם אַראַבישן בלאָק, וואָס פאַנגט זיך איצט אָן פאָרמירן אין דער אַראַבישער וועלט, און פּאַקיסטאַן איז איינער פון זיינע צענטערס. דאָס איז די ליניע, וואָס וויל אַ רעליגיעזע, מוסולמענישע פּ אַ ר א י י נ י ק ו נ ג, קעגן „אַראַבישן סאָציאַליזם". די אידיי פון נייעם בלאָק, וואָס איינער פון זיינע הויפּט אָנפירערס איז סאַוד אַראַביע, האָט נאָך דערווייל ניט קיין קלאָרע ליניע, וואָס עס וויל יאָ. עס זאָגט אָבער הויך, וואָס עס וויל ניט. אין דעם זשורנאַל־נומער איז פאַראַן אַ שאַרפער אָנגריף, פון איינעם ד"ר י. מאָהאַמייד, קעגן עגיפּטס פּאַן־נאַציאָנאַליזם „וואָס פאַראייניקט אַלע פיינט פון איסלאַם". צוזאַמען דערמיט גייט אָבער אויך אָן אַן אַנטי ישראל איינשטעלונג. אין דעם זין, קעגן ישראל, וויל אויך דער נייער בלאָק זיך באַווייזן פונקט אַזוי קעמפעריש ווי עגיפּטן. „ישראל, שרייבט דער זשורנאַל, איז דער הויפּט אַגרעסאָר אין דער אַראַבישער וועלט". און דער זשורנאַל קלערט עס אויף מיט „לאָגיק": „אַזוי ווי ישראל וויל דאָך אַריינעמען אַלע יידן, טאָ וועט זי מוזן זוכן טעריטאָריעלע עקספּאַנסיע. דערפאַר איז אַן אַגרעסיווע מלחמה מצד ישראל אומפאַרמיידלעך".

אַ ביז גאָר כאַראַקטעריסטישער בריוו אין רעדאַקציע, וואָס באַקלאָגט זיך, אַז קריסטן, באַזונדערש קאַטאָ־

ליקן, און יידן, מיט זייער מיסיאָנערישער אַרבעט, גראָבן אונטער דעם איסלאַם אין אַלע אַפריקאַנער מדינות. (די „מיסיאָנערישע״ אַרבעט פון יידן אין אַפריקע איז געווים געמיינט די אינדוסטריעלע און ווירטשאַפטלעכע לערע, וואָס ישראל גיט אַ טייל מדינות אין אַפריקע). פונדעסט־וועגן זיינען פאַראַן אין זשורנאַל אויך ניכטערערע טענער, אַפילו וואָס שייך מדינת ישראל.

דער האָטעל איז פול מיט אַפריקער. זיי זיינען געקומען צו עפּעס אַ קאָנפערענץ, — איינער פון די צענדליקע, וואָס ווערן איצט כסדר אָפּגעהאַלטן צווישן אָט די לענדער. אויף אַלע די קאָנפערענצן, צי דאָס זיינען פון שרייבערס, פּאָליטיקער, אָדער לאַנדווירטשאַפטלער, איז פאַראַן די פראַגע פון דרום אַפריקע. קעגן דרום אַפריקע זיינען אַלע די מדינות געאייניקט.

ווען מען טרעפט אין איראָפּאַ אַפריקער, — און מען טרעפט זיי כסדר אומעטום — ווייזט מען זיי אַן אָפּענעם פריינטשאַפט־געפיל. דאָ מייד איך אויס זייערע בליקן, ווי איך וואָלט געווען אַ מיטשולדיקער אין דעם אָביעקט פון זייער פיינטשאַפט . . . דאָך שטויסט מען זיך צונויף, אין רעסטאָראַן, און אויך אין זעלבן אויטאָבוס, בשעת אַ טור אין שטאָט. איך וואָלט זיך געשעמט צו באַהאַלטן פון זיי מיין יידישע מעטריקע, אָבער איך פועל ביי זיך יאָ צו אויסמיידן דאָס דערמאָנען דרום אַפריקע. מיינע מיטשמועסער ווייסן וועגן ישראל, זיי האַלטן ווייזט אויס אָבער פאַר גלייכער ניט צו ריידן דאָ וועגן דעם. אַ שטילן וואָרט פון סימפּאַטיע פאַר ישראל קריג איך אָבער אַרויס פון אַ גאַנאַ דעלעגאַט, וואָס איז אַליין געווען אין ישראל. פון דעם וואָס מיר זעען ריידן מיר געוויס ניט. אָבער ביים זען די נעבעכדיקע באַן רייסט זיך אַרויס אַ חוזק־שמייכל אויף אַ טייל פּנימער. פּאַקיסטאַן דאַרף דאָך זיין מער פאָרגעשריטן ווי די נייע לענדער אין אַפריקע. עס זעט זיך אָבער ניט אַז די אַפריקער זאָלן עס פילן.



אין עראָפּלאַן פון דער פּאַקיסטאַנער לופט־ליניע. אַ דעלעגאַציע פאָרט קיין איראָפּאַ. נאָך איידער מען לאָזט אַרויס דעם מניין ווייסע פּאַסאַזשירן, פירט מען אַרויס, דורך אַ הינטער טיר, די פּאַקיסטאַנער דעלעגאַטן און פּאַסאַזשירן. מען פירט זיי איבערן פלי־פעלד ווי

אַרעסטאַנטן, אָדער ווי שאָף. ווען מיר קומען אַריין אין עראָפּלאַן זיינען זיי שוין אויסגעזעצט, און שטיל — ווי זיי וואָלטן אַלע געווען שטומע. ווייזט אויס אַז זיי פליען צום ערשטן מאָל, און די פלי־פאַרוואַלטונג האָט זיי אָנגעזאָגט זיך צו האַלטן אייראָפּייאיש. (ניטאָ וואָס זיך צו שעמען דערמיט. אַלע פעלקער האָבן אַמאָל אָנגעהייבן גיין אין חדר).

די ערשטע בענק אין עראָפּלאַן — רעזערווירט פאַר די ווייסע. אַפּאַרטהייט אויף דער צווייטער זייט. (אין דרום אַפריקאַנער עראָפּלאַנען זעצט מען די שוואַרצע אויף די פאָדערשטע ערטער).

פון קאַראַטשי קיין טעהעראַן איז נאָר עטלעכע שעה פלי, אָבער וואָס פאַר אַן אומבייט און גייסטיקן קלימאַט! דאָ זיינען מיר שוין אין אייראָפּאַ — און דאָס לאָזט זיך ניט פאַרלייקענען.

פאַראַן אויפן עראָדראָם אין טעהעראַן גענוג מענטשן, אָבער עס איז שטיל, נאָרמאַל. פּלוצלונג — אַ רעש און טומל, פון צענדליקער מיילער, וואָס ריידן אויף איין מאָל; פון קינדער וואָס יאָגן זיך איבערן זאַל, ווי אויף אַ ספּאָרט־פעלד. די לעבעדיקע קולות קלינגען מיט היימישער וואַרעמקייט. דאָס האָט געבראַכט אַן „אל על" עראָפּלאַן יידן, אויפן וועג קיין ישראל.

ערשט איצט כאַפּ איך זיך, אַז איך בין דורכגעפאָרן אַ וועלט — אָן יידן. אויפן גאַנצן שטח, פון אויסטראַליע ביז טעהעראַן, זיינען ניטאָ קיין יידן (מיטן אויסנאַם פון אַ קליינער קהילה אין סינגאַפּור). איך קען ניט זאָגן, אַז ווען איך קום אין אַ לאַנד ווו עס זיינען יאָ פאַראַן יידן, לויף איך גלייך צו זיי. ווי יעדער ייד וואָס „ווייקט און קאָכט זיך" אין יידישע פּראָבלעמען, מיין איך אַז איך קען דאָס לעבן פון יידישע ישובים. טאָ ווען מען קומט אין אַ ניי לאַנד איז אַלעמאָל פאַראַן צו זען זאַכן און ענינים פון אַלגעמיינעם אינטערעס. אָבער דאָ, אין דעם טייל אַזיע, זיינען כמעט קיין יידן ניט פאַראַן. און אפשר זיינען זיי יאָ געווען, ווי מאַנכע מיינען, אָבער זיי האָבן זיך אַזוי אויסגעמישט, אַז עס זיינען ניט געבליבן קיין קלאָרע שפּורן. נאָר הגם קיין יידן זיינען ניטאָ אין די מקומות, איז אַ שנאה צו יידן (צו מדינת ישראל) יאָ פאַראַן. על כל פנים זיינען יידן (ישראל) דאָ אַ פּראָבלעם — אין אַ וועלט אָן יידן.

איך כאַפּ זיך אויך, אַז דורך דער גאַנצער רייזע, פון

אויסטראַליע ביז אַהער, האָב איך ניט געהאַט קיין איין נאָרמאַלן, אָפּענעם שמועס מיט אַ מענטשן. אַ ביסל צוליב פּאַרזיכטיקייט, אַ ביסל צוליב דעם וואָס איך בין שווער אויף דער צונג מיט צופּעליק־געטראָפענע מענטשן, האָב איך זיך ווי אָפּגעוווינט פון ריידן . . . איך פיל זיך, וואָס אַן אמת, זייער גוט צו וואַנדערן אין פרעמדע, אומבאַקאַנטע ערטער — אַ פרעמדער, אַליין, אָן באַקאַנטע. און גאָר באַזונדערס איז מיר ליב קומען אויף וואָקזאַלן אַ ניט־דערוואַרטער און אַוועקפאָרן פון אַן אָרט אַ ניט־באַגלייטער. מיין געמיט ביים זען נייע ערטער איז שטענדיק אַזאַ, אַז איך וויל אויפנעמען די ערשטע איינדרוקן און מיטנעמען די לעצטע שטימונגען פון די ערטער, ניט פון מענטשן. אין סינגאַפור האָב איך זיך געזעגנט מיט אַ ביימל ביים עראָדראָם. איך האָב אָנגענומען אַן אויסגעפּאַרעטן גריינעם צווייג, ווי מען נעמט אָן אַ האַנט, און געזאָגט: אַדיע, זיי געזונט ביימל, מן הסתם וועלן מיר זיך שוין קיינמאָל מער ניט זען — און דאָס ביימל האָט געענטפערט מיט אַ פייכטן גרינעם קוש אין מיין האַנט . . . פונדעסטוועגן וואָלט איך געמעגט, און איך וויל אויך, צופאַלן דאָ, אויפן עראָדראָם פון טעהעראַן, צו די רעשיק־רוישיקע יידן און אויפברעכן מיין שווייגעניש, אויסלאָדן די ניט־אַרויסגערעדטע רייד פון גאַנצן וועג. ווייזט אָבער אויס, אַז אַלץ איז אַ געוווינהייט, ריידן אויך. און איך בין שוין אַריין ווי אין אַ שווייג־טראַנס, איז שווער צו עפענען דאָס מויל . . .

אין עראָפּלאַן רוישט ווייטער דער יידישער טעמפּעראַמענט. אַ היימישע חתונה — אין דער לופטן. פּאַסאַזשירן שמייענען אַרום, פון איין אָרט צום צווייטן. אַלע קענען זיך. מען איז אַלע אייגענע. מיר פאַלט איין, אַז דאָס איז טאַקע אַ חתונה. דאָס פאָרט חתן־צד צו דער כלה.

דער עראָפּלאַן דערנעענטערט זיך צו ישראל.

אויגן צילעווען זיך אַראָפּ, צו כאַפּן אַן ערשטן בליק.

איך וויל ניט אויפברענגען קיין עמאָציעס. איך בין ניט קיין „באַזוכער" דאָ; איך קום דאָ צו זיין און פאָר אַוועק צו קומען צוריק צו דער אייגענער קליינער נקודה אויף דער גרויסער וועלט־מאַפּע.

# פערטער טייל: אויף אויסגעטראָטענע וועגן

## ביים טויער פון אַזיע און איראָפּע

טערקיי, דאָס לאַנד וואָס געפינט זיך געאָגראַפיש אין איראָפּע, קולטורעל אין אַזיע, האָט די ראָמאַנטיק פון אָריענט. און פאַר אַ יידישן אויער האָט דער נאָמען פונעם לאַנד אַ בייקלאַנג אויך פון אייגענער ראָמאַנטיק. ווייל דאָ האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַנטאַסטישע יידישע געשיכטע.

פון דעם לאַנד, פון דער שטאָט סמירנאַ (היינט: איזמיר), האָט זיך מיט קרוב 300 יאָר צוריק געטאָן אַ טראָג די גאַרונג צו פרייהייט. דאָס וואָס מיט דעם מענטשן שבתי צבי איז שפּעטער געשען, פאַרטונקלט ביזשט דעם פאַקט, אַז אין זיין צעפלאַמטער פאַנטאַזיע איז געווען אַן ערלעכער קערן: אַ ווילן צו מקרב זיין דעם קץ, צו ברענגען אויסלייזונג פאַרן ליידנדיקן פאָלק.

דורך די וואַסער־טויערן פון דער שטאָט זיינען אַדורך, אויפן וועג קיין ארץ־ישׂראל, די תּלמידים פון ווילנער גאון און די ערשטע חסידים־עולים. דאָ האָט דורכגעאיילט דאָס איניקל פון בעל שם־טוב, דער דערציילער פון דער מעשׂה מיט די זיבן בעטלער, דער צעפלאַמטער זעער, ר׳ נחמן פון בראַצלאַוו.

און ווען די לעכצונג צו באַפרייאונג האָט ווידער אויפגעוואַכט, האָט ווידער געפירט דער ערשטער וועג אַהער, דער וועג פון הערצלען צום טערקישן סולטאַן.

אין די גאַסן פון איסטאַמבול איז אַרומגעגאַנגען דער יונגער פּאָעטישער רעאַליסט זאב זשאַבאָטינסקי.

דאָ איז פאַרלייגט געוואָרן דער יסוד פאַר דער יידישער אַרמיי, ווען די יידישע לעגיאָנערן, אונטער

דער אָנפירונג פון יוסף טרומפעלדאָר, זיינען געווען אַקטיוו אויפן פראָנט פון גאַליפּאָלי.

דאָ האָבן זיך אַדורכגעוואַלגערט די ערשטע חלוצים פון רוסלאַנד. דאָ זיינען געבליבן עכאָס פון פאַנטאַסטי־שע שטיקער יידישע געשיכטע.

איך שטיי אין באַגינען ביים פענצטער פון האָטעל און קוק אַרויס אויף איסטאַמבול, וואָס „על מים רבים היא שתולה", אויף וואַסערן אַ סך איז זי פאַרפלאַנצט. איך זאָג איבער דעם אַלטן נאָמען פון דער שטאָט, דעם קלאַנגיקן נאָמען פון די פינף טראַפּן: „קאָנ־סטאַנ־טי־נאָ־פּאָל. געווען איז דאָס אַ שטאָט פון פּראַכט און פון מאַכט. ביי די ווענט פון אָט דער שטאָט האָט יאָרן לאַנג געקעמפט די פאַרגאַנגענע וועלט, קריסטנטום קעגן ביזאַנט, איסלאַם קעגן קריסטנטום, אייראָפּע קעגן אַזיע. אָט איז דער בלויער באָספאָר און דער גאָלדענער האָרן. אַהין ציט זיך דער וועג צום שוואַרצן ים. און פון דער צווייטער זייט דער מאַרמאַראַ ים און דער עגייאישער, וואָס גיסט זיך צונויף מיטן מיטלענדישן. אָבער די שיינע שטאָט איז איצט איינגענומען פון אָרעמקייט, וואָס שרייט אַרויס פון אַלע אָפּגעבליאַקעוועטע הייזער, פון אַלע ענגע, שמוציקע געסלעך, פון די נאָרעס, ווו מענטשן האָבן געמאַכט זייערע היימען.

די שטאָט מיט דעם מאַיעסטעטיש־קלינגענדיקן נאָמען איז שוין לאַנג אַראָפּ פון איר גדולה. איצט זעט זי אויס אַ צעקנייטשטע, ווי אַ פאַרצאָרעמטע גבירטע, וועלכע טוליעט זיך אין אַלטע טיולענע שאַלן, וואָס זיינען זיך צעפּאַלן און עס הענגען פון זיי שמוציקע צייטן.

איך קוק אויף דער שטאָט, צו וועלכע עס האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט קומען יאָרן־לאַנג, און איך טראַכט, אַז אויף איר איז אָנגעקומען דער זאָג פון דער גמרא וועגן יידישע טעכטער: „בנות ישראל נאות הן", יידישע טעכטער זיינען שיין, „אלא שהעניות מנולתן", נאָר די אָרעמקייט מאַכט זיי מיאוס . . .



ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען גערופן טערקיי „דער קראַנקער מאַן פון אייראָפּע". און אָט דער קראַנקער מאַן איז בעת דער מלחמה געשטאָרבן.

מען האָט אים צעגלידערט, יעדערער פון די זיגערס האָט אָפּגעשניטן אַ שטיק און פון דער גרויסער אָטאָמאַנישער אימפּעריע, די גרעסטע אין דער וועלט־געשיכטע, איז געבליבן אַ קליינע טערקיי — אָבער די קליינע טערקיי איז נאָך אַלץ קראַנק, פיבערט און האַלוצינירט.

אַז מען האָט דערפאַרונגען פון דער „לופט" וואָס האָט געהערשט אין אייראָפּע ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז נישט שווער צו דערפילן דעם אָנקום פון אַן איבערקערעניש אין אַ לאַנד — אַפילו ווען מען איז אַ גאַסט אויף אַ ווייל. אין טערקיי האָט זיך עס אָנגעהייב 1971 געלאָזט שוין פילן אין אַזאַ מאָס, אַז איך האָב זיך געאײלט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, כדי נישט בלייבן שטעקן אין געווירבל פון אַ מאַכט־אומבייט — וואָס איז טאַקע געקומען דריי חדשים שפּעטער.

די סימנים, וואָס האָבן קלאָר געוויזן דעם אָנקום פון אַ מאַכט־בייטונג, זיינען געווען אַ סך. אָפט האָבן טרעפונגען אויסגעקוקט אומשולדיקע, אָבער ווען מען האָט גענומען עטלעכע פון זיי צוזאַמען האָט זיך געשטאַלטיקט אַ פול בילד. למשל: אומעטום האָט מען געזען פּאָליציי (אין זייערע אָפּגעריבענע און אָפּגעלאָזענע קליידער). דאָס גופא איז נישט קיין נייעס אין אַ סך לענדער פון דעם זעלבן מין, ווי אין שפּאַניע, פּאָרטוגאַל, גריכנלאַנד, איטאַליע, איראַן און זייערס גלייכן. אָבער דאָ האָט זיך אויך געפילט אין דער פּאָליציי אַ פּאַרטייִשע וואַכיקייט. איך האָב ספּעציעל געפרעגט ביי עטלעכע פּאָליציי־לייט אַדרעסן — וואָס איך האָב נישט געדאַרפט אָדער שוין געוווּסט ווו זיי צו געפינען. און דער ענטפער איז אַלע מאָל געווען מיט חשד און מיט באַקוקן די אַוועקגייענדיקע טריט.

אין אַ רעסטאָראַן. מענטשן האָבן געגעסן מיטאָג, געשמועסט צווישן זיך — אָבער צוגעבויגן איינע צו די אַנדערע און מיט כסדרדיקע בליקן אויפן אַרום, צי מען הערט זיי נישט אונטער.

אין אַ ביטער־קאַלטן באַגינען בין איך געפאָרן אַריבערן באָספּאָרוס, דעם שיינעם טייך, וואָס פאַרבינדט (אָדער צעטיילט) אייראָפּע און אַזיע. איך בין געשטאַנען די ווייניקע מינוטן פון דער רייזע אויפן דעק פון דער אַריבערפאָר־שיף („פערי"), זיך געלאָזט דורכנעמען פון דער קעלט און פון ווינט, ווייל איך האָב געוואָלט

אויפֿכאַפּן, אין דער אייגענער צייט, צוזאַמען, דעם אויסזען פֿון ביידע טיילן וועלט, פֿון ביידע קאָנטינענט־ברעגעס.

אויף דער שיף, צווישן די הונדערטער אַרבעטער, וואָס זײַנען געפֿאָרן פֿון דעם אַזיאַטישן טייל צום אייראָ־פּעאישן, זײַנען אויך געווען הויך־ראַנגיקע לייט, פֿון מיליטער און פּאָליציי. זיי זײַנען געזעסן פֿאַרשטייפֿטע אין זייערע אויטאָס, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, ווי זיי וואָלטן געהאַט מורא זיך באַגעגענען מיט די בליקן פֿון די מענטשן, וואָס טייל פֿון זיי האָבן געשפּילט אין באַטשאַלסטוואָ מיט נישט באַהאַלטענעם האַס. עס איז נישט געווען שווער אין אָט דעם קאַלטן פֿרימאָרגן צו זען דעם הייסן ווילן פֿון רעוואָלט.

אין דער גאַנצער געשיכטע פֿון טערקיי, זינט איר אויפֿקום, אין 13־טן י״ה, האָט דאָס מיליטער געהאַט די דעה איבערן לאַנד, און זייער אָפּט געהאַנדלט קעגן ווילן פֿון פֿאָלק. אָט דער פֿאַקט האָט געבראַכט די גרעסטע טראַגיק פֿאַר טערקיי: כסדרדיקע מלחמות, דורך 700 יאָר. און דער דאָזיקער גאַנג, די צעטיילונג פֿון אַרמיי און פֿאָלק, האַלט נאָך אָן, אין אַ גרויסער מאָס, ביז הײַנט.

אַ צוזאַמענטרעף מיט אַן אָפֿיציר פֿון דער אַרמיי. ער רעדט ענגליש, אָבער ער וויל ליבערשט רעדן דייטש. דער אומווילן צו נוצן ענגליש איז געווען, ווי דאָס האָט זיך געלאָזט אַרויסשפּירן, אַן אידעאישער. און דעם האַזיקן אומווילן צו ענגליש האָט מען געקענט אַנטרעפֿן זייער אָפּט. עס איז געווען אַן אויסדרוק פֿון דער קעגנערשאַפֿט צו די אַמעריקאַנישע („נאַטאָ") באַזעס אין לאַנד. אַנדערע האָבן אַפֿילו נישט געמאַכט קיין סוד פֿון דעם. דאָס איז שוין דער ביטערער מזל פֿון אַמעריקע הײַנט: כמעט אין אַלע מדינות ווו זי גיט שוץ און ריזיקע מאַטעריעלע הילף — האָט מען זי פֿײַנט. אין טערקיי האָט זיך עס געלאָזט שפּירן, און הערן אָפֿן, מער ווי אין אַנדערע לענדער. דערבײַ איז דאָ פֿאַראַן גרויס דרך ארץ פֿאַר דײַטשלאַנד, און, במילא, פֿילט זיך אויך די דײַטשע שפּראַך, וואָס אַ סך קענען, באַזונדערס די לערנענדיקע יוגנט און אינטעלי־גענץ.

די פֿאַרהערלעכונג פֿאַר דײַטשלאַנד שטאַמט נאָך פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען טערקיי און

דייטשלאַנד זיינען געווען פּאַרטנערן. דייטשלאַנד דערמאָנט אַ סך טערקן זייער געוועזענעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ, און אויך די מפּלה — און ביי אַ טייל באַהאַלט זיך נאָך אַ ווילן צו אַ היסטאָרישן רעוואַנזש, און, במילא, די נאַרישע אילוזיעס פון אַ נייער חברשאַפט מיט אַ נייער דייטשלאַנד.

בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז טערקיי טאַקע געווען נייטראַל, אָבער אויך מיט קאָנטיקער סימפּאַטיע צו דייטשלאַנד. איצט פאָרן טויזנטער אַרבעטער אויף קאָנטראַקט־אַרבעט קיין מערב־דייטשלאַנד, וווּ זיי פאַרדינען זייער גוט, און אויך דאָס האָט אַ פּראָ־דייטשע ווירקונג אין לאַנד.

מיין האָטעל האָט זיך געגרענעצט — ווי עפּעס אויף ביטערן צו להכעיס — מיט דער מערב־דייטשער אַמבאַסאַדע, וואָס געפינט זיך אין אַ פּרעכטיק, דריי שטאָקיקן בנין. ביינאַכט פלעג איך דורך מיין פענצטער קענען אַריינקוקן אין די העל־באַלויכטענע פענצטער פון דער אַמבאַסאַדע, וואָס האָט גערוישט מיט אַקטיווי־טעט, אויך ביז די שפּעטע נאַכט־שעהן. אַ סך געביידעס אַרום דער אַמבאַסאַדע זיינען באַזעצט פון דייטשע האַנדל פירמעס און רייזע־ביוראָען. דייטשע צייטונגען געפינט מען דאָרט אין אַלע קיאָסקן.

די פריינטשאַפט מיט דייטשלאַנד גייט צוריק, ווי געזאָגט, צו דער ערשטער וועלט־מלחמה. קייזער וויל־העלם האָט צוגעגרייט די דאָזיקע פאַרבינדונג, ווען ער איז געווען אין ירושלים, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער טערקישער הערשאַפט. דער קייזער האָט דאַן דערקלערט, אַז ער איז אַ פריינט פון קאַליף, „וועלכער רעגירט איבער דריי הונדערט מיליאָן מוסולמענער״. דאָס איז געווען אַ פעט־אָנגעשמירטע פּאָליטישע חניפה. דער סולטאַן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַבדול כאַמיד, האָט זייער געוואָלט אויפלעבן די רעליגיעזע מאַכאָמעדאַנישע אינסטיטוציע, דעם קאַליפאַט, כדי עס אויסניצן פאַר פּאָליטישע צילן; אַז דער סולטאַן זאָל אויך זיין דער קאַליף (כהן גדול) פון אַלע מוסולמענער, כדי אַלע מאַכאָמעדאַנער זאָלן שטיצן די טערקישע אימפּעריע. האָט דייטשלאַנד צוגעשפּילט צו דעם. דערפאַר האָט דייטשלאַנד גלייך באַקומען גרויסע עקאָנאָמישע קאָנ־צעסיעס. און דער דייטשער גענעראַל לימאַן פאָן סאַנדער איז איינגעלאַדן געוואָרן צו העלפן אָנפירן און

מאָדערניזירן די טערקישע אַרמיי, כדי זי צוגרייטן צו דער מלחמה. און ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אַ יאָר שפּעטער, זײַנען דײַטשע קריגס־שיפֿן שוין געשטאַנען גרייט אין שוואַרצן ים, צו באַשיסן דעם פֿלאָט פֿון רוסלאַנד.



דײַטשלאַנד איז הײַנט נישט קיין גרויסמאַכט און זי האָט נישט, אָפֿיציעל, קיין וועלט־פּאָליטישע אינטערעסן. אָבער זי האָט אינטערעסן פֿון ווירטשאַפֿטלעכער מאַכט און אײַנפֿלוס — און דאָס גייט נישט אַלע מאָל האַנט אין האַנט מיט די אינטערעסן פֿון אירע פּאָליטישע שותּפֿים, אין דער ערשטער ריי פֿון אַמעריקע. במילא מיינט עס, אַז נישט אַלץ וואָס איז גוט פֿאַר דײַטשלאַנד איז אויך גוט פֿאַר אַמעריקע און פֿאַר דער פּאָליטישער אײַנשטעלונג פֿון דער מערבֿ־מאַכטן. אין טערקיי זעט מען עס זייער בולט.

אָבער אייך די ליבשאַפֿט פֿאַר דײַטשלאַנד איז אַ פּלאַטאָנישע און נאָר אין די העכערע קרייזן. דער באַשטימענדיקער פֿאַקטאָר איז די לערנענדיקע יוגנט, און זי איז אויפֿגערעדט און בונטאַריש קעגן דעם מערבֿ, קעגן אַמעריקע, וועמען זי באַשולדיקט אין אַלע סאָציאַלע צרות פֿון טערקיי, ווײַל אַמעריקע שטיצט דאָך די אָפֿיציעלע מאַכט, קעגן וועמען די יוגנט רעוואָלטירט.

אין די טעג ווען איך בין געווען אין טערקיי האָט די פּרעסע אויפֿגעדעקט אַ סקאַנדאַל. דער ברודער פֿון דעם פּרעמיער־מיניסטער האָט געמאַכט ריזיקע געשעפֿטן, נישט אַלע לעגאַלע, קריגנדיק מיליאָנען קרעדיט אין די רעגירונגס־באַנק — מיטן כּוח וואָס ער איז דער ברודער פֿון פּרעמיער — און האָט באַנקראָטירט. דער פּרעמיער האָט אָפּגעשאָקלט פֿון זיך יעדע מיטשולד, און ווײַזט אויס, אַז מען האָט אים געגלייבט. אָבער דעם זעלבן אָוונט, ווען די צײַטונגען האָבן געבראַכט די ידיעה, האָבן סטודענטן אײַנגעאָרדנט אַ פּראָטעסט־מיטינג אין דעם באַקאַנטן באַזאַר פֿון איסטאַנבול. עס איז נישט געווען אַ גרויסער עולם פּראָטעסטירער און די באַזאַר־הענדלער האָבן זיך נישט געלאָזן מיטרייסן פֿון היציקע רייד.

די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך געאײַלט אָפּצורעדן

און פֿאַרטיילן זייערע אויפֿרופֿן, איידער די פּאָליצײַ קומט אָן. דאָס זײַנען געווען „נײַע לינקע“, וועמענס רעוואָלוציאָנערער פֿאָרבילד עס איז נישט רוסלאַנד נאָר די מיטושטשידיקע לערע פֿון מאַאָ־טסע־טונג, און זייער העלד איז דער דערמאָרדעטער קובאַנער טשע גאַוועראַ.

די קעגנערשאַפֿט צו רוסלאַנד, אַפֿילו בײַ קאָמוניסטן, איז דאָ זייער פֿאַרשטענדלעך, ווײַל דורך פֿינף הונדערט יאָר האָט טערקיי געפֿירט מלחמה מיט רוסלאַנד. דער אָנהייב פֿון צעפֿאַלונג פֿון דער טערקישער אימפּעריע איז געקומען צוליב איר ערשטער פֿאַרלאָרענער מלחמה קעגן רוסלאַנד, אין 1789. דער דראַנג פֿון קאַטערינע די גרויסע צו די „וואַרעמע וואַסערן“, צום מיטללענדישן ים, האָט געפֿירט צו דער קרימער מלחמה (1854). נאָך דעם ווי רוסלאַנד האָט אויפֿגעהעצט די באַלקאַנישע פֿעלקער צו רעוואָלט קעגן טערקיי, צו זעלבסטשטענדיקייט, האָט שוין אויך ענגלאַנד צוגעלייגט אַ האַנט. זי האָט פֿאַרכאַפּט ציפּערן (1878), און דאַן פֿאַרנומען מצרים (1881). דאָס האָט געפֿירט שוין צום אומפֿאַרמײַדלעכן סוף פֿון דער אימפּעריע און צו אַלע צרות פֿון טערקיי, פֿון וועלכע זי איז נאָך ביז הײַנט נישט געקומען צו זיך — נישט פֿאַקטיש און געוויס נישט מאָראַליש. דאָס אַלץ איז געשען אַדאַנק רוסלאַנד. און דאָס שווימען פֿון סאָוועטישע שיפֿן דורך די טערקישע וואַסערן הײַנט, דערמאָנט זיי גאָר שטאַרק די געשיכטע, די אינטריגעס פֿון די צאַרן. אָט דערפֿאַר איז זייער שווער, פּסיכאָלאָגיש, צו געפֿינען אין טערקיי סימפּאַטיע פֿאַר עפּעס וואָס קומט פֿון רוסלאַנד, אַרײַנגערעכנט דעם קאָמוניזם. אויב טערקן זײַנען גרייט צו טרינקען טיי — איז עס כינעזישע, נישט קיין רוסישע. אָבער וויפֿל מענטשן אין טערקיי טרינקען בכלל טיי — אַ הייפֿל נאָר. טערקן, ווי באַקאַנט, טרינקען קאַווע, אַזוי ווי די דײַטשן — נאָר שוואַרצערע, געדיכטערע און ביטערע . . .

די שטודירנדיקע יוגנט, וועלכע איז באַרעכטיקט פֿאַרביטערט און אומצופֿרידן מיטן עקזיסטירנדיקן רעזשים, ווײַל נישט דווקא קיין קאָמוניזם. פֿאַראַן צווישן אָט דער יוגנט אַזעלכע וואָס האָבן שטאַרקע נאַציאָנאַליסטישע, אַפֿילו שאָוויניסטישע גלוסטעניש. דאָס זײַנען בעלי חלומות, וואָס ווילן צוריקדרייען די

געשיכטלעכע רעדער, אַז טערקיי זאָל ווערן אַ גרויס־מאַכט, עפּעס פון דעם ווי זי איז עס געווען אונטער דער אָטאָמאַנישער הערשאַפט.

פאַראַן גרופּן אין וועלכע עס טליעט נאָך דער נאַציאָנאַלער ווילן צו אַ שטאַרקע טערקיי, אַ פּאַן־טוראַניען, ווי דאָס האָט געהייסן אין דער רעוואָלוציע פון די „יונגע טערקן", אין די אָנהייב 30־ער יאָרן. אָבער פאַראַן אויך היציקערע גלויסטערס, צו אַ פּאַן־איסלאַמיזם, אַז טערקיי זאָל ווידער פאַראייניקן און פירן די מוסולמענישע וועלט, ווי דאָס איז געווען (צייטנווייז), ווען טערקיי האָט רעגירט פון אַדריאַטיק ביזן אינדישן אָקעאַן, און פון טוניס ביז די גרענעצן פון כינע, און אונטער איר הערשאַפט איז געווען אויך מעקאַ, די הייליקסטע שטאָט פאַר אַלע מאַכאָמעדאַנער.

אַ ווענגווייזעריין, וואָס האָט געפירט אַ גרופּע טוריסטן, האָט נישט געקאָנט באַהאַלטן איר געקרענקטן נאַציאָנאַלן שטאָלץ. ביי יעדער היסטאָרישער זעענס־ווירדיקייט, האָט זי כסדר דערמאָנט די צייטן ווען טערקיי איז געווען די גרעסטע וועלט־אימפּעריע — און מוסולמעניש. איך האָב עטלעכע מאָל פּרובירט אַרויסקריגן פון איר אַ גוט וואָרט וועגן מוסטאַפאַ קעמאַל פּאַשאַ, דעם גרויסן פּאָליטישן, קולטורעלן און רעליגיעזן רעפאָרמאַטאָר פון טערקיי, אָבער דאָס איז נישט געווען מעגלעך. זי האָט אַפילו נישט געוואָלט זיך אָפּשטעלן ביי זיין דענקמאָל. לבסוף האָבן מיינע פראַגן וועגן אָט דעם נאַציאָנאַלן רעפאָרמאַטאָר, וואָס איז געוואָרן שפּעטער אַ דיקטאַטאָר, איר אַריינגעטריבן אין פּאַטריאָטישן כעס און זי האָט שוין אָנגעהויבן רעדן אָפן — אַלדאָס ביין אויף אים און אויף דעם „וואָס ער האָט געמאַכט פון טערקיי".

אַ זייער אינטעליגענטע פרוי, מיט גוטער אייראָפּעאישער בילדונג, אָבער איר ציט דווקא קיין אַזיע, צו דער איסלאַמישער רעליגיע, וואָס „איז אַ סך נאָבעלער פון דער קריסטלעכער". איר נאַציאָנאַלער שטאָלץ איז באַגייסטערט פאַר יענער פאַרגאַנגענהייט, ווען דער אָטאָמאַן אָסמאַן איז געקומען פון אַזיע און איינגענומען שטיקער פון אייראָפּע; ווען די טערקישע אימפּעריע האָט זיך געצויגן פון נילוס, דורך גריכנלאַנד, ביז טיף אין רוסלאַנד און ביז די טויערן פון ווין; ווען מוכאַמעד דער באַצווינגער, סעלים דער פאַרביטערטער און

סאָלימאַן דער אויסגעצייכנטער, די גרויסע טערקישע אימפּעריע־אַטאָרן, האָבן רעגירט אין דער וועלט.

איר געפעלט נישט דער איראָפּעאישער כתב, דער לאַטייניישער אלף־בית, וואָס טערקיי ניצט זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה. „עס איז צו פאָרמעל, צו פּראָזאַיש". און זי איז נאָך ווייליק היינט צוריקבייטן אים אויפן אַראַבישן.

אַן עקסצענטרישע פרוי מיט נאַציאָנאַליסטישע חלומות פון אייער־אייער נעכטן?

געוויס אַזוי. אָבער האַרט נעבן דער דייטשער אַמבאַסאַדע, וועגן וועלכער מיר האָבן דאָ דערציילט, איז פאַראַן די איראַקישע געזאַנדשאַפט. אויפן וואַנט פון דעם הויז, ביים אַריינגאַנג, זיינען אַרויסגעשטעלט בילדער — פון „אַל פאַטאַך". די בילדער ווייזן ווי די דאָזיקע (איצט שוין צעשלאָגענע) העלדן גייען איינעמען פאַלעסטינע, ווי זיי מישטירן זיך מיט געווער, ווי זיי „קעמפן" קעגן ישראל. די איראַקישע געזאַנדשאַפט וואָלט זיך נישט דערלויבט עס צו טאָן אין אַ פרעמד לאַנד, ווען זי זאָל נישט זיין זיכער, אַז ס׳וועט אַפּעלירן צו אַ סך בירגער. און עס אַפּעלירט. ווייל עס זיינען פאַראַן נאָך פאַרטייעטע סענטימענטן צו יענער תקופה פון פאַרגאַנגענער נאַציאָנאַלער גרויסקייט. און די הויפּט־רעליגיע איז דאָך די איסלאַמישע, וואָס פאַר־בינדט מיט דער אַראַבישער וועלט. און טויזנטער רעדן נאָך אַראַביש. פאַראַן אַ לאַנגע גרענעץ מיט סיריע, און אויך מיט איראַק. און עס איז דאָס לאַנד וואָס ליגט אויף די וואַסערן, וואָס פאַרבינדן צווישן רוסלאַנד און איראָפּע, און היט די שליסלפּאָזיציע צווישן באָספּאָר און די דאַרדאַנעלן. און אויך צווישן איראָפּע און אַזיע. און טערקיי איז געבליבן אַן אַזיאַטיש לאַנד, מיט סימפּאַטיע און קרובהשאַפט צו אַראַביע, צו פאָדער־אַזיע, צו דער רעליגיע און קולטור, וואָס פאַרבינדט זיי אַלע.



אין טערקיי געפינט זיך דער באַרג אררט, אויף וועלכן עס זאָל האָבן געבליבן שטיין נחס תבה, נאָכן מבול, ווי דאָס ווערט דערציילט אין בראשית.

אין אַ טאָג פון מיינע טעג אין טערקיי בין איך געפאָרן אָנקוקן דעם איינגאַנג פון שוואַרצן ים צום

באָספאָר, דעם איינגוס צווישן צוויי בערג, וואָס זעט אויס ווי אַ טויער. (אַזאַ ענלעכן בערג־טויער האָב איך געזען ביים איינגוס פון ים אין סידנעי, אויסטראַליע).

די כוואַליעס פון שוואַרצן ים האָבן געקאָכט, געשוימט און זיך געהויבן ווי וואַסער אין אַן אונטער־געהייצטן קעסל. סאָוועטישע שיפן זיינען אַריינגעשווו־מען פון שוואַרצן ים, זיך געטראָגן איבער די קאָכעדיקע כוואַליעס, אויף זייער וועג צו די דאַרדאַנעלן, צום מיטללענדישן ים, צו די פּאָרטן פון עגיפּטן און אַראַביע. הלואי זיי זאָלן ניט דערפירן צו אַ מבול אין דער וועלט.

# שאָטנס און עכאָס אין שפּאַניע

מיר ציט ניט קיין אייראָפּע, געוויס ניט צו די ערטער וועלכע זיינען שוין באַקאַנט, און אויך ניט צו די אומבאַקאַנטע. דער ייִדישער חשבון אין אייראָפּע איז צו גרויס. און איך קען זיך ניט העלפֿן, ווען אַפֿילו איך זאָל עס וועלן: דער ייִדישער חשבון באַגלייט — און ניט נאָר אין אייראָפּע. אין שטעט און לענדער ווו איך האָב דורכגעוואַנדערט, אַפֿילו אין אַזעלכע ווו קיין ייִדישער חשבון איז ניט פֿאַראַן, ווי אין לענדער פֿון אַזיע, קומט פֿאָרט אויף די שפּירונג פֿון זיין אַנדערש; ווען אַפֿילו אין אַן אָרט זיינען ניט פֿאַראַן קיין ייִדישע זכרונות, קען איך ניט אויפֿשלאָגן אין זיך דאָס געפֿיל פֿון סתם אַ טוריסט. „די עלעפֿאַנטן און די ייִדן" איז ניט אַזוי וויציק ווי מען מיינט. פֿאַראַן שיכותן, אויב ניט פֿאַקטישע איז אין אַנאַלאָגיעס, און זיי זיינען פֿאַראַן אומעטום; אויב מען זעט מיט ייִדישע אויגן, אויב מען טראַכט מיט ייִדישע קאַטעגאָריעס איז מען אומעטום אַ ייִד אין דער וועלט. אַ נסיעה קיין אייראָפּע איז דאָך געוויס נאַיִוו. אין פֿאַר אײנעם וואָס איז דאָרטן געווען אין די יאָרן פֿון ייִדן־אויסראָט — קען עס דאָך אַנדערש גאָר ניט זיין.

איך האָב שוין לאַנג פֿאַרלאָרן דאָס געפֿיל פֿאַר אייראָפּע, אַפֿילו פֿאַר די נאָבעלע לענדער, און אויך פֿאַר איר קולטור. איך האָב ליב די נייע וועלט, סיי דערפֿאַר ווייל אָט די לענדער האָבן ניט קיין ייִדישע געשיכטע, די געשיכטע פֿון ייִדישער טראַגיק, און סיי צוליב זייער אייגענעם ריטעם; איך האָב ליב זייערע

ברייטע שטחים, זייער יונגע אימפולסיווּיטעט. זיי זאָגן צו די האָפענונג פאַר דער מאָרגנדיקער וועלט. איך האָב ליב די נייע וועלט, ווי מיר אַלע האָבן ליב יוגנט. פונדעסטוועגן — אָט פאָר איך קיין אייראָפּע. איך זאָג זיך: דאָס איז דערפאַר, ווייל קעגנערשאַפט האָט אַן אייגענע צוציִאונגס קראַפט . . .

מיט אָט די מחשבות גיי איך אַריין אין עראָפּלאַן און געפין זיך זיצנדיק אין שכנות מיט — אַ דייטש. אימיצער שפּילט מיט מיר קאַטאָוועס? די איראָניע פון דער שכנות׳שאַפט דריקט אויס אין דער גאַנצער פולקייט מיינע שטימונגען.

דער יונגער דייטש איז נאָך דערצו שטאַרק באַריידעוודיק. מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן זיך אַרויפֿ־הייבן צו די הימלען און זיין שמועס איז שוין אַרונטער אין גיהנום אַריין. ער האָט גלייך אָנגעהויבן פון סאַמע מיטן:

— דו ביסט אַ ייד. אפשר ביסטו אַליין אַדורך אַלע יסורים וואָס מיין פאָלק האָט געבראַכט אויף יידן. איז גוט וואָס מיר געפינען זיך דאָ צוזאַמען . . . איך וויל טאַקע ריידן מיט דיר . . . שוין יאָרן ווי מיך פּייניקט דאָס געוויסן . . . איך בין שוין געווען אין ישראל אויך . . . דאָרטן האָבן יידן „ליב“ צו ריידן וועגן דעם, און איך וויל אויך ריידן וועגן דעם . . . דו מיינסט טאַקע אַז מיר זיינען אַלע שולדיק, אויך איך, וואָס בין געווען נאָך אַ גאָר יונגער סאָלדאַט? . . . ווילסט טרינקען אַ גלאָז ביר, לאָמיר טרינקען אַ גלאָז ביר . . .

דער עראָפּלאַן האָט זיך שוין אויפגעהויבן און מיין בלוט דרוק הייבט זיך אויך. די ליפּן זיינען פאַרפרעסט. אָנגעהויבן די רייזע מיטן רעכטן פוס . . . איך זאָג אַז איך בין מיד. פאַרשליס די אויגן. אָבער דער שלאָף קומט ניט. דער געמיט איז שוין אויפגעברויזט. פאַררייכער איך אַ סיגאַרעט. אַהאַ, דער דייטש איז דאָ, ער וואַכט איבער מיר מיט אַ פולע מויל ביר און מיט אַ פולע מויל רייד. באַשליס איך: לאָמיך אים געבן וואָס אים קומט, און אים פאַרמאַכן דאָס מויל. זאָג איך אים, וואָס איך זאָג, און פאַרענדיק אַזוי צו זאָגן:

— דאָס וואָס דיין פאָלק האָט געטאָן צו אונדז איז ניט קיין ענין פאַר קיין רייד, ווייל עס זיינען נישט באַשאַפן געוואָרן נאָך פאַר דעם קיין ווערטער. מען קען נאָר דערציילן די גרויל מעשים, און וועגן דעם ווייסטו.

איך פֿאַרשטיי אַז דיר דריקט, דו ווילסט גראָד יאָ ריידן, ווייל אין גרונט איז עס אייער פּראָבלעם; אייער בעסטיאַליטעט קעגן אונדז איז געווען אונדזער טראַגיק, אָבער עס איז געבליבן, און וועט נאָך זיין פֿאַר לאַנגע יאָר, אייער פּראָבלעם, ווי אַזוי איר זייט געוואָרן וואַלד־חיות, אין האַרץ פֿון אייראָפּע, און מיטן פֿון אַ ציוויליזירטער צייט . . .

אָבער מיינע רייד געפֿעלן אים גאָר, ווי זיי וואָלטן געוואַשן זיין געוויסן. עס איז גוט צו ריידן מיט דיר, זאָגט ער. אפֿשר וועסטו פֿאָרט טרינקען מיט מיר אַ גלאָז ביר . . .

איך וויל ניט קיין ביר. איך וויל ניט ריידן, איך וויל שלאָפֿן. אַזוי זאָג איך, און דריי זיך אויס מיט דער פּלייצע צו מיין שכן, צו מיין אָנשיקעניש, וואָס האָט מיר געכאַפּט אין די הימלען און שלעפּט מיר צו דער פֿאַרגאַנגענהייט אויף זיין בלוטיקער ערד. און זיך טראַכט איך, אַז אָט דער אַריינפֿיר שטימט אינגאַנצן מיט דער שטימונג מיינער, מיט דער שטימונג פֿון אַ ייִדן, וואָס לאָזט זיך אַוועק קיין אייראָפּע.

מיר שטעלן זיך אָפּ אין לואַנדאַ.

מיטן נאַכט.

מיטן מדבר.

גרויסע שטערן ליכטיקן איבערן סאַהאַראַ.

איך אָטעם איין די צעגליטע לופֿט, וואָס קילט מיינע אָנגעגליטע נערוון.

דער מדבר איז גרויס, די רחבֿותדיקע ברייטקייט שפּרייט זיך ביז אַהער, ביז די לאָמפּן פֿון לופֿט־פּאָרט.

די שטערן שיינען בליציק.

איך האָב ליב די גרויסע שטערן און דעם ברייטן מדבר. איך האָב ליב צו זיין אַליין אויף נאַכטיקע אַרעאָדראָמען. אָבער מיר גייט נאָך דער דייטש. „אפֿשר וועסטו טרינקען מיט מיר אַ גלאָז ביר". אָ, טעמפּער דייטש, וואָס פֿאַרשטערט מיר די ליכטיקע שטערן און מאַכט מיר ענג דעם גרויסן מדבר סאַהאַראַ.

— ● —

מאַדריד.

עס איז די העכסטע הויפּט שטאָט אין אייראָפּע. אָבער אַמאָל איז זי געווען אַזוי קליין, און געמיין, צו ייִדן. עס איז שוין אַ לאַנגאָניקע געשיכטע, נאָענט צו

פינף הונדערט יאָר, זינט דעם גירוש און זינט דעם חרם, אַז ייִדן זאָלן זיך ניט אומקערן אַהער. אין די יאָרן זיינען שוין געשען צו ייִדן ערגערע זאַכן, איז ווער קען לייגן אין חרם אַ האַלבע וועלט. אָבער דאָס געפיל איז סייוויי וואַך: דאַרף מען טאַקע פאָרן קיין שפּאַניע? איך פאָר ניט קיין שפּאַניע, ענטפער איך זיך אַליין, איך פאָר צו די היסטאָרישע ייִדישע ערטער, איך גיי אויף קבר אבות צו דער ייִדישער געשיכטע, וואָס האָט מיך אַלעמאָל אינטערעסירט, וואָס איך וויל זען פון דער נאָענט. איך וויל זיין אין טאָלעדאָ, גיין אין די פוסטריט פון גרויסע קאַפּיטלען ייִדישער היסטאָריע. איך וויל זיין אין קאָרדאָוואַ, וווּ עס איז געשטאַנען די וויגעלע פון גרעסטן ייִדן אין גלות, פון רמב״ם. איך וויל זען די ערטער ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַזאַ שיינער קאַפּיטל אין דער ייִדישער געשיכטע, ספרד, קאַסטיליע, אַנדעלוזיע, קאַטאַלאָנאַ, נעמען וואָס האָבן זיך איינגעשניטן מיט אַזאַ שאַרפקייט אין געמיט, ניט נאָר אין זכרון. שוין יאָרן אַ סך ווי איך וויל זיי אָנקוקן, די ערטער פון דער גאָלדענער ייִדישער עפּאָכע אין גלות.

פונדעסטוועגן — ווען דער עראָפּלאַן לאָזט זיך שוין אַראָפּ אין מאַדריד, גייט אויף אין דיר אַ שטילער ציטער. אָט טרעטן דיינע פיס אויף דער ערד פון ייִדישן גירוש. ביסט אין גירוש־לאַנד און אויך אין חרם־לאַנד. די שפּעטערדיקע צרות האָבן טאַקע פאַרבלאַסט דעם גירוש און דעם חרם — אָבער דאָס געפיל איז וואַך: עס שפּירט די אויסנאַמלעכקייט פון דער זאַך. די מאָדנעקייט, וואָס דער געוועזענער דאַכאַו'ניק גייט אין גירוש־לאַנד, אין חרם־לאַנד פון מיט פינף הונדערט יאָר צוריק.

מאַדריד און מיידאַניק — איין גאַנג, אויף אַ צייט שטח פון פינף הונדערט יאָר. אין אָט דער צייט האָבן די פיינט זיך אויסגעלערנט, זיי האָבן פּראָגרעסירט אין זייער רציחה, און מיידאַניק האָט געלאָזן אין שאָטן מאַדריד.

אין גרויען פרימאָרגן, וואָס האָט אונדז אָפּגעוואַרט, זאָג איך צו זיך און צו מייניקע, אי מיט פאַרוווּנדערונג און אי מיט טראַגיקייט, איך זאָג אין גראַם: אַ ייִד אין מאַדריד? אַ ייִד אין מאַדריד! . . .

„לאָס רעיעס קאַטאָליקאָס“, די קאַטוילישע מאָנאַרכן. דאָס איז געווען דער טיטל, וואָס דער פּויפּסט

אַלעקסאַנדער דער זעקסטער האָט געגעבן (1494) צו די קעניגלעכע פּאָר פון שפּאַניע, פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, דעם טיטל האָבן זיי פאַרדינט צוליב דער אינקוויזיציע, וואָס איז פון זיי דורכגעפירט געוואָרן גרינטלעכער ווי אין וועלכע אַנדער קאַטוילישע לאַנד.

די צייכנס פון פערדינאַנד און איזאַבעלאַס פרומקייט צו דער קירך שרייט דאָ אַראָפּ פון אַלע ווענט ביז היינט. די קאַטוילישע וועלט איז נאָך געבליבן פול מיט צלמים און מיט געצקעס.

פאַר אַ יידן וואָס האָט אַמאָל געלעבט אין אַ קאַטויליש לאַנד זיינען די געצן, אויף די וועגן און אין די הייזער, ביטערע דערמאָנונגען. אין דער נייער וועלט, וואָס איז בעיקר פּראָטעסטאַנטיש, זעט מען עס ניט. און אַז מען קומט צוריק אין קאַטוילישע לענדער, פון פּראָטעסטאַנטישע, איז ווי מען וואָלט צוריקגעגאַנגען אין מיטלאַלטער. און מער ווי אומעטום פילט מען עס אין שפּאַניע און אין רוים.

אין שפּאַניע האָבן זיך געטראָפן מענטשן און קולטורן: פּראָוואַנצן, רוימער, יידן, עסטרייכער, מורן און אַראַבער. זיי אַלע האָבן איבערגעלאָזן גענוג צייכנס אין בלוט פון די שפּאַניער, וואָס ריזלט אין זייער טעמפּעראַמענט, וואָס שפּיגלט זיך אין די הייסע אויגן פון די סעניאָריטעס, אין זייערע שוואַרצע צעפּ, אין זייער פלאַמינגאָ, אין געזאַנג און אין טאַנץ. אָבער שטאַרקער פון אַלץ איז געווען די קירך. זי האָט אַלע עלעמענטן אַריינגענומען און פאַרשמאָלצן אין זיך און געבליבן דאָמינירנדיק — ווי אין די צייטן פון פערדינאַנד, אַזוי אין דער צייט פון פראַנקאָ.

איינע פון די סימנים פון קאַטוליציזם איז די הכנעה פאַר דער פרוי. ביזן קריסטנטום האָט קיין איין קולט ניט געהאַט אַזאַ זיס־לאַקריצדיקע חניפה צו דער פרוי; אָדער מען האָט די פרוי גרינגגעשעצט, ווי דאָס האָט געטאָן אַריסטאָטל און דאָס רוב מזרח פעלקער, אָדער מען האָט איר געגעבן אַן אָרט אין דער געזעל־שאַפט, לויט איר נאַטור, ווי דאָס האָט געטאָן יידנטום אין פאַרצייטן. דער קריסטנטום האָט די פרוי אויסגע־טיילט, ווי אַ באַזונדער באַשעפעניש — צום גוטן און צום שלעכטן.

דאָס איז געווען איינע פון די צענדליקער קאָנטראַדיקציעס אין קריסטנטום. פון איין זייט איז די

פרוי געווען דער וואָרצל פון אַלץ וואָס איז בייז און שלעכט אין דער וועלט, דער שורש פון אַלע זינד. דערפאַר האָט פּוילוס געפּרידיקט, אַז חתונה האָבן איז, אין יסוד, זינדיק, און דערפאַר האָבן די קירכלעכע פירער ניט חתונה. פון דער אַנדער זייט איז די פרוי געווען דער אָנהייב פון גוטס, פון ריינקייט. יעזוס איז געווען כסדר אַרומגערינגלט פון פרויען — אין דער לעגענדע און אין דער פאַנטאַזיע פון זיינע שפּעטערע תלמידים. די קירך האָט אַפּעלירט צו דער סענטימענטאַליטעט פון פרויען מיט דער מאַכטלאָזיקייט פון יעזוס'ן, מיט זיין פאַרגלייזטן בליק אויפן קרייץ, מיט זיין ווייסער טראַגיק, ווי ער איז געמאָלן אויף אַלע ווענט פון אַלע קירכעס. און די פרוי איז פאַרגעשטעלט אויף אַלע בילדער ווי דער סימבאָל פון גוטס — די מאַדאָנאַ, די מוטער.

אָט די דאָפּלדיקייט אין דער באַציאונג צו דער פרוי האָט זיך, דורך הונדערטער יאָרן, אַריינגעגעסן אין כאַראַקטער פון קאַטאָליקן. אין שפּאַניע איז עס בולט געבליבן, אַז אַ פרעמד אויג זאָל עס גלייך באַמערקן, אויף דער גאַס, ווי אויף די מאַלערייען פון די אַלטע מייסטערס. דערפון האָט זיך געשאַפן געוויס ביי די שפּאַניער אַן אונטערטעניקייט צו דער פרוי — דער אויסגעטרוימטער, צו וועלכער מען בענקט, וועלכע מען קען פון די בילדער אין פּראַדאָ מוזייאום, די בילדער פון פרויען מיט צלמים, מיט אָפענע בריסט און בלוטיקע וווּנדן. איר קוקט נאָך יעדער מאַן אין גאַס. אָבער די פרוי און די מוטער פון די אייגענע קינדער — זי לעבט אויף אַ נידעריקן שטאַפּל אין דער געזעלשאַפט.

די קירך איז שוין געוויס ניט דאָמינירנדיק אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אָבער זי איז פאַראַן אין דער פסיכיק, און אויך אין דער פּאָליטיק, פּונקט ווי זי איז עס פאַראַן פּאַקטיש אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד, אין אַלע שטעט און אויף אַלע גאַסן אין לאַנד פון קירכן און פון צלמים. דער שימל פון יאָרהונדערטער צוריק איז דאָ שטאַרק אָנזעעוודיק און פילט זיך אין דער לופט.

ענדערט זיך טאַקע דער גאַנג פון דער וועלט אַזוי לאַנגזאַם און אַזוי ווייניק? אין שפּאַניע האָט מען דעם איינדרוק ווי די צייט אַליין וואָלט זיך אָנגעשטאָכן פון די פינף הונדערט זיגערס, וואָס עס האָט איבערגעלאָזן דער משוגענער קעניג אין זיין פּאַלאַץ אין מאַדריד. שוין

פינף הונדערט יאָר ווי אַלע ווייזערס פון אַלע די זייגערס שטייען אויפן זעלבן אָרט . . .



איך בין געווען ביים מאָנומענט פאַר מיגאַעל סערוואַנטעס, דעם גרויסן דיכטער פון דאָן קיכאָט. איצט גיי איך אַרום אויף דער ערד פון שפּאַניע, הער עכאָס און זע שאָטנס פון אַ פאַרשוווּנדענער יידישער וועלט — און פיל ווי איך וואָלט אַליין געווען אַ יידישער דאָן קיכאָט.

אָט דאָ, אויף אָט דער ערד האָבן זיי געלעבט, די יידישע קאָראָפייען פון דער גאָלדערנער תקופה, און פון די צייטן פון שמד און פון גירוש. אָט דאָ זיינען זיי געבוירן געוואָרן, אבן גבירול, די אבן עזרא׳ס, ר׳ יהודה הלוי, ר׳ אברהם בר חיא הנשיא, דער רמב״ן, דער רמב״ם, ר׳ חסדאי קרשקש, יהודה אלחריזי, אבן דאוד, ר׳ יוסף אלבו, דון יצחק אברבנל — די רעליגיעזע פילאָזאָפן, די פרשנים און פייטנים, די בעלי קבלה און מחשבי קץ, די זעערס און זינגערס. אָט דאָ זיינען זיי געגאַנגען. אפשר דאָ, אין דעם חרובן היכל, ביים אַריינפאָר צו דער שטאָט סאַראַגאָסאַ, האָט אבן גבירול פאַרטראַכט זיין „פאָנס וויטאַ“, דעם „מקור חיים“.

אין אָט די ערטער פון שפּאַניע זיינען זיי געגאַנגען, די שטאָלצע יידן פון די קעניגלעכע הויפן, די וויזאָרן, באַראָטערס, אָפּהיטערס פון די קעניגלעכע קאַסעס, די דון׳ס. און אָט דאָ, אין דער אָפענער גרוב, וואָס איז געוויס אַמאָל געווען אַ קעלער, אַ קאַטאַקאָמב, האָבן זיך אפשר פאַרזאַמלט אנוסים אין דער נאַכט פון כל נדרי, צעשראָקענע יידן, פאַרשטעלטע, געריחפטע אין פיין און אין פחד. דאָ — און קיין זכר איז ניטאָ. דער דאָן קיכאָט מאָלט עס זיך אַלץ אין זיין פאַנטאַזיע, ווי סערוואַנטעס׳ דאָן קיכאָט אויף זיין ראָסינאַנטע.

די גויים האָבן שטעט, און זייערע שטעט האָבן גאַסן, און אויף די גאַסן זיינען פאַראַן מאָנומענטן, לזכר פון זייער גאַנצער געשיכטע. און מיר — טראָגן אונדזער געשיכטע נאָר אין זכרון. אונדזער געפּייניקטע פּרינצעסין, די יידישע היסטאָריע, האָט ווייניקער אָרט אויף זייער ערד ווי סערוואַנטעסעס דולציניייע.

אין קאָרדאָוואַ איז פאַראַן אַ פּלעצל אויפן נאָמען פון רמב״ם, פּלאַזאַ מאַמאָנידעס. דאָ וויייזט מען אויך אָן אויף דעם הויז וווּ ער האָט געלעבט. איך בויג זיך צו

צום ברעג פון הויז, נעם איך אַ האַנט טרוקענע ערד. איך לאָז זיפּן די ערד דורך די פינגער און זאָג צו זיך: דאָס איז דער שטויב פון זיינע פיס, פון דעם ליכטיקסטן יידן אין אַלע גלות־יאָרן. אָבער איך זוך אויך אַ וואַנט, אַ שטיין, וווּ עס זאָל זיין אַן אָפּקריץ פון אַ יידישן נאָמען — און ניטאָ. איך זוך אַ בית עולם, אַן איבערבלייב פון אַ יידישער קהילה — און ניטאָ. און געפינט זיך אַזאַ שטיין שוין ערגעץ — איז אבן מקיר תזעק, עס שרייט אַרויס פון אַ פרעמדע וואַנט, יידישע שטיינער וואָס מען האָט איינגעמויערט אין קירכעס.

דאָס איז דער גורל פון גלות. מען האָט דאָ געלעבט, געחלומט, געשאַפן גיגאַנטישע גייסט־בנינים, און קיין זכר אין אָרט איז ניט געבליבן. מיינע אייגענע יידישע שטעט פון דער יוגנט — זיי זיינען שוין אויך אַזוי. אויך דאָרטן האָט מען שוין אויסגעפלאַסטערט די גאַסן מיט יידישע מצבות. אָט ווערט דאָס יידישע פוילן, וואָס האָט געירשנ׳ט דעם אָרט פון שפּאַניע, שוין אויך זיין אַזוי ווי שפּאַניע. אשכנז ווי ספרד, איין יידישער גורל — דער גורל פון גלות.



אויף אַ גאַס פון מאַדריד, אין די אָרעמע קוואַרטאַלן פון שטאָט, שפּאַרן זיך מענטשן אין אַ קעלער אַריין. איך לאָז זיך מיטשטופּן מיט דער מאַסע. אינעווייניק איז טונקל און טוכלע. אַרום די ווענט זיצן מיידלעך און בחורים. זיי האַלטן זיך אָנגענומען ביי די הענט און באַוועגן זיך אַלע צוזאַמען אין ריטעם פון נאַציאָנאַלע לידער, וועלכע זיי זינגען צוזאַמען, אין כאָר. כ׳זעץ זיך צו, מיט אַלע נייע געסט, און מיר זיינען אַריינגעפלאָכטן אין קראַנץ. איך וויג זיך אויך, ווי אַלע, אין ריטעם פון געזאַנג. די מעלאָדיעס זיינען מיר באַקאַנט, און נאָענט. עס זיינען מעלאָדיעס פון יידישע תפילות. ריכטיקער: דער תפילה־ניגון איז אַן אָפּשטאַמיקער פון אָט די מעלאָדיעס. איך כאַפּ אויף אַ פּאָר שפּאַנישע ווערטער, וואָס חזרן זיך אָפט איבער אין אַ ליד. נאָר איך זינג מיינע אייגענע ווערטער — כל נדרי — אָבער עס איז די זעלבע מעלאָדיע . . .

אין די גאַסן פון די שטעט דריי איך אָפּט אום דעם קאָפּ — מיר דוכט אַז אימיצער רופט מיך. אָט באַלד

וועט זיך אימיצער אָפּשטעלן און פרעגן פּאַרטרייט: „כוהנא“, אַ ייד? — און ער וועט מיר דערציילן, אַז ער איז אַן אָפּשטאַמיקער פון מאַראַנען.

וואָס קוקט אַזוי אויף מיר אין רעסטאָראַן די פרוי מיט די לאַנגע שוואַרצע צעפּ? פאַר וואָס לאָזט זי נית אַראָפּ פון מיר אירע יידישע אויגן? איך קען שווערן, מיר האָבן זיך שוין ערגעץ ווו באַגעגנט — אין אַ שטעטל אין דער ליטע. און אויב נית מיט איר — איז געוויס מיט אירס אַ שוועסטער.

אין פּראַדאַ גאַלעריי דאַרף מען נית זוכן קיין יידישע צייכנס — זיי ריידן אַראָפּ, די יידישע צייכנס, פון צענדליקער בילדער, פון מאַלערייען און סקולפּטורן. דאָ, און אין אַנדערע פּאַלאַצן פון שפּאַניע, זיינען פאַרזאַמלט די גרויסע מייסטערס, גאָאַ און על גרעקאָ, און אויך ראַפאַעל און וואַן גאָך און מיכאל אַנדזשעלאָ, און מער. אַלע אָט די מייסטערס האָבן געמאָלן מאָטיוון פון דער עוואַנגעליע — פון דאַן ווען דער קריסטנטום איז נאָך געווען באַענט צום וואָרצל. פון צענדליקער אַזעלכע בילדער לייכטן אַראָפּ פולע יידישע פּסוקים — פון דער צייט ווען לאַטיין האָט נאָך נית פאַרנומען דעם אָרט פון העברעאיש. און אים אַליין, זייער סאַמע גאָט, אין הונדערטער וואַריאַציעס האָבן זיי אים געמאָלן — און אומעטום איז ער געבליבן אַ ייד פון גליל. אויב מען זאָל אַוועקנעמען אָט די מאָטיוון פון די וועלט גאַלערייען, אין די ווערק פון די אַלטע מייסטערס — וועלן בלייבן פוסטע זאַלן.

אין קעניגלעכן פּאַלאַץ פון פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, אין מאַדריד. איך גיי איבער די זאַלן מיט טראַציקייט און שוואַכע קני. ווײ, ווײ, וואָס אין דעם פּאַלאַץ איז אַלץ געשען אַנטקעגן יידן. מיט ציטערדיקע פינגער טאַפּ איך אָן אַ שטול, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר די העכסטע הויף־לייט, צו דער רעכטער האַנט פון איזאַבעלאַ. קיין ספק נית אַז אויף דעם שטול איז געזעסן טאָרקוואַמאַדאָ. זיין שאָטן גיט אַ שפּרונג אַרויס פון שטול ווי דער אינקוויזיציע פּאָטער וואָלט נאָך געוועלט שיקן אַ יידן אין פייער. איך טראַכט ביי זיך: זיי רואיק פּאָטערל טאָרקוואַמאַדאָ, איך בין שוין אויך געווען אויפן שייטער — און זעסט דאָך, איך בין דאָ, צו טרעטן אויף דיין שאָטן. אָבער דאָס האַרץ אין מיר ציטערט פאָרט. עס איז אויפגעפיבערט אין מיר יעדער

אַבער, צוליב דער אויסטערלישקייט, וואָס איך אָטעם דאָ, ווו עס האָט געאָטעמט איזאַבעלאַ און טאָרקוועמאַדאַ. און אָט, אין דעם סאַמע אָרט פון טומאה און פון טויט־פּלאַנירונג קעגן ייִדן — שטיקער ייִדיש לעבן פאַרקריצט אויף ווענט און אויף בילדער; חומשדיקע בילדער, אַזעלכע אייגן־וואַרעמע, וואָס האָבן באַגלייט די ערשטע טריט אין חדר.

פאַראַן אַ ליכטיקער סקווער אין מאַדריד, וואָס ציט צו טוריסטן אין די נעכט. זעץ איך זיך צו דאָ אויף אַ באַנק, צווישןביימער. עס איז האַרבסט. די לופט איז טרעפּקע זיס, ווי דער זיסלעכע ווייַן פון מאַלאַגאַ. גאָלדיקע בלעטער פאַלן פון די ביימער. אויף אַלע פיר גאַסן אַרום דעם סקווער רוישט די שטאָט. איך הער זיך איין צום אימפּעט פון דער שטאָט. נאָר פּלוצים גיט ווי אַ בליץ אַ שניט מייַנע געהירן: אויף אָט דעם פּלאַץ איז אפשר געווען אַן אויטאָ־דאַ־פע. פון דעם פאַרברענטן אַש פון ייִדן בליען עס אַזוי הייך און שיין די ביימער דאָ. די בליציקע שטאָט־ליכטער גייען אויף פאַר מיר ווי פלאַמען פון שייטערהויפן. איך הער אַ געשריי, וואָס שרייט אַריבער דעם געטומל פון שטאָט. עס איז דער עכאָ פון שמע ישראל, וואָס ייִדן האָבן אַרויסגעשריִען בייַם גיין דאָ אויף קידוש השם.

שפּאַניע, ביסט פול מיט צלמים און מיט קירכעס, מיט עכאָס און מיט שאָטנס.

## טאָלעדאָ

אַ שטאָט, אַ באַרג, איין גרויסע וואַנט, אַרומבאַנדאַזשירט מיט אַ פליסנדיקן טייַך.

פאַר וואָס האָבן זיך געריסן אַזוי פיל וועלט־הערשער אַהער, צו דעם פאַרשליידערטן באַרג אין סוף וועלט? וויפל מי, מאַטער און קרבנות עס האָט זיי געמוזט קאָסטן, די הערשער פון רוים, פון ווין, קאָנסטאַנטינאָפּל, פּאַריז, צענדליקער וועלט־באַצווינגער, וואָס זיינען דאָ אַדורכגעגאַנגען — און צו וואָס? שווער צו פאַרשטיין. די אָפּגעלעבטע געשיכטע פון בלוטיקע מלחמות זעט אויס ווי אַ קינדער שפּיל — ווען מען קוקט אויף דעם צוריק, פון דעם באַרג וואָס הייסט טאָלעדאָ.

הייַנט טראָגט דער באַרג אויף זיך אַ משא פון

אַלטע ווענט, חורבות, מעטשעטן, טורעמס און תיפלות, געבויטע אין אַלע סטילן, פאָרמען, לויט די הערשער און רעליגיעס, וואָס זיינען דאָ אַדורכגעגאַנגען. אָבער דעם שטאַרקסטן שטעמפּל האָט דאָ געלאָזן די קאַטוילישע קירך — אַ שטעמפּל פון פרומקייט און רשעות. ווען ביידע זאַכן דערציילן די ווענט פון די צענדליקער קירכעס, געבויטע לויט אַלע פאַרפרומטע פאַנטאַזיעס, איינע ווי אַ צלם און די צווייטע ווי אַ שטאַל — צו דערמאָנען די שטאַל אין וועלכע דער מאַן פון בית לחם זאָל האָבן געבוירן געוואָרן.

אַלע די תיפלות זיינען היינט טונקל און טונקלע און עס האַלט זיך אויף אין זיי נאָר דער ריח פון שימל.

יעדע חורבה־וואַנט דאָ דערציילט פון שפיכות דמים, אָנהייבנדיק פון די עלטסטע ציטן, פון די ערשטע פירשטן פון קאַסטיליע, ביז גענעראַל פראַנקאָ, וועמענס פאַלאַנגיסטן עס האָבן פון דער פעסטונג אַלקאַזאַר באַשאָסן די רעפובליקאַנישע פרייהייטס קעמפער.



ווי אַלט איז טאָלעדאָ? פאַראַן אַ סברה, אַז ייִדן האָבן עס געגעבן דעם נאָמען פון דער שטאָט — תולדה, אַ געבורט, אָדער געמיינט אַן אַרויסקום פון דעם וואָס איז געווען. אַזוי זאָלן האָבן די געקומענע פון בבל, אָדער דירעקט פון ארץ ישראל, אָנגערופן דעם אָרט פון זייער וווינשאַפט, ווו זיי זיינען געווען געשיצט און געשעצט פון די קאַליפאַטן, די מורישע הערשער. אָבער דער אָרט, אונטער אַן אַנדער נאָמען, האָט עקזיסטירט שוין אַ סך הונדערטער יאָרן פריער.

איך גיי איבער די באַרגיקע, שמאָלע געסלעך. ערגעץ דאָ האָט געלעבט אבן דאוד (1180), וועלכער קען מן הסתם פאַררעכנט ווערן ווי דער ערשטער ייִדישער היסטאָריקער. אָט דאָ האָט ער געקעמפט קעגן די קראים, קאַראַימער, אָבער בעיקר קעגן נצרות, קעגן די אַבערגלויבנס פון קריסטנטום — געקעמפט אין זייער אייגענער ציטאַדעל, און דאָ טאַקע האָט ער אָפּגעגעבן זיין לעבן, דורך דער אינקוויזיציע, אויף קידוש השם. אָבער קיין סימנים פון זיין פיזישן לעבן זיינען דאָ ניט געבליבן.

אַ בלאַסער זכר פון ייִדישן זיין דאָ זיינען עטלעכע

שטיינער, איינגעמויערטע אין קירכן, און דער סקעלעט פון אַ שול. אויך די שול, געבויט פון דער רייכער יחוס־משפחה הלוי, איז געווען פאַרוואַנדלט אין אַ קירכע, נאָכן גירוש. איצט האָט מען עס רעסטאַווירט. פון די הויכקייטן אויף די ווענט לויכטן אַראָפּ פסוקים, איינגראַווירטע אין מאַרמאָר, וועלכע עס האָבן געוויס געמאַכט יידישע מייסטערס. די פסוקים — קאַפּיטלען תהלים און תפילות.

דאָ איז עס געווים אויך געווען די ישיבה. אין די שמאָלע דורכגענג, אַרום דער שול, אין די איצט איינגעפאַלענע הייזלעך, האָבן געוויס אַלץ געלעבט יידן. זוך איך אויף די ביישטידלעך דעם אָפּדרוק פון מזוזות, און געפין נאָר צלמים.

אין דער דערבייאיקער הויז האָט געלעבט דער גרויסער גריכישער מאָלער על גרעקאָ. אויף די ווענט פון זיין הויז זיינען פאַראַן אַ טייל פון זיינע וואונדערלעכע בילדער, באַזונדערס די לעצטע אַרבעטן זיינע. אויף זיי זעט מען אַ גאַלעריע מאָנאַכן, קאַרדינאַלן, פּירערס פון דער קירך — וועמענס פּאָרטרעטן ער האָט מאָדע־לירט פון גייסטיק קראַנקע אין אַ שפּיטאָל. אָט דער פאַקט, צוזאַמען מיט דער ווירטואָזיטעט פון דעם קינסטלער, גיט דעם פולן אויסדרוק צו דער קירך פון יענער צייט.

דאָ, געוויס, אין די געסלעך אַרום דער שול, האָט אויך געלעבט דער דיכטער אברהם בן־מאיר בן־עזרא, וואָס האָט אין סאַרקאַזם געזונגען:

לו יהיו נרות סחורתי —
לא יחשך שמש עדי מותי!
לו אהיה סחר בתכריכין —
לא יגועון אישים בכל ימי!

„וואָלט איך געהאַנדלט מיט ליכט, וואָלט די זון קיינמאָל ניט אונטערגעגאַנגען. און וואָלט איך געווען אַ סוחר פון תכריכים, וואָלט קיינער ניט געשטאָרבן".

דער טרויער פון דעם אומעטיקן דיכטער איז אַלץ וואָס איז געבליבן פון יידישן לעבן אין טאָלעדאָ.

דאָ, ווי אין אַנדערע ערטער פון שפּאַניע, איז עס, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון גלות, אויפגע־קומען אַ גרויסע קולטור, וואָס האָט גענומען פאַר זיך די מוסטערן און פאָרמען פון דער אַרומיקער שפּראַך און ציוויליזאַציע. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע

פון גלות האָבן דאָ יידישע חכמים, ווי אַ גרופּע, גענוצט די שפּראַך פון אָרט, אַראַביש. אָבער דאָס איז זיי ניט בייגעשטאַנען.

יאָרהונדערטער שפּעטער זיינען געלערנטע יידן אין אשכנז געגאַנגען אין די גייסטיקע פוסטריט פון ספרד. אויך זיי האָבן געוועלט באַשאַפן יידישע ווערטן אין דער לאַנד־שפּראַך און שאַפן אַ סינטעז מיט דער אַרומיקער קולטור.

דער אשכנזישער יידנטום איז געווען שטאַרקער, גרעסער. אין שפּאַניע, בשעתן גירוש, זיינען געווען אפשר אַכט הונדערט טויזנט יידן, געוויס ניט מער ווי אַ מיליאָן. און ניט אַלע פון זיי האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אין אשכנז האָבן ערב דעם חורבן געלעבט אַכט מיליאָן יידן, און דער סוף איז געווען אַ סך אַ ביטערער ווי אין שפּאַניע. אָבער אין גרונט איז עס איין גורל, דאָ ווי דאָרט, דער גורל פון גלות, וואָס פריער אָדער שפּעטער לאָזט עס ניט איבער ביי זיך קיין יידישן זכר. דאָס האָט שוין געזאָגט דער פּילעוודיקסטער פון די פּאָעטן דאָ, ר׳ יהודה הלוי, וועלכער איז דאָ, אין טאָלעדאָ, געבוירן געוואָרן, און אפשר טאַקע דאָ אויך געזאָגט **עס:**

היש לנו במזרח או במערב
מקום תקוה, נהי עליו בטוחים!

(נישטאָ קיין אָרט פאַר יידן, ניט אין מזרח, ניט אין מערב, וווּ מען זאָל קענען לעבן זיכער). און ר׳ יהודה הלוי האָט פאַרלאָזן טאָלעדאָ, פאַרלאָזן שפּאַניע, אַוועק מיט זיין אהבת ציון, צום לאַנד ווו זיין נאָמען איז אויפֿגעגאַנגען יאָרהונדערטער שפּעטער.

מיר פאָרן צוריק, קיין מאַדריד. אין אויטאָבוס שפּילט דער ראַדיאָ. און פּלוצים — וואָס הערן אונדזערע אויערן? פון ראַדיאָ גייט אויף דאָס ליד „הבה נגילה״ — אין שפּאַניש, מיט די צוויי ווערטער אין העברעאיש: הבה, אוי הבה, הבה, ונגילה. און איך הער באַשיינפּערלעך ווי דאָס ליד זינגט זיך איבער מיטן חלום פון ר׳ יהודה הלוי . . .

# דער ספּרדישער יחוס אין אשכנז

דאָס לאַנד פון בלומען און פון בריקן.
דאָס לאַנד פון קאַנאַלן און פון ווינטמילן.

אַזוי איז געווען די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיטן לאַנד, אין דער יוגנט, פון באַשרייבונגען.

שפּעטער איז עס שוין אויך געווען דאָס לאַנד פון שפּינאָזאַ און פון רעמבראַנד.

אין דער זעלבער צייט האָט מען שוין אויך געקענט די יידישע געאָגראַפיע: דאָס לאַנד וואָס האָט אַ ספּרדישן ישוב — און דאָס איז געווען פאַר אשכנזים היפשלעך פרעמד; טאַקע אייגענע יידן, אָבער פאָרט אַנדערש און אומבאַקאַנט.

אין די לעצטע יאָרן איז צוגעקומען: דאָס לאַנד פון אַנאַ פראַנק און פון האַפן־אַרבעטער, וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן יידישן אויסראָט.

צו דעם האָב איך נאָך אַ פּאָר „פּריוואַטע" אַדרעסן, און עס ווילט זיך זיי באַזוכן: לײדן, אוטרעכט, היים־שטאָט פון רעמבראַנד, און אַלטע אוניווערסיטעט שטעט; און ראָטערדאַם, מיט וועמענס חורבן, וואָס די דייטשן האָבן געזייט איבער איר, מיר האָבן אַלע מיטגעפיבערט; און האַג, די שטאָט וואָס איז „געווען אין די נייס" ווען מיין דור איז געווען יונג, די שטאָט וואָס האָט אויסגעדריקט וועלט־געוויסן, משפט און גערעכטיקייט, די שטאָט פון אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל.

און אָט טראָגט זיך דער אויטאָ, איבער שוואַרצן אַספאַלט, צו אַלע די ערטער. אין דיר איז פאַראַן אַן אויפגעפיבערטע דערוואַרטונג, ערב דער פאַרווירקלע־כונג פון אַ לאַנגיאָריקן ווילן, צו זען דאָס אַלץ וואָס דו ווייסט וועגן דעם לאַנד.

דער אויטאָ טוט אַ שפּאַן אַריבער די גרענעץ און —

אַט, טאַקע די קאַנאַלן, טאַקע די בריקן, טאַקע די ווינטמילן טראָגן דיר אַנטקעגן דעם ערשטן שלום עליכם.

ערשט אין האָלאַנד פאַנגסטו אָן פאַרשטיין ווי געהעריק דעם באַדייט פון ימים און טייכן, וועלכע האָבן צעטיילט די וועלט, לענדער און פעלקער — אָבער זיי אויך פאַרבונדן, ווען די נאַוויגאַציע איז געווען דער בעסטער מיטל פון קאָמוניקאַציע.

די לענדער וועלכע זיינען געלעגן ביי ברעגן פון ימים און טייכן האָבן אויסגעהאָדעוועט פעלקער מיט גרויסע קולטורן. די ציוויליזאַציע פון נאָענטן אָריענט און פון אייראָפּע איז אויפגעקומען און זיך באַוועגט אַרום דעם מיטלענדישן ים. דער ים האָט צעטיילט די פעלקער, וועלכע רינגלען אים אַרום. איבער אים זיינען זיי געפאָרן צו האַלטן מלחמות. אָבער אָט אַזוי אויך האָבן זיי זיך באַקענט און באַווירקט קעגנזייטיק, די אַלע פעלקער ביי די ברעגעס פון דעם ים, און פון די טייכן, וועלכע פליסן אַריין אין אים.

מיט די טייכן, מיט די ברעגעס פון נאָרד־ים זיינען זיי אַראָפּגעשווומען אַהער, די מענטשן פון צפון, מיט יאָרהונדערטער צוריק. זיי זיינען געווען פישער, אָדער פיראַטן. ווער ווייס וואָס עס האָט זיי געבראַכט צו דעם פלאַך־לאַנד, וואָס ליגט אונטערן ים, אויף דער זומפּיקער ערד. זיי זיינען געפאָרן אין קאַנוס, אין שיפלעך אויסגעשניצטע איןביימער. און ווען זיי האָבן דערזען אַ ברעג, נאָך וואָכן וואַנדערן אויפן ים, האָבן זיי געוויס אויסגעשריען: האָ, לאַנד! און עס איז געוואָרן: האָלאַנד . . .

זיי האָבן זיך דאָ איינגעבירגערט, די שטאַרקע מענטשן, דורכגעשמיסענע פון ווינטן, מיט בלויען פראָסט אין די אויגן, און עס איז אויפגעקומען אַ נייַ פאָלק, ביי די פיאָרדן פון דער צווייטער זייט פון נאָרדישן ים.

ווייניקע זיינען זיי געווען. היינט ערשט ציילן זיי קוים אַכט מיליאָן. אָבער ווייל זיי האָבן געלעבט ביים אָפענעם ים און ביים מויל פון די טייכן — איז די וועלט פאַר זיי געווען אָפן. די שיף איז געווען זייער היים. האָט די שיף זיי געפירט צו ווייטע פרעמדן, צו אויסגעפינען נייע לענדער. זייערע שיף־פאָרערס האָבן אָנגעשפאַרט צו די איסט־אינדיעס, צו די פאַסיפישע אינדזלען, און צו די וועסט־אינדיעס, קיין אַזיע און קיין אַפריקע און צו דער נייער וועלט, אַמעריקע. אָט דאָס קליינע פאָלק האָט

קאָלאָניזירט און באַהערשט ווייטע לענדער, גרויסע שטחים און מיליאָנען מענטשן. (אין די וועסט אינדיעס אַליין האָבן זיי רעגירט איבער הונדערט מיליאָן מענטשן).

אין אָט דעם גאַנג, צו געפינען נייע לענדער, קומען שוין אויך אַריין יידן. די ערשטע קאָנטיקע גרופּעס יידן, מאַראַנען פון פּאָרטוגאַל, נאָך אַלץ אונטערן פּאַרשלייער פון „נייע קריסטן", זיינען געקומען צו די ברעגעס פון האָלאַנד אין דעם זעלבן יאָר (1593) ווען דאָס לאַנד האָט אויסגעקעמפט פון שפּאַניע איר זעלבסטשטענדיקייט. דאָס איז געווען ניט קיין צופאַל, ניט פאַר די היפּלעך יידן, און ניט פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון לאַנד. די יידן זיינען אַנטלאָפן פון פּאָרטוגאַל און שפּאַניע, פון דער קאַטוילישער אינקוויזיציע, צו אַ פּראָטעסטאַנטישע מדינה, ווו זיי האָבן באַלד געקענט אָראָפּוואַרפן די מאַסקעס פון קריסטלעכקייט, וואָס זיי האָבן געמוזט ביז איצט טראָגן אויף זיך. און דאָס לאַנד טאַקע, ערשט באַפרייט פון אַ פרעמדן, קאַטוילישן יאָך, האָט ווילּיג אויפגענומען די ניי־געקומענע — און זיי אויך געדאַרפט; געדאַרפט זייערע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען, וואָס זיי האָבן שוין געהאַט איינגעשטעלט אין זייערע פריערדיקע ווין־ערטער, און וועלכע זיי האָבן איצט געקענט אויסשפּרייטן, טאַקע צוליב די נייע אַדרעסן, וואָס אַנדערע יידן, קאָמערציאַנטן, האָבן שוין געשאַפן אין די אַלע לענדער, ווו זיי האָבן אויסגעוואַנדערט נאָכן גירוש פון שפּאַניע.

ווען יידן זיינען אַריבער דעם טייך אַמסעל, צום האַפן פון אַמסטערדאַם, איז דער אָרט נאָך געווען אַ זומפּיקער דאָרף. פאַר יעדע הויז וואָס מען האָט דאָ געוועלט אויפשטעלן, האָט מען פריער געמוזט מאַכן דריענאַזש, גראָבן טיפע קאַנאַלן, וואָס זאָלן איינזאַמלען דאָס וואַסער פון באָדן. די יידישע גרויסע געשעפט־הייזער, וואָס שטייען אין די שמאָלע סינגעלס און גראַכטן, ביי די קאַנאַלן, זאָגן עדות ביז היינט, אַז דאָס האָט יידן ניט אָפּגעשראָקן. זיי האָבן זיך דאָ גיך איינגעוואָרצלט, פונאַנדערגענומען די הענט מיט געבענטשטן אימפּעט, געהאָלפן בויען אַמסטערדאַם, צווישן וואַסער און וואַסער, צווישן קאַנאַל און קאַנאַל. זיי האָבן געבראַכט סחורה פון די וועלט־פּאָרטן און עס געשיקט צו די וועלט־פּאָרטן. אויפגעשטעלט באַנקען, קרעדיט־הייזער און פּראַכט־הייזער, פינאַנסירט דעם

שיף־בוי און עקספעדיציעס פון פלאַט.

אין די עקספעדיציעס צו די וועסט אינדיעס האָבן יידן זיך באַטייליקט ניט נאָר ווי פינאַנסיסטן, נאָר אויך — ווי היסטאָרישע דאָקומענטן ווייזן — מיט מענטשן. צווישן די ערשטע האָלענדישע ים־פאָרער אַהין האָבן זיך געפונען יידישע דאָקטוירים און די ים־פאָרער האָבן זיך באַנוצט מיט מאַפּעס, געמאַכט אויך פון יידישע קאַרטיאָגראַפן. אין אַט די עקספעדיציעס האָט האָלאַנד פאַרנומען קוראַסאַאָ און סורינאַם. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָט אַן איידעלער יידישער פאַנטאַזיאָר געוועלט שאַפן אַ יידיש לאַנד אין אָט די ערטער. אָבער קיינער האָט זיך ניט צוגעהערט צו זיינע ביטעס און זיינע פּלענער. ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, ווען יידן אין די באַלטישע מדינות זיינען געווען פאַרווירט, אין קלעם צווישן היטלער־דייטשלאַנד און דעם סטאַלינעזם, האָט מען געזוכט אַן עפענונג פאַר אימיגראַציע ערגעץ ווו, און מען עס זיין אפילו הינטער די הרי חושך. אימיצער האָט דאַן דערטאַפּט די האָלענדישע קאָנסולאַטן און אַרויסגעקראָגן וויזעס צו לענדער פון די איסט־אינדיעס. אָבער אַז דער אָנגעלויף צו די קאָנסולאַטן איז געוואָרן אַזוי גרויס ווי די פאַרצווייפלונג, און עס האָבן זיך אָנגעשטעלט לאַנגע רייען צו קריגן וויזעס, האָבן דאָס רוב קאָנסולן פאַרשלאָסן זייערע ביוראָען. די קאָנסולן האָבן „פאַרגעסן", אָדער טאָקע ניט געוווּסט די יידישע זכות־אָבות אין די עקספּעדיציעס צו יענע לענדער. דאָס איז דער גורל פון אַ פאָלק אין גלות, ווען אַלץ ווערט פאַרשריבן אויף דער אַלגעמיינער קאָנטאָ פון לאַנד. פון דעם יידישן בייטראַג בלייבן ערגעץ פאַרשימלטע דאָקומענטן — און אָפט דאָס אויך ניט. ווען די אַרויסגעטריבענע פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל וואָלטן געהאַט כוח און ווילן צו דעראָבערן ערגעץ אַן אינדזל, ווי דאָס האָבן געטאָן אַנדערע אין יענער צייט, און ווי עס זאָל אַפילו יאָ האָבן געחלומט וועגן דעם אַ קלוגער ייד, דן יוסף אברבנאל — ווי אַנדערש וואָלט געווען דער גורל פון יידן אין די לעצטע דריי הונדערט יאָר.



האָלאַנד, און באַזונדערס אַמסטערדאַם, האָט זיך

אַרייַנגעשריבן אין דער יידישער געשיכטע מיט אייגענעם טראָפּ. פֿאַר יידישע אויערן אין מזרח אייראָפּע האָבן די נעמען זיך אַרייַנגעזונגען מיט אַ פֿאַנטאַסטישן רייץ. לויט דער יידישער געאָגראַפֿיע געהערט דאָס לאַנד צום שטח פֿון אייראָפּע וואָס מען רופֿט אשכּנז, אָבער דער יידישער ישוב דאָ האָט געטראָגן די יחוס־מעטריקע פֿון ספֿרד; אַ ספֿרדישע קהילה אין דער אַרבּיטע פֿון אשכּנזישן יידנטום.

לויט דער סטאַטיסטיק האָבן די אשכּנזים שוין פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אַ גרעסערן חלק צווישן די 120 טויזנט יידן, וואָס האָבן דאָ געלעבט אין 150 קהילות. אָבער די אשכּנזים, פֿון פּוילן, פֿון דייטשלאַנד און פֿון אוקראַיִנע זייַנען געקומען שפּעטער — די לעצטע אין מיטן פֿון 17־טן יאָרהונדערט, נאָך די פּאָגראָמען פֿון כמעלניצקין. און די ספֿרדים האָבן זיך ניט געוועלט מישן מיט זיי, די יידיש־ריידנדיקע, ניט געוועלט מיט זיי זיך משדך זייַן, זיך געהאַלטן באַזונדער, אין גרעסערן יחוס — ווי עס איז דער דרך אַלעמאָל און אומעטום: די שוין אייַנגעזעסענע פֿאַרגעסן זייער אייגענעם וואַנדער־וועג, זייערע ערשטע טריט אין בייַעם אָרט, און האַלטן זיך אין גרויסן קעגן די וועלכע קומען שפּעטער פֿון זיי — ביז אָט די אָרדנען זיך איין, און ווייַזן אַרויס דעם זעלבן ביטול צו די וועלכע קומען נאָך שפּעטער . . . יעדערער דאַרף אימיצן קעגן וועמען מען זאָל זיך קענען גרויסן . . . און ווייל די ערשטע זייַנען דאָ געווען שוין רייך און מיט יחוס, האָבן די שפּעטער־דיקע, די אשכּנזים, זיך פּרובירט צופּאַסן, זיך „אַסימי־לירן" מיט דער שטאַרקערער גרופּע.

די גרויסע געשיכטע, וואָס דער קלייַנער ישוב האָט מיטגענומען פֿון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, האָט דאָ שוין ניט געהאַט קיין פֿולן יידישן המשך. דער פֿאַקט, וואָס אַ טייל פֿון די געקומענע האָבן יאָרן לאַנג געדאַרפֿט זיך אויסבאַהאַלטן מיט זייער יידישקייט, זייַן קריסטן אין דער עפֿנטלעכקייט, האָט זיך געמוזט אויסווירקן — שוין אַפֿילו דאַן ווען זיי האָבן געלעבט ווי פֿולע יידן. אָבער דאָס געפֿיל פֿון אַלטן יחוס איז געבליבן, ביי זיי, און אויך צו זיי, פֿון יידן וועלכע האָבן געלעבט אין אַנדערע מקומות. מען האָט געוווּסט דאָך, אַז דאָ זייַנען געווען גרויסע לומדים, גרויסע ישיבות, וועלכע האָבן ווייטער געשפּונען דעם סינטעז צווישן פֿילאָזאָפֿיע און הלכה,

צווישן לאַטיין און העברעאיש, צווישן וויסנשאַפט און יידישקייט. עס איז טאַקע ניט געווען מער ווי אַן אָפּגלאַנץ שוין, פון דאָס וואָס איז געווען אין שפּאַניע, אָבער דער אָפּשיין אַליין האָט נאָך געשטראַלט מיט אַ סך וואַרעמקייט. דאָ האָט געלעבט אברהם זקוט (זאַקוטוס ליסיטאַנוס), דער גרויסער מעדיצינער און יידישער דענקער, וואָס איז געקומען פון ליסאַבאָן און געהאָלפן די אנוסים צוריקומען צום יידנטום. דאָ האָט געלעבט רב מנשה בן ישראל, אַ טיפער בעל מחשבות און אַ שטאָלצער שתדלן פאַר יידישער עמאַנציפּאַציע. ער איז עס געפאָרן אַזש צו קראָמוועל, כדי פועלן אַז מען זאָל צוריק אַריינלאָזן יידן אין ענגלאַנד און זיי דערלויבן אָפּהיטן זייער אמונה.

אָבער מער פון אַלץ און אַלעמען האָט פון הי געשיינט דער נאָמען ברוך שפּינאָזאַ, דער נאָמען וואָס האָט זיך געטראָגן אין ווייטקייטן און האָט אָנגעפילט מיט שטאָלץ אַ סך יידן. ווען מיין דור איז געווען יונג, האָבן אַ סך יונגע יידן שטאָלצירט — מיט גרויסע משומדים. די גרויסע משומדים האָבן געהאַט מזל ביי אַ סך פון דער יוגנט אין מיין דור. מאַרקס און היינע און שפּינאָזאַ זיינען געווען די אויסגעוויילטע דריי. מאַרקס האָט אַפּעלירט צו די הונגעריקע יידן. מיט היינען האָבן זיך געקוויקט פאַרשמאַכטע, ראָמאַנטישע יונגע הערצער. שפּינאָזאַ האָט גערעדט צום יידישן אינטעלעקט. און שפּינאָזאַ — ער איז דאָך אַפילו ניט אַריבער דעם אָפיציעלן שוועל. האָט די אויפגעקלערטע יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן צו אַרויסגיין אין דער וועלט, געהאַט גאָר טענות צו יענע „פאַנאַטיקער” אין אַמסטערדאַם, וואָס האָבן אים מחרים געווען, וואָס האָבן אַזאַ ליכטיקן מוח פאַרטריבן פון יידישן גבול. און דער מזל איז נאָכגעגאַנגען שפּינאָזאַ׳ן דורך אַלע יאָרן. נאַציאָנאַלע יידן אַפילו האָבן געשריבן וועגן אים גרויסע ווערק (נחום סאָקאָלאָוו), אַ סך פּאָעטן האָבן באַגייסטערט געזונגען וועגן אים, און מען האָט זיך אָנגענומען זיין „קריוודע” יאָרן שפּעטער, ביז פאַרלאַנגען, אין אונדזער צייט אַזש, מען זאָל דעם חרם מבטל זיין.



אָט גיין איך אין דער „יודען בארט”, די געסלעך ווו

די יידן האָבן אין אָנהייב געלעבט. אָט איז די באַרימטע ספּרדישע שול. וויפל מעשיות און לעגענדעס מיר האָבן זיך אָנגעלייענט און אָנגעהערט וועגן דעם אָרט אין דער יוגנט, און זיי האָבן אַלע געגלימערט מיט פֿאַנטאַסטיק — בעיקר צוליב שפּינאָזאַ׳ן. איך טרעט אויף דער האַרטער ערד — און בין אינגאַנצן פֿאַרטראָגן אין די ווייטקייטן, פֿון דעם וואָס דאָ איז געווען און געשען. די בילדער קומען דיר דאָ אַנטקעגן, בילדער פֿון פֿראַכטיקע יידן, געזעענע אויף די לייוונטן פֿון רעמבראַנד.

די שפּאַציר־שיף פֿאָרט דורך די קאַנאַלן פֿון אַמסטערדאַם — און אין דיר שיפּן זיך דערמאָנונגען אויף די כוואַליעס פֿון יידישער געשיכטע. אָט איז אַ הויז ביים קאַנאַל, פֿון וועלכע מען זעט די קאָנטורן פֿון אַן איינגעבּרענטן מגן דוד. דער אַלטער צייכן רעדט אַראָפּ, מער ווי טויזנט עדות, אַז יידן האָבן געלעבט דאָ פֿריי, און האָבן געוועלט דערמיט שטאָלצירן — געוויס ווי אַ טאַטיסטאַקציע פֿאַר די יאָרן ווען זיי האָבן געמוזט זייער ייד־זיין באַהאַלטן.

די קאַנאַלן שליסן זיך און גיסן זיך צונויף, קאַנאַל אין קאַנאַל, דורך טויערן און קאַנאַוועס. אָט איז אַן אַלטע קעלער־תּפֿיסה, אַריינגעגראָבן אין די ווענט פֿון די קאַנאַל־דאַמבעס, וואָס שרעקט נאָך היינט מיט פֿינצטערן פּחד פֿון פֿאַרצייטן, און אויך פֿון אונדזערע צייטן. די תּפֿיסה האָבן „באַנייט“ די נאַציס.

און אָט איז דער „טורעם פֿון טרערן“, וואָס בויגט זיין קאָפּ צום אָפֿענעם האַפֿן. דאָס האָבן די טרערן פֿון מאַמעס און פֿרויען אים אונטערגעשווענקט, ווען זיי האָבן זיך געזעגנט מיט זייערע ליבסטע, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזן איבער די ימים. אויך יידן זיינען געווען צווישן זיי.

האָלאַנד האָט צוויי טויזנט מייל קאַנאַלן, הונדערטער פֿון זיי אַליין געגראָבענע, כּדי אַרויסצורייסן מער ערד פֿון די וואַסערן. ווייל דאָס פֿאָלק, וואָס האָט איינגענומען גרויסע שטיקער וועלט, פֿעלט ערד ביי זיך אַהיים.

איינער אַזאַ געגראָבענער קאַנאַל פֿירט דירעקט צו דער עפֿענונג פֿון ים. מענטשלעכע אַרבעט, פֿון אַ מיזאַמען פֿאָלק, האָט געביטן דאָ דעם סדר פֿון בראשית. דו ביסט כּולו איינגענומען אין דער פּראַכט פֿון דער פּאַנאָראַמע, ווי דער ים האָט זיך געעפֿנט פֿאַר דיינע

אויגן און איז גרייט איינשלינגען דיין קליינע שיפל. אפשר דאָ, ווען דער ים האָט נאָך זיך ניט אַריינגעגאָסן אין שטאָט, האָבן געאַנקערט די יידישע פּליטים. איך זע באַשיינפּערליך ווי זייערע שיפלעך פאָרן צו צום באָרטן פון נייעם, פרעמדן לאַנד. דער צעשויבערטער ים ברענגט אָן אַ גרופּע נאָך אַ גרופּע צעשראָקענע יידן, ווייבער, קינדער. זיי זיינען מתפּלל, צווישן ים און יבשה, אַז דאָס לאַנד זאָל זיין פאַר זיי אַ האַפן — און עס איז געוואָרן, אויף הונדערטער יאָרן.

אָבער אָט פירט אונדזער שיפל דורך נאָך אַ געגראָבענעם קאַנאַל, צום ריין. דורך אים האָבן אַריינגעשטראָמט אַהער די אומריינע, די ברוינע האָרדעס, און פאַרטרונקען, אין בלוט און חורבן, דעם שיינעם קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע, וואָס האָט זיך גערופן: יידן אין האָלאַנד.

# פּאַריז און פראַנקרייך

פראַנקרייך איז דאָס פאָטערלאַנד פון די פראַנצויזן און דאָס צווייטע פאָטערלאַנד פאַר אַלע מענטשן. אַזוי גייט דער זאָג, שוין באַלד צוויי הונדערט יאָר, אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס. אָבער אַנשטאָט „פראַנקרייך" וואָלט מען געדאַרפט זאָגן פּאַריז, — און פּאַריז איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי פראַנקרייך. מיר דוכט, אַז אויך די פראַנצויזן באַטראַכטן פּאַריז ווי אַן עקסטעריטאָריאַלן טייל פון פראַנקרייך, און זיי זיינען גאָר ניט באַגייס־טערט פון דעם, וואָס די פרעמדע האָבן געמאַכט זייער הויפּט שטאָט פאַר אַ וועלט־קרעטשמע.

אין דעם ניינצנטן יאָרהונדערט איז פּאַריז געוואָרן די עיר המקלט פון דער וועלט, אַן אַנטרינונגס אָרט פאַר הונדערטער און הונדערטער, וועלכע האָבן ניט געפונען קיין היים אין זייערע אייגענע לענדער. דאָ זיינען אַדורכגעגאַנגען און האָבן זיך איינגענעסטיקט, אויף אַ קורצע צייט אָדער אויף שטענדיק, רעוואָלוציאָנערן און קינסטלער, פאַרפאָלגטע און אומרואיקע נשמות מכל המינים. און זיי האָבן עס אַרויפגעצויגן אויף דער שטאָט די פרייהייטס פאָן און איר געגעבן די אייגנאַרטיקע מיליע, וועלכע איז שווער צו דעפינירן. פּאַריז, אין דער פאָרשטעלונג פון דער וועלט, איז דאָס, וואָס די פרעמדע האָבן געמאַכט פון איר. דאָ האָבן געפונען אויפהאַלטונג די וועלט־רעוואָלוציאָנערן מאַרקס און לענין און קראָפּאָטקין, און משה העס (ווען ער איז נאָך געווען אַ חבר־מיטאַרבעטער פון מאַרקסן, איידער ער איז געוואָרן דער פאָרויסגייער פון ציוניזם און דער מחבר פון „רוים און ירושלים"). און אַרום זיי האָבן זיך גרופּירט

הונדערטער אַנטלאָפענע פון פאַרשיידענע לענדער. דאָ האָט געלעבט און געשאַפן היינריך היינע, ווען זיין פאָטערלאַנד איז אים געוואָרן פרעמד, און דאָ, אויף אַ שטילן בית עולם, האָט ער געפונען זיין רו. דער אומרואיקער ייד, אין וועמענס ברוסט עס האָבן געשלאָגן מער ווי צוויי ליבעס. אויך ניטשע האָט אויסגעביטן בערלין אויף פּאַריז — און דאָס מעג געוויס צוגעשריבן ווערן ווי אַ מענטשלעכער חוש דעם פילאָזאָף פון „איבערמענטש״. פּאַבלאָ פּיקאַסאָ און מאַרק שאַגאַל זיינען שוין פינף צענדליק יאָר די באַרימטסטע מאָלער פון פראַנקרייך, און זיי זיינען אויך ניט קיין פראַנצויזן. העמינגוויי איז אויפגעקומען ווי אַ שרייבער אין פּאַריז, און אַזוי צענדליקער אַנדערע שרייבער און מאָלער, גרויסע און קלענערע, וואָס זיינען אַלע געקומען פון דער פרעמד. (כיל אַראַנסאָן, אין זיין מאָנומענטאַלן בוך „בילדער און געשטאַלטן פון מאָנפּאַרנאַס״, ציילט אָן אַכציק יידישע קינסטלער, מאָלערס, וואָס האָבן ביז דער צווייטער וועלט מלחמה געלעבט אין פּאַריז. צווישן זיי אַזעלכע באַרימטע ווי אַמאַדעאָ מאָדעליאַנאַ, חיים סוטין, חנה אָרלאָוו, מאַנע קאַץ, אריה מעריזער, בען, אַרטור קאָלניק, לעאָפּאָלד גאָטליב, חנך גליטשענשטיין. דאָס רוב אומגעבראַכט דורך די נאַציס). אָבער ניט נאָר רעוואָלוציאָנערן און קינסטלער האָבן דאָ געפונען אַ היים. זינט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט יעדער וואָס האָט געהאַט אַ חלום, געוואָלט אים טראָגן קיין פּאַריז. צווישן זיי זיינען אויך געווען הונדערטער יידישע זין און טעכטער פון פּוילן. אָנגעלייענטע און אָנגעשטורעמטע מיטן ווילן צו פרייהייט, האָבן זיי, צווישן ביידע וועלט מלחמות, געשוואָרצט גרענעצן, כדי צו קומען אין דער שטאָט פון ליכט — און ווערן שניידער. זיי זיינען געשלאָפן אונטער די בריקן פון סען, געגעסן פרייהייט און געמאַכט רעוואָלוציע אויפן „פּלעצל״.

אין אַן אָוונט, זיצנדיק אין אַ קאַפע אויפן מאָנפּאַרנאַס, האָט מיך געזאָגט אַ צופעליקער באַקאַנטער: עס איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה, אַז דער מאָנפּאַרנאַס איז נאָך היינט די היים פון קינסטלער. אָבער אַרום אונדז, אין די קאַפייען, האָט געווימלט מיט הונדערטער באַהאַמיע־טיפּן פון דער גאָרער וועלט. מען האָט דאָ גערעדט אין אַ צענדליק לשונות. עס האָבן

זיך געליבט און געהיצט מענטשן פון אַלע קאָלירן. אין דעם געמיש פון קליידונג, ווײַן און רויך האָבן זיך געצייכנט פּנימער פון הונגעריקע, יונגע פֿאַנטאַזיאָרן, אידיאַליסטן, מיט חלום אין די אָנגעגליטע אויגן. זיי זײַנען אַלע געקומען אַהער צו געפֿינען אַ תּיקון פֿאַר זייער טאַלאַנט, אָדער נאָר פֿאַר זייערע אַמביציעס צו טאַלאַנט. פּאַריז איז זייער פּאָקוס. די געדעמפּטע ליכטער אויפֿן מאָנפּאַרנאַס, אין לאַטיינישן קוואַרטאַל, ציט זיי צו, ווי דאָס פֿייער ציט צו שמעטערלינגען אין דער נאַכט. דאָס אַלץ איז נאָך דער ירושה־גלימער פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין 1789, וואָס האָט אַן אָטעם געטאָן מיט פֿרילינג און אויפֿגעעפֿנט די אָרעמס פֿון פּאַריז פֿאַר דורשטיקע צו פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט.

## אַ שפּאַן צוריק

עס איז אַ צופֿאַל פֿון דער געשיכטע, וואָס גראָד אויף פּאַריז איז אויסגעפֿאַלן צו ווערן די מעטראָפּאָליע פֿון פֿרייהייטס־רעוואָלט. ביים אויסברוך פֿון דער רעוואָלוציע איז פֿראַנקרייך, צוזאַמען מיט שפּאַניע, געווען פֿון די סאַמע אָפּגעשטאַנענע לענדער אין אייראָפּע. ערשט אויף דער ירידה פֿון דער רוימישער אימפּעריע האָט פֿראַנקרייך, מיטן כּוח פֿון טשאַרלס דעם 8טן, זיך אָנגעהייבן אויפֿבויען ווי אַ מדינה. אָבער איטאַליע האָט געהאַט הינטער זיך אַ גלאָררייכע געשיכטע פֿון קריגס־פֿירער, פֿילאָזאָפֿן, טריבונען, פּאָעטן, וואָס האָבן געהאַט אויסגעווירקט זייער איינפֿלוס אין דעם קלאַס פֿון די פּאַטריצער און אין דעם גאַנג פֿון דער ציוויליזאַציע. רוים איז געווען די הויפּט שטאָט פֿון דער וועלט. זי האָט געהאַט אַ גרויסע מאָס פֿון כּמו דעמאָקראַטיע, דורכן סענאַט, צו וועלכן אויך די אימפּעראַטאָרן האָבן זיך אָפּט געמוזט צוהערן. עס האָבן ביי איר געליכטיקט אַזעלכע אויסגערופֿענע נעמען, וואָס זײַנען געבליבן אין דער קולטור־געשיכטע פֿון דער מענטשהייט, נאָך פֿון דער צייט ווען דער קריסטנטום איז אויפֿגעקומען: אָוויד, ווירגיל, ציצעראָ און סענעקאַ. שפּעטער האָט זי זיך באַרימט געמאַכט אין דער געשיכטע מיט אַזאַ היסטאָריקער ווי טאַציטוס, מיט די פּאָעטן דאַנטע און פּעטראַרקאַ; דער קינסטלער, נאַציאָ־

נאַלער פרייהייטס קעמפער און דערפינדער לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, די מאָלער ראַפאַעל און מייקלאַנזשעלאָ, און צענדליקער אַנדערע, די שעפערס פון דער קלאַסישער קונסט, אַרכיטעקטן און סקולפּטאָרן און מאָלער, וועלכע זיינען אויפגעקומען מיטן רענעסאַנס אין איטאַליע. רוים האָט איינגענומען די וועלט דורך אירע צוואַנציק צעזאַרס, אָבער אויך באַשאַפן געזעצן, און געבראַכט די לערע פון געזעץ אין דער וועלט. אָבער פראַנקרייך האָט גאָר ניט געהאַט פון דעם אַלעמען.

אויך דייטשלאַנד האָט דאַן פאַרמאָגט, אין פאַרגלייך צו פראַנקרייך, אַ סך מער קולטור, קולטור־פרייהייט און רעליגיעזע טאָלעראַנץ. עס איז שוין געווען דריי הונדערט יאָר זינט דער גרעסטער געשעעניש אין אייראָפּע, דער רעוואָלט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין דייטשלאַנד, דורך מאַרטין לוטער, קעגן דער קירך פון רוים. אָבער דער פּראָטעסטאַנטיזם, וואָס האָט זיך געהאַט איינגעבירגערט אין אַ גרויסן טייל פון דייטש־לאַנד, אין האָלאַנד און אין ענגלאַנד, איז ניט דערלאָזן געוואָרן אין פראַנקרייך. די הוגענאָטן זיינען דאָ פאַר־פאָלגט געוואָרן כמעט מיט דער זעלבער אכזריות ווי די יידן אין קאַטוילישן שפּאַניע. עס איז נאָך געווען פריש אין זכרון די „בארטעלאמיי נאַכט", ווען צען טויזנט פּראָטעסטאַנטן זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן אין פּאַריז, מיט דער שטילער הסכמה פון קעניג און קירך.

אין אַ צאָל לענדער פון אייראָפּע זיינען שוין געמאַכט געוואָרן דאַן קאָנטיקע דורכברוכן קעגן פעאָדאַליזם. דאָס איז געשען אַדאַנק די ערשטע טריט פון דער מאָדערנער אינדוסטריע און צוליבן אויפקום פון פרייער קאָמערץ, אין פאַרבינדונג מיט דער נייער וועלט, אַריבער דעם אַטלאַנטיק. אָבער אין פראַנקרייך האָט דער פעאָדאַליזם נאָך געהערשט מיט דער גאַנצער פאַרשקלאַפונג. אַמעריקע האָט טאַקע געהאַט צו פאַרדאַנקען דעם נצחון פון איר פרייהייטס־קאַמף די געהיימע הילף פון לואי דעם זעכצענטן. אָבער די הילף איז געווען אַ פּראָדוקט פון פראַנקרייכס אינטריגעס קעגן ענגלאַנד, כדי אויפצוהאַלטן איר אימפּעריאַליסטי־שע הערשאַפט אין די אייגענע קאָלאָניעס. פראַנקרייך, אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, איז געווען אַריינ־געשרויפט אין דעספּאָטיזם און מאָנאַרכיסטישער צעפוילטקייט, ווי קיין לאַנד נישט אין אייראָפּע. און

אפשר טאַקע דערפֿאַר איז דאָ אויפֿגעקומען די רעוואָלוציע, ווי דאָס זעלבע איז געשען, מיט הונדערט דרייסיק יאָר שפּעטער, אין רוסלאַנד.

## אידייען און מעשים

גייסטיקע אויפֿברויזן אַליין האָבן ניט קיין ממשות־דיקע ווירקונג אויף גרויסע היסטאָרישע געשעענישן. מיט אידייען אַליין מאַכט מען נאָך ניט קיין גרונטיקע איבערקערעניש. די שענסטע אידייען בלייבן אין ביכער, אויב זיי ווערן ניט אַרויסגעהאָלפֿן פֿון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אויפֿטרייסלונגען. די בייש־פּילן, דורך דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע, זיינען אומצייליקע. אין אונדזער אייגענער עפּאָכע האָבן מיר עס געזען מיט דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואָס איז געקומען אין די פּוסטריט פֿון דער ביטער־פֿאַרשפּילטער מלחמה פֿון צאַריזם, דורך ליידן און פּיין און הונגער פֿון די רוסישע מענטשן. אויך דער נצחון פֿון דער ציוניסטישער אידיי איז אַזוי געשען: ישראל איז אַ דירעקטער פּועל יוצא פֿון דעם אויסראָט פֿון מזרח אייראָפּעאישן יידנטום. ווייל די אידייע פֿון ציוניזם, ווי שיין און ווי ערליך און ריכטיק זי איז, וואָלט ניט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן אַזוי גיך, און געוויס ניט אין דער מאָס, ווען ניט דער ביטערער חורבן פֿון פֿאָלק, וואָס האָט ניט איבערגעלאָזן קיין אַנדער אויסוועג. אָבער דאָס מיינט ניט, אַז אידייען האָבן ניט קיין וויכטיקע באַדייטונג. אויב די ריכטיקע אידייען זיינען ניט צוגע־גרייט פֿון פֿאָרויס, וועט אַ סאָציאַלער אויפֿברויז פֿאַרנוצט ווערן אומזיסט. און די אידייען פֿאַר דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע זיינען געווען צוגעגרייט. אָבער די אידייען זיינען געקומען פֿון דער פֿרעמד.

די גייסטיקע פֿאָטערס פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע זיינען געווען רוסאָ און וואָלטער. רוסאָ איז געקומען פֿון זשענעווע. און וואָלטער האָט געלערנט דעם גייסט פֿון פֿרייהייט אין לאָנדאָן, ווי אַ פּאָליטישער אימיגראַנט, פֿון די פֿילאָזאָפֿן לאָק און יום. אין לאָנדאָן, און דורך דער ענגלישער ליטעראַטור, האָט זיך פֿאַר וואָלטערן אַנטפּלעקט אויך די וויסנשאַפֿטלעכע רעוואָ־לוציע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פֿון ניוטאָן, און וואָס קיין קלאָרע ידיעות וועגן דעם האָט נאָך ניט געגרייכט

צום פאָלק אַריבער דעם לאַמאַנס. אין ענגלאַנד האָט וואָלטער אויך געזען און געלערנט ווי עס ווירקט זיך אויס אַ דעמאָקראַטיע, אַ פּאַרלעמענטאַרישע־מאָנאַרכיע, וואָס איז דאָ שוין געווען איינגעפונדעוועט. אַלע דריי זאַכן — די פילאָזאָפישע אידייען, די וויסנשאַפטלעכע דערפינדונגען, און די דעמאָקראַטישע דערגרייכונגען — האָבן אים באַגייסטערט, עקזאַלטירט מיט גלויבן, אַז עס קומט אויף אַ נייע עפּאָכע, „די צייט פון שכל". און וואָלטערס „בריוו פון ענגלאַנד" זיינען געווען די ערשטע שטורעם־פייגל, וואָס זיינען אַריבער דעם קאַנאַל. דאָס האָט געבראַכט דעם פרייהייטס־אויפרודער אין פראַנקרייך. אין זיינע טריט זיינען געקומען די ענציקלאָפּעדיסטן, די פילאָזאָפן, וועלכע האָבן געוועלט נאָכטאָן ענגלאַנד — אָבער עס איז נאָך געווען אַ ווייטער וועג. ענגלאַנד האָט אין דער צייט שוין געהאַט דעטראָנירט 7 מלכים, און אָפּגעשניטן דעם קאָפּ פון אַכטן קעניג (טשאַרלס דעם ערשטן). אין פראַנקרייך האָבן נאָך געהערשט די הויף־מאַדאַמען. וואָלטער האָט נאָך ניט געפונען קיין היים אין זיין היימלאַנד — אויב ער האָט ניט געוועלט אַז זיין היים זאָל זיין די באַסטיליע. ער האָט געדאַרפט אַוועקוואַנדערן פון דער שטאָט — וואָס איז שפּעטער געוואָרן די צוציאונג פאַר היימלאָזע פרייהייטס קעמפער, פּאַריז. וואָלטער האָט אַ לעבן לאַנג פאַרבראַכט אין דער פרעמד — און פון ווייטן געשאָסן זיינע גליאיקע וואָרט־פיילן אין דעם קאַטויליש־מאָנאַרכיסטישן רעזשים, וואָס האָט ניט געוועלט אַרויס פון מיטלאַלטער.



וואָס באַדייטן די געשיכטלעכע ווידערקולות, וואָס איך הער דאָ, און די היסטאָרישע מעדיטאַציעס וואָס איך פיר דאָ — גייען זיי אַריין אין דער ראַם פון מיין רייזע, פון „אַ ייד אין דער וועלט"? יאָ, זיי האָבן שייכותן צום יידישן נעכטן, היינט און מאָרגן.

שוין שעהן ווי איך זיץ אין אַ ביסטראָ און קוק אַרויס דורכן פענצטער, צום פּלאַץ וווּ אַלפרעד דרייפוס איז דעהאָנאָרירט געוואָרן. אָט דאָ איז עס געשען, מיט 75 יאָר צוריק — מער ווי הונדערט יאָר נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע, וואָס האָט געזאָלט ברענגען

גלייכהייט און פרייהייט פאַר אַלעמען. און דאָך איז עס געשען — קעגן אַ יידן, נאָר ווייל ער איז געווען אַ ייד. אַלטע חשבונות. זינט דאַן איז שוין געשען — אַך, וואָס עס איז אַלץ זינט דאַן געשען צו יידן, און אויך דאָ, אין פרייען פראַנקרייך. אָבער דאַן, ביי דעם משפט קעגן דרייפוסן, איז דאָ אויך געווען דער ווינער זשורנאַליסט. אָט דאָ האָט ער עס אין אַ גייסטיקן פיבער אויפגעשריבן דעם „יודנשטאַאַט", ווי אַן ענטפער צום משפט איבער דרייפוסן. דערמיט איז געשען דער פּאָליטישער אָנהייב פון דער גרויסער יידישער רעוואָלוציע.

אַלע געשיכטלעכע געשעענישן האָבן שייכותן און באַריר־פונקטן.

# תל־אביב — געזען פון פּאַריז

עס פעלט ניט וואָס צו זען אין פּאַריז. דורות האָבן דאָ צוגעגרייט, דורך יאָרהונדערטער, צוגעגרייט און איינגעזאַמלט, אין בילד און אין שטיין, די געשיכטע פון אייראָפּע. אָבער אַ ייד פון אונדזער דור מוז, ווו ער זאָל ניט זיין, אַפילו אין פּאַריז, טראַכטן — וועגן זיך. ישראל איז ווי דער אַרכימעדישער פּונקט פון אונדזער לעבן; עס איז אַלעמאָל געווען די מאַגישע נעדעלע פון אונדזער קאָמפּאַס. צו איר איז געטריבן געוואָרן אונדזער וואַנדער־שיף דורך אַלע שטורעמס. איצט איז מדינת ישראל אונדזער ליכטיקער האַפן, צו וועלכן עס שווימען אַלע אונדזערע מחשבות.

גיי איך אַרום אין פּאַריז און טראַכט וועגן אונדזער אייגענעם כרך, תל־אביב.

אין תל־אביב פּאַרקויפט מען ערד אויפן שפּאַן. מען בויט הויז אויף הויז, אַ פענצטער אין אַ פענצטער. ווי וועט עס אויסזען אין — צוויי טויזנט יאָר אַרום?

אין מעטראָ פון פּאַריז האַלטן אַלע מענטשן אין איין געענעצן. זיי זיינען מיד, די מענטשן פון פּאַריז. און די לופט אין מעטראָ איז פייכט און דומפּיק. און די אייביקע נאַכט אין בויך פון דער ערד מאַכט שלעפעריק. דאָס האָט די שטאָט, די ציוויליזאַציע, אויסגעטראַכט אַזאַ פינצטערע מויזן־לאָך מיט גלאַנציקע אויגן. ווען איך גיי אַראָפּ אין מעטראָ פאַלט מיך אָן אַ שרעק. אַלץ וואָס איך וויל — איז צוריק אַרויס, צום ליכטיקן טאָג. אָן זון איז דער מענטש ווי אַ חיה אין אַ פינצטערע הייל.

עס איז טוריסטישע אַטראַקציע צו בלאָנדזשענען אין די שמאָלע גאַסן פון אַלטן פּאַריז. די נעמען פון די

גאַסן דערמאָנען אָפּט שטיקער געשיכטע. אָבער דאָס אַלץ איז גוט נאָר פֿאַר אַ שעה פֿון טוריסטיק. לעבן דאָ? איך קלעטער אויף פֿינצטערע טרעפּ, קוק אַריין אין שטיינערנע הייפֿן. מענטשן ווי פֿליגן צוזאַמענגעקלעפּט אויף פֿליגן פּאַפּיר. גרויע פּנימ׳ער. אַנעמישע קינדער. היימען אָן ליכט. שוואַרצע ווענט, וואָס שיילן זיך פֿון שימל. האַרטע, שטיינערנע ברוקן. איך פֿאַרייס דעם קאָפּ נאָך לופֿט, צום הימל, וואָס נישטאָ דאָ.

ווען אויך תל־אַביב זיין אַמאָל אַזוי? באַהיט זאָלן מיר ווערן.

— ● —

ווי גרויס איז פּאַריז? ווי גרויס זי זאָל ניט זיין, זיינען אירע קאָנטראַסטן גרעסער. די קאָנטראַסטן בייטן זיך ווי דאָס ליכט אויף פּיגאַל. אָבער די ליכטער אויף פּיגאַל בלענדן קאַלט און אומהיימלעך, בשעת די קאָנטראַסטן פֿון פּאַריז זיינען וואַרעמע שטראָמען.

זיי האָבן צייט געהאַט די אַמאָליקע דורות. האָבן זיי געפֿירט לאַנגע מלחמות, און אַז זיי האָבן זיך אָפּגערוט — האָבן זיי פֿאַרקריצט זייערע מלחמות אין שטיין־מאָנומענטן, געבויט טריומף־טויערן — איצט האָבן מיר פֿון דעם הנאה.

וויפֿל שיינקייט האָבן זיי דאָ אויפֿגעזאַמלט! אַלע פֿאָרמען, אַלע סטילן, פֿון אַלע קונסטן. יעדע עפּאָכע האָט איבערגעלאָזן איר שטעמפּל, זיך איינגעראָוורט און איינגעקריצט. די בולוואַרן, סקווערן און גערטנער. די וויטראַזשן פֿון נאָטער דאַם. די אויל־געמעלן אין לואַווער. די בריקן און מאָנומענטן. טיוואָלי און דער פּאַנטעאָן. די סאָרבאָן און שאַנס עליזיי. ניין, איך באַשרייב דאָ ניט פּאַריז. פֿון אַלע די ערטער און זאַכן וויל איך זען — תל־אַביב. וועלן מיר אויך אַמאָל זוכה זיין צו דעם?

— ● —

ווען מען האָט אַוועקגעלייגט דעם ערשטן שטיין אויפֿן אינדזל פֿון סען, מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, איז אונדזער פֿאָלק אַרויס אויף זיין גרויסן וואַנדער־וועג. וואַנדערער האָבן נישט קיין אָרט ווו צו פֿאַרקריצן

זייער געשיכטע — האָבן מיר זי איינגעראָלט אויף פאַרמעטן און געטראָגן מיט זיך. אָבער פון די אַבאַלעסקן און סטאַטועס אין פאַריז קען מען לייענען אויף יידישע געשיכטע — ווען מען קוקט אין זיי טיפער אַריין, און ווען מען ווייס וואָס צו זוכן. איך בין געשטאַנען אין לואווער, ביי אַ הייליקן בילד, פון מיט 500 יאָרן צוריק. עס זיינען צוגעקומען אַ גרופּע ישראל׳דיקע טוריסטן. דער פירער האָט, אין העברעאיש, דערקלערט אַלע ניואַנסן פון געמעל. אָבער וואָס פאַראַ שייכות דאָס האָט צו יידן — האָט ער ניט געזאָגט. האָט ער ניט געוווסט? די יידישע געשיכטע איז נאָך ניט געשריבן געוואָרן.

אַז משיח וועט קומען וועלן אַלע בתי מדרשים, פון אַלע ערטער פון יידישער צעשפּרייטקייט, זיך אויפהייבן און אַוועקפליען קיין ארץ ישראל . . . אַזוי האָבן פאַנטאַזירט אונדזערע אַלטע חכמים. ווי שיין עס איז געווען זייער פאַנטאַזיע.

איצט קומען מיר קיין ארץ ישראל. וויפל יידישע קונסט־ווערק וואָלט מען געדאַרפט אַהין איינזאַמלען. אָבער אין פאַריז זיינען עס ניט קיין קונסט־ווערק — דאָס זיינען צייכנס פון דער מענטשלעכער געשיכטע. דאָס האָט יעדע תקופה פאַראייביקט איר גאַנג.

וועלן אויך מיר עס קענען טאָן?

דערצו נייטיקט זיך צייט.

דערוויילע בויען מיר — אַן אָרט פאַר פליטים, אַ טיר, אַ פענצטער און אַ דאַך. אונדזערע טריומף־טויערן זיינען אַ ביימל אין מדבר. אונדזער טיוואָלי — אַ וועלדל אין נגב. אונדזער לואווער — דער הר הקדושים. אונדזער פּלאַס דע לאַ קאָנקער — אַ קיבוץ אין גליל.

פאַריז איז אַלט צוויי טויזנט יאָר.

אונדזערע צוויי טויזנט יאָר זוכט אויסדרוק, סטיל און פאָרם. וועלן מיר עס קענען געשטאַלטיקן אַמאָל ביי די ברעגן פון ירדן, ווי די פראַנצויזן האָבן עס געטאָן ביי די ברעגן פון סען?

# אין ווערסאַל

אַ ליכטיקער, האַרבסטיקער פרימאָרגן. דער וועג פירט קיין ווערסאַל, צו דער לוקסוס־ציטאַדעל פון דער פראַנצויזישער מאָנאַרכיע, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק אַריינגעשריבן אין די אַנאַלן פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

די בולאָנער וועלדער, וואָס זיינען די לונגען פון פּאַריז, אָטעמען איצט מיט האַרבסטיקן אַראָמאַט און זיינען פול מיט אַראָפּגעפאַלענע רויטע בלעטער. איך האָב שוין מיט יאָרן צוריק שפּאַצירט דאָ אין די פּאַרקן. פון הי זעט אויס פּאַריז אַזוי אַנדערש, שטיל, מיט אַזוי פיל נאַטור רחבות, ווי גאָר ניט האַרט דערביי וואָלט גערוישט שאַנס עליזיי. און ווי נאָר דער וועג פירט אַרויס פון פּאַרק, גיבן אַ שייך־אויף פּאָרשטאָטישע הייזער, אויך דאָרפישע היימען, גרינע לאַנדשאַפטן, איינגעטונקטע אין שטילער מנוחה, אין גוטער רו. ניט אומזיסט איז לואי דער פערצענטער אַנטלאָפן פון פּאַריז. די שטאָט, וואָס האָט דאַן געציילט קוים אַ האַלב מיליאָן, איז שוין פּאַר אים געווען צו טומלדיק, — ווען אַרום איז געווען אַזויפיל שטילע, שיינע רחבות. אָבער מיר קומען אַנטקעגן, איבער דעם שטילן וועג, געשיכטלעכע דערמאָנונגען פון גרויסן אויפרודער. אָט דאָ זיינען זיי עס דאָך געגאַנגען, די טויזנטער הונגעריקע פרויען פון פּאַריז, געגאַנגען קיין ווערסאַל — צו אויסקעמפן די רעוואָלוציע. אויף דעם וועג זיינען זיי צוריקגעגאַנגען, פירנדיק אין זייער געפאַנגענשאַפט די קעניגלעכע משפחה פון לואי דעם זעכצענטן. אין פאַנטאַזיע דערפיל

איך נאָך איצט זייער צאָרן, הער זייער געזאַנג. איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז יענער האַרבסטיקער מאַרש, פֿון די פּאַריזער פרויען, האָט צעהעלט אין אייראָפּע אַ זוניקע ליכטיקייט — הגם שפּעטער איז דאָ אַ סך מאָל געווען אַ ליקוי חמה.



אין ווערסאַל דערוואַרט מיר אַן אַנטוישונג — ווי אַלע מאָל ווען פֿאַר אונדז קאָנפֿראָנטירט זיך די רעאַליטעט אַנטקעגן אַ יאָרנלאַנגען טרוים. אָט דאָס איז עס — און פֿאָרט נישט מער, ווען אין דער פֿאָרשטעלונג, געבוירן פֿון ביכער, האָט עס געגלימערט מיט פֿאַנטאַסטיק.

די אַנטוישונגען, ביים גרייכן דאָס געגאַרטע פֿאַרפֿאָלגט מיך אַ לעבן לאַנג. איך געדענק נאָך גוט אַזאַ ערשטע געשעעניש. איך בין געפֿאָרן אין אַ ישיבה. דער טאַטע האָט מיך באַגלייט. אויפֿן גאַנצן לאַנגען וועג בין איך געווען אויפֿגעהייטערט, פֿול מיט גוטע דערוואַרטונגען, צו לערנען אין דעם נייעם אָרט, ווו איך האָב שטאַרק געוועלט קומען. אָבער אַזוי גיך ווי מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער ישיבה, איז אויפֿגעקומען אַ שאַרפֿער אומווילן אַריבערצוטרעטן די שוועל. דער טאַטע האָט ניט געקענט פֿאַרשטיין די ענדערונג, וואָס איז אויפֿגעקומען אין מיר פּלוצים. אָבער איך בין געבליבן פֿאַרשטילט, פֿאַרעקשנט און אַריינגעדרייט אין זיך, ניט געוועלט, און אויך ניט געקענט, געבן אַן אויפֿקלערונג וועגן דעם געפֿיל וואָס האָט מיך איבערוועלטיקט. איך האָב נאָר געאָנט, אַז עס איז מיר געווען גוט אין דעם ווילן צו קומען אַהער, אָבער דאָס גרייכן איז מיר ניט ניחא . . .

דאָס איז געשען מיט וואָסערע פֿינף און דרייסיק יאָר צוריק. זינט דאַן האָט יענע קוים פֿאַרשטאַנענע האַנדלונג זיך באַוויזן ווי אַ טיפּע כאַראַקטער אייגנשאַפֿט, וואָס גיט זיך מיר זעלטן איין צו איבערוועלטיקן. עס קומט מיך אַנטקעגן ביי קליינע און גרויסע געשעענישן. און וואָס שטאַרקער עס איז דער רצון און דער אידיאַל צו דערגרייכן, אַלץ שאַרפֿער דער אומווילן צו מאַכן דעם לעצטן טראָט; און מאַך איך דעם לעצטן טראָט, געטריבן פֿון שכל, צו גרייכן דאָס געגאַרטע, קומט אויף

אין מיר אַ דינער טרויער, אויף דעם וואָס די רעאַליטעט האָט צעשטערט די זיסע בענקשאַפט.

— ● —

דער אויטאָ פּאַרפּאָרט אין הייף פון פּאַלאַץ. אַזוי רייצט מיך צו טאָן אַ בונטאַרישער ווילן, כאילו איך וואָלט געדאַרפט דאָ קעמפן אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערן. אָבער אויך היינט ווערט נאָך אַן אָנגעלאָף פון וועכטער און פּאָליציי. זיי פּאַכן מיט די הענט און שרייען אַז מען טאָר ניט. איך דינג זיך. „פאַר וואָס טאָר מען ניט, נישטאָ מער קיין קעניג דאָ, און דער הייף איז אַזוי גרויס, קען אַריינעמען טויזנטער אויטאָס" — און מיך טוט הנאה פון דעם שפּיל, וואָס איך שטעל זיך דאָ קעגן דער מאַכט . . .

איך האָב פיינט צו גיין דורך פרעמדע הייזער, אַריינקוקן אין פרעמדע שלאָף־צימערן, אפילו ווען דאָרטן האָבן געשלאָפן מלכות מיט מלכים. און ליידיקע פּאַלאַצן זיינען אויך נודנע, אפילו ווען זיי זיינען פול מיט אַנטיקן. פוסטע היימען, וווּ עס לעבן ניט קיין מענטשן, ווערן חורבות און עס באַזעצן זיך אין זיי שדים. אַזוי פלעגן אַמאָל זאָגן יידן. היינט טראַכט איך, אַז יענע יידן זיינען גאָר ניט געווען אַזוי אויסן וועג. זיי האָבן געגלויבט אין ישוב, אַז מענטש באַלעבט אַלע זאַכן מיט זיין אָטעם, און אַז וווּ עס איז ניטאָ קיין מענטשלעך לעבן, דאָרט איז חורבן, עס פּאַרקלייבן זיך אַהין פינצטערע מחבלים. אָבער נאָך יינגלווייז האָבן מיך געצויגן חורבות, אַט דאָרטן וווּ עס האָט געלעבט די אָרעמקייט, און פוסטע קלויזן, וווּ עס דאַוונען ביינאַכט די טויטע. אין מיר האָבן געפיבערט מיסטישע טרוימען, אָנגעאָטעמטע פון ספרים און פון מיין סביבה. איך בין געווען קוים נאָך בר מצוה, ווען איך האָב ריזיקירט דאָס לעבן און דורכגעציטערט אַ גאַנצע נאַכט אין אַ פוסטע שול, צו הערן ווי עס דאַוונען מתים. אָבער יענע פחדימדיקע נאַכט האָט ניט אויסגעהיילט מיין תשוקה צו אַריינבליקן אין ערטער וווּ דאָס לעבן האָט זיך אויסגעלאָשן.

— ● —

די זאַלן פון ווערסאַל זיינען אָנגעפילט מיט אַנטיקן

— צונויפגעשלעפּט מיטן כּוח פון דריי מלכים, וואָס האָבן דאָ געקעניגט. אָט דאָ זיינען זיי געגאַנגען. דאָ האָבן זיי געהוליעט. ווי האָבן זיי זיך דאָ איינער דעם צווייטן געפונען, אין אַזוי פיל זאַלן און צימערן . . . אָט איז אַ טרעפּ, וואָס נאָר דער מלך מיט דער מלכה האָבן געמעגט גיין אויף אים. איצט טרעטן דאָ טויזנטער פיס פון נייגעריקע באַזוכער, און דעם טרעפּ אַרט עס ניט. די שטולן, אויף וועלכע עס זיינען געזעסן מלכים, ווען מען האָט אָנגעטאָן אויף זייערע קעפּ קרוינען, קימערט ניט וואָס זיי שטייען ליידיקע. אין טראָן־זאַל הענגט אַ פּאָרטרעט פון נאַפּאָליאָן. אָנגעטאָן אין שמאָכטעס פון ערמעלין, קוקט ער אויס ווי אַ פּורים שפּילער. מען זעט באַשיינפּערליך אַז ער האָט זיך געפילט גוט נאָר אין אוניפאָרם, מיט דער האַנט פאַרשטעקט אין בוזעם. אָבער די מאַכט־גלוסט האָט פאַרנאַרישט אויך דעם קלוגן קאָרסיקאַנער און ער האָט פאַרביטן זיין פערד אויף אַ טראָן.

יידן, וואָס זיינען געווען אומעטום, געפינט מען ניט אין די געשיכטע־בלעטער וועגן דער בורבאָן דינאַסטיע. איז גאָר ניט געווען אַ ייד, וואָס זאָל זיין אַ מקורב למלכות? אין אַלע דייטשע פּראָווינצן זיינען אין דער צייט געווען „הויף יידן”, צושטעלערס פון פּראָוויאַנט, מעקלערס, מלוים, וועלכע האָבן אַנטליען געלט די פּרינצן. אין שפּאַניע זיינען פריער נאָך געווען יידישע וויזאָרן, פינאַנס פאַרזאָרגער אין די קעניגלעכע הייפן. אַזוי אויך אין די פּראָווינצן פון איטאַליע. אין פראַנקרייך ווערן אַזעלכע יידן ניט דערמאָנט. ווי זיינען זיי אויסגעקומען אָן יידן . . . אָבער אויף דעם סאַמע חשובסטן אָרט אין פּאַלאַץ פון ווערסאַל, אין דער קליינער קירך, אַריבער אַלע בילדער און פיגורן, העכער פון אַלטאַר, ליכטיקן פיר אותיות אין לשון קודש: דער נאָמען פון גאָט.

אין בודואַר פון מאַדאַם פּאָמפּאַדו ליגן די דיוואַנען, ווי דאַן ווען דאָ האָט געדרישט מיט לעבן. אויף די ווענט הענגען די זעלבע מאַלערייען. איך טאַפּ אָן אַזאַ דיוואַן. אויף אים האָט זיך געוואַלגערט לואי דער פופצעטער, ביי די פיס פון זיין געליבטער — און פון דעם בודואַר האָט מאַדאַם פּאָמפּאַדו געפירט פראַנקרייך. אין אַ צווייטן אַזאַ סאַלאָן שטייט נאָך די בעט, אין וועלכער עס איז געשלאָפן די האַמסבורגער פּרינצעסין, די ווילדע

ווייב מאַריאַ אַנטאָנעט. דאָ האָבן אירע קאַפּריזן און הוליאַנקעס „צוגעגרייט" דאָס קומען פון דער רעוואָ־לוציע. פון דאָ האָט זי עס אינטרעגירט יאָרן לאַנג, ביז זי האָט דערפירט איר מאַן און זיך אונטער דער גילאָטינע — ווו פראַנקרייך האָט פאַרשניטן איר מאָנאַרכיע.

אין שפּיגל־זאַל, אויפן טיש פון לואי דעם פופצנטן, איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער שלום־פּאַקט, אין יוני 1919, וואָס האָט געזאָלט מאַכן אַ סוף צו מלחמות. אָבער 36 יאָר שפּעטער זיינען דאָ געזעסן, ביים זעלבן טיש, די וועלכע האָבן מנצח געווען קעגן דער בלוטיק־סטער חיה, אין דער גרעסטער מלחמה פון דער וועלט־געשיכטע. און שפּעטער האָט מען דאָ ווידער געחתמעט דעקלעראַציעס פון פעלקער־פריינטשאַפט, גוטע ווונטשן און שיינע ווערטער. איצט זיצן דאָ דערביי, אין פּאַריז, פאַרהאַנדלערס, אָפּצושטעלן די צוואַנציק יאָריקע מלחמה אין וויעטנאַם.

אויפן אַריינפאָר צום פּאַלאַץ, אַנטקעגן די גערטנער און באַסיינען, שטייט אַ פּאַריסענער אויפן פיעדעסטאַל לואי דער פערצענטער. דריי הונדערט יאָר זיינען אַוועק זינט ער האָט די פּאַלאַצן דאָ געבויט. וואָס איז אַ פּאַלאַץ? אַ הויז, נאָר מיט מער נאָך ציגל און שטיינער. נאָר געמיינט האָט דער בויער, אַז זיין דינאַסטיע פון די בורבאָנען וועט דאָ לעבן אייביק. געלעבט האָט עס אָבער נאָך קוים צוויי דורות. און ווערסאַל איז געבליבן — אַ הכנסה־אָרט פון טוריסטן און אַ פּלאַץ צו אונטער־שרייבן שיינע פעלקער־דעקלעראַציעס . . .



דער וועג פירט דורך פאָנטיין בלאָו — אַ צווייטער נעסט פאַר קעניגלעכן ווילטאָג. די וועלדער שטייען האַרבסטיק אומעטיק און שיין. פאַר וואָס איז זיי געקומען, די צעבאַלעוועטע הערשער, צו פאַרשטיין און צו געפינען אַזוי פיל שיינקייט.

מיר פאָרן דורך בורגונדיא, אין האַרץ פון וויין־לאַנד, וואָס איז אויך רייך מיט אייל און האָניק. די ריחות שכורן ווי דער זאַפט פון טרויבן. דערפער, היימען אויסגעוואַשענע אין וויין, איינגעטוליעט אין גרינס. מיר שטעלן זיך אָפּ אין אַ דאָרפישן האָטעל, וואָס ליגט ביי

אַ טייך. אַלע הייזער זיינען אַלטע, אפשר טויזנט יאָר, אפשר מער. זיי האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן זייער געבורט־מעטריקע. נאָר אויף אַלע הייזער טורעמען אַנטענעס פאַר טעלעוויזיע. דער צייט־גייסט האָט אויך דאָ דערגרייכט, — אָבער ניט צעשטערט די רו און דעם ריטעם.

די נאַכט זאַרט אונדז אָפּ אין דיזשאָן, די קרייז שטאָט פון בורגונדיא. דאָ דאַרף זיין אַן אַלטע, שיינע בית התפילה. דאָ האָבן געלעבט יידן. זיי האָבן געגרייכט אַהער אין 12־טן יאָרהונדערט. אַהער זיינען אויך געקומען יידן נאָכן גירוש פון ענגלאַנד, — כדי באַלד פאַרטריבן צו ווערן אויך פון הי, צוזאַמען מיט אַלע יידן פון פראַנקרייך. און ווידער זיינען אַנדערע געקומען. געווען דאָ אַ שיינע קהילה ביזן אויסראָט דורך די דייטשן. און היינט? די פראַנצויזן האָבן געפירט מלחמות און געהאַט מפלות. די אָקופּאַנטן זיינען געקומען און אַוועק, און די פראַנצויזן זיינען געבליבן, אויף זייער ערד, אין זייערע מאָלערישע דערפער, אין זייערע קירכעס און אויף זייערע בית עולם׳ס. נאָר אונדז, ווען אַ שטורעם רייסט אַרויס, פאַרוויט דער ווינט אונדזערע שפורן. אין יעדער דאָרף איז פאַראַן עפּעס צו זען, אַ מוזיי, אַ פלאַקאַט, וווּ עס האָט געלעבט ווער און ווען. אין דאָרף דאַליי ווייזט מען אונדז אָן אויפן הויז וווּ עס איז געבוירן געוואָרן לואי פאַסטער. איך ווייס, אין די געגענטן דאָ זיינען אויך געגאַנגען יידן, אין די צייטן פון ראב״ד, אין די צייטן פון די חכמי צרפת, אָבער קיין זכר איז ניט געבליבן. פראַנקרייך באַרימט זיך ניט מיט יענע גרויסע יידן. און מיר אַליין — געטריבן פון שטורעם צו שטורעם, האָבן ניט קיין צייט און קיין כוח צו אויפשטעלן געדענק־צייכנס אויף אַלע ערטער וווּ אונדזערע טריט האָבן דורכגעוואַנדערט. מיט די שטיינער פון אונדזערע נעכטיקע בית עולם׳ס פלאַסטערט מען שוין היינט גאַסן פון זייערע שטעט. און אונדזערע בתי תפילה, דאָרטן וווּ מען האָט זיי ניט פאַרוואַנדלט אין שטאַלן און קלובן, שטייען אָן זייערע שומרים, פאַרלאָזענע, נעסטן פאַר פייגלען.

## קיין פערנעי

איך ווייס ווויל, אַז דאָס איז פון יענע פוסטע חלומות, וואָס היינט דאַרף מען זיך גאָר שוין שעמען מיט דעם, פונדעסטוועגן גיב איך איצט נאָך דעם ווילן און פאָר אַהין ווו עס האָט אָפּגעלעבט אַ סך יאָרן דער פילאָזאָף, פּאָעט, דראַמאַטורג, היסטאָריקער און קעמפער פאַר פרייהייט, דער גייסטיקער פאָטער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: וואָלטער.

געוויס איז נאַריש היינט אַזאַ „עולה רגל" זיין, נאָך דעם אַלעמען וואָס איז געשען צו אונדז אין אייראָפּע. אָבער אפשר גראָד דערפאַר ציט מיך צו אַריינפאָרן אין דעם היים־אָרט פון דעם, וואָס איז פאַרעכנט ווי דאָס גרעסטע ליכט פון דער אויפקלערונגס עפּאָכע, פון הומאַניזם. קען זיין, אַז מיין רייזע איצט איז אַזאַ גייסטיקער מאַזאכיזם, הגם איך גיב זיך ניט אָפּ וועגן דעם קיין קלאָרן חשבון; עס הייסט: לאָמיך אָנקוקן דעם אָרט פון דעם גרויסן טרוימער, וויסנדיק אַז זיין חלום איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט אין אונדזער דור.

וואָלטער האָט געשריבן:

„איך האָב זיך איצט באַקענט מיט דער געשיכטע פון רעוואָלוציעס, וואָס די וועלט איז אַדורכגעגאַנגען במשך פון לאַנגע יאָרהונדערטער. און וואָס האָבן די קאַמפן און מלחמות דערגרייכט? פאַרוויסטונג און דאָס אומברענגען מיליאָנען מענטשן. יעדע גרויסע געשעעניש אין דער געשיכטע איז אַ גרויסער אומגליק. די געשיכטע איז ניט מער ווי אַ לאַנגע קייט פון אומנוציקע אכזריות, און די פאַרשרייבערס פון געשיכטע האָבן איינגעזאַמלט אַ קאָלעקציע פון פאַרברעכנס און נאַרישקייטן. עס געשעט אַז מיר טרעפן זיך אָן אין דער

געשיכטע אויף אויסנאַמען, אויף צייטווייליגע רו־הפסקות. אָבער אַזעלכע זיינען ווי צעוואָרפענע קליינע ישוב־אינדזלען אין אַ גרויסן, ווילדן מדבר. נאָר וויבאַלד די נאַטור האָט פאַראַנקערט אין דער מענטשלעכער האַרץ גלוסטעניש, שטאָלץ, און אַ ווילן צו אייגנבוץ, איז גאָר ניט קיין וווּנדער וואָס די געשיכטע איז איין קייט פון פאַרברעכן און אומגליק".

געמיינט האָט וואַלטער אַז ער סומירט די פאַרגאַנגענהייט, אויפן שוועל פון אַ ליכטיקן בראשית פאַר דער וועלט, פון פינצטערניש צו קולטור, פון רעליגיעזן האַס צו טאָלעראַנץ, צו דער השפעה פון ליטעראַטור און קונסט, פאַר דעמאָקראַטיע און פרייהייט. פאַר איך קיין פערנעי, צו אָפּגעבן וואַלטערן אַ באַריכט און אַ גרוס...

געוויס קען איך אויפן וועג ניט פאַרגעסן אויך, אַז דער פּאָעט מיט דער ליכטיקער פאַנטאַזיע האָט יידן ניט געזען מיט וואַרעמקייט און מיט געפיל. טעאָרעטיש האָט ער זיך אויך איינגעשטעלט פאַר יידן, לויט זיינע מאָראַלישע אידייען, אָבער ער האָט יידן ניט געקענט, און נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען דעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע. אויך וועגן דעם קען מען אָפּגעבן וואַלטער'ן אַ גרוס...



וואָס נענטער מיר קומען צום ציל, אַלץ שווערער ווערט דער וועג. ווי האָט זיך דער אַכציק יאָריקער פילאָזאָף דורכגעשלאָגן דאָ, צוריק קיין פּאַריז, ווו ער האָט פאַרענדיקט זיינע לעצטע טעג? מיט קנאַפּע צוויי הונדערט יאָר צוריק, מיט פערד און וואָגן, ווען אַפילו דער איצטיקער צרה'דיקער וועג וואָלט געווען אַ לוקסוס — ווי האָט אַן אויסגעצערטער אַלטער מאַן עס דורכגעהאַלטן.

דער וועג טוט זיך אַ שאַרפן קער, מיר פאַרנעמען זיך אין אַ קייט פון בערג. מיר שטייגן אַלץ העכער. דער באַרג איז פאַרלייגט מיט שניי. און אָט איז שוין אַלץ אַרום ווייס. קיין ישוב, קיין מענטשן. מיר זיינען אַליין אין אַ ליכטיקע וועלט פון כולו שניי. אָבער אויפן סאַמע באַרג־שפּיץ כאַפּט אונדז אַריין אַ שנייאיקער שטורעם. דער אויטאָ גליטשט זיך. און אָט טאַקע דערזעען מיר אויטאָס, וואָס ליגן אויסגעגליטשטע, אָוועקגעשליידערטע ביי די ראַנדן פון שמאָלן וועג. אַ

הויז דערביי, אָבער פֿאַרמאַכט טיר און לאָדן. צוריק פֿאָרן קען מען ניט. מיר דערבליקן מענטשן. מיר שרייען, פֿרעגן: איז דאָס דער ריכטיקער וועג קיין זשענעווע? אָבער דער שטורעם שרייט אונדז איבער, כאַפּט אַריין אונדזערע קולות אין געדריי פֿון דעם שניי און טראָגט אַוועק אונדזערע קולות צווישן בלויען הימל און דער ווייסער ליידיקייט.

ניט אַנדערש נאָר ווי דער שטן האָט זיך פֿאַרשטעלט אין אַ ווייסן שטורעם, זיך צו רייצן פֿאַר דער נאַרישקייט, וואָס אַ ייד פֿאָרט גאָר היינט קיין פּערנעי — אַנשטאָט קיין דאַכאַו. אָט בין איך שוין וואָכן אין איירָאָפּע, און שוין ניט צום ערשטן מאָל, און קרייז אַרום און אַרום דייטשלאַנד, אָבער מייד אויס אַריינצופֿאָרן אַהין. עס איז מער ווי נאָר דער אומווילן צו טרעטן אויף דער דייטשער ערד. עס איז — מורא. וואָרום זיין אין דייטשלאַנד מיינט פֿאַר מיר פֿאָרן קיין דאַכאַו, און אויף דעם פּעלט כוח. געפֿין איך פֿאַרענט־פֿערונגען, שכלדיקע איינוועגדונגען, אַז דאָס איז ניט נויטיק. איך ווייס דאָך סיי ווי ניט דעם פּינקטלעכן קבר־אָרט פֿון טאַטן, טאָ איז ניט שייך צו פֿאָרן אויף קבר אבֿות. און צי דאַרף איך דען זיין אויף די מאַסן־קברים דאָרט — ווען זיי זיינען סיווי אַזוי טיף פֿאַרקריצט אין האַרץ און זכרון. אַזוי זאָג איך צו זיך. אָבער די פֿאַרענטפֿערונגען פֿאַרשטילן ניט דעם גערַאַנגל אין מיר. יעדעס מאָל ווען די פּיס מיינע באַטרעטן די ערד פֿון איירָאָפּע, גייט אויף אין מיר דער געראַנגל. ער האַלט אָן דורך אַלע טעג און נעכט פֿון מיין זיין דאָרטן. אָט ביסטו אַזוי נאָענט פֿון דאַכאַו, פֿאַר וואָס מיידסטו עס אויס, גייסט ניט אַהין, צו זיין כאָטש אויף אַ ווײַלע אַ שומר אויף די קברים דאָרט, צו אָנטאַפּן די ליימיקע ערד, ווו געשוואָלענע פּיס זיינען געזונקען, צו זיצן דאָרטן אַ ווײַלע אין פֿאַרזונקענער שטילקייט, ווי שטיל עס זיינען די מאַסן־קברים דאָרטן. דו האָסט מורא. דו שוינסט זיך דאָס געזונט. דו ווילסט ניט לאָזן דורכשווידערן אין זיך די פּיין. דו אַנטלויפֿסט פֿון די זכרונות.

אָט אַזוי ביטערט אין מיר דאָס געוויסן.

איך פֿאָר קיין פּערנעי, אָבער אויף אַלע וועגן קומט אַנטקעגן דאַכאַו.

סוף באַריג. דער שטורעם טרעט אָפּ. מיר נידערן

אַראָפּ, ביים ראַנד פון פעלדז, אין אַ זיגזאַגישע נידערונג. דער וועג ברענגט אַ דערמאָנונג, וואָס איז געבליבן אָפּגעקריצט אין זכרון. עס איז ערב דעם איינבראָך פון היטלערס ממשלה. טויזנטער יידן ווערן געטריבן פון דאַכאו און די אַרומיקע לאַגערן, אויפן וועג קיין טיראָל. אויפן דריטן טאָג פון דעם טויטן־מאַרש האָט אָנגעיאָגט אַ סטאָפּעט, וואָס האָט באַפוילן פאַרקערעוון אונדזער מחנה ערגעץ אין אַ לאַגער, ביים וועג. דאָרטן זאָל מען די מחנה אָפּשטעלן און די וועכטער דאַרפן אַנטלויפן, וואָרום די אַמעריקאַנישע אַרמיי האָט אָפּגעשניטן דעם וועג פאָרויס.

מיר האָבן זיך געפונען אויף אַ הויכן באַרג. אונטן איז געלעגן אַ שטעטל, הייזער, היימען, וואָס האָבן געליכטיקט אין דער זון פון פרילינג, געשמעקט מיטן אויפבליענדיקן מאַי. פלוצים זיינען פון אַלע זייטן אָנגעלאָפן סאָלדאַטן, אין די הונדערטער. זיי האָבן זיך געיאָגט באַרג אַראָפּ, מיט די ביקסן אין די הענט, געשפרונגען דורך די קוסטעס, איבער די שאַרפע אָפּהאַנגען, אויסמייַדנדיק דעם שאָסיי. דער וועג, אַ פאַרדרייטע שלאַנג, מיט שאַרפע בויגונגען און שיפּועות. אונדזערע וועכטער זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ שיגעון און געטריבן די מחנה באַרג אַראָפּ, אין אַ ווילדן גאַלאָפּ. געשוואָלענע פיס פון טויזנטער ברעכן זיך איין, לויפן, פאַלן. לעצטע טריט צו פרייהייט, און נישטאָ קיין כוח עס צו גרייכן. ווער עס פאַלט אַרויס פון דער מחנה בלייבט שוין ליגן אַ פאַרצאַפּלטער ביים ראַנד פון וועג, ביים ראַנד פון אָפּגרונד, מיט אויסגעלאָשענע בליקן אין די אויגן. אין לעצטן קראַמף פאַרן לעבן ווערן די חושים אָנגעשפּיצט, שאַרף, רייסן זיך צום לעבן. אָבער דער גוף פאָלגט ניט. קיינער קוקט זיך שוין ניט אום אויף די געפאַלענע. די וועכטער זיינען פאַרנומען מיט זיך. בלייבן די געפאַלענע מיט זייער אייגענעם גורל. די מחנה, וואָס טראָגט זיך אין געלאָף, יאָגט אַריין אין אַ לאַגער — צו אָפּוואַרטן די באַפרייאונג.

פאַראַן ריחות, קולות, לאַנדשאַפטן, סיטואַציעס, שטומע בילדער, דורכשוועבנדיקע געשעענישן, זאַכן אַלץ וואָס זעצן זיך אָפּ אין אונדזער זכרון, פאַרקאָנספּי־רירן זיך אין די מאַרך קעמערלעך. מיר קלערן ניט וועגן זיי. אָבער ווי נאָר מיר דערהערן אַזאַ קול, דערפילן דעם זעלבן ריח וואָס איז געבליבן באַהאַלטן אין אונדז,

דערזעען אַן ענלעכע סיטואַציע — אַזוי באַלד טייעט אויף דאָס וואָס איז געווען פאַרשטילט אין זכרון. אין מיר לעבט די דערמאָנונג פון יענעם געלאָף, אויפן וועג קיין טיראָל. און יעדער באַרג, ווו ער זאָל ניט זיין, ברענגט צום לעבן מיט אָפּטישער שאַרפקייט יענע בילדער. אויך דאָ געשעט עס אַזוי. מיר נידערן פון אַ באַרג אין פראַנקרייך. אָבער מיט דער מחשבה און מיטן געמיט לאָז איך זיך אַראָפּ ערגעץ ווייט, אין שטח און אין צייט.

איך טראַכט דערביי, אַז אויך צוליב דעם עצם רייזע האָט דער באַרג מיך דערמאָנט אַזוי שאַרף יענע פאַרגאַנגענהייט. ווייל ביידע בערג האָבן אַ שיכות — צוליב זייער אַנטיפּאָדישקייט. הינטער אָט דעם באַרג דאָ איז געשפּונען געוואָרן די אידיי פון הומאַניטעט, דער גלויבן אַז אָט קומט שוין אויף אַ שיינע וועלט, וואָס וועט ניט דערלאָזן מלחמות און מענטשלעכן האָס. אָבער יענער באַרג, אויפן וועג קיין טיראָל, איז דער קעגנזאַץ. איז ער געבליבן פאַרקריצט אין מיין געדעכעניש ווי אַ הר אבל אין אייראָפּע; אַ סימבאָל פון גרעסטן מענטשלעכן שלעכטס, וואָס איז אָנגעגאַנגען קעגן יידן און קעגן אַלע הומאַנע אידיאַלן. און אויף יענעם באַרג האָב איך אויך געזען ווי די חיה האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אין תהום אַריין.

צוויי בערג, צוויי סימבאָלן.

עס איז פאָרט כדאי צו פאָרן קיין פערנעי.



מיר שטעלן זיך אָפּ אין אַ קליינעם דאָרף, ביים אָפּהאַנג פון באַרג. מיר זיינען מיד און דורכגעשווידערט פון וועג, אָבער אויך איינגענומען פון דער רחבות, וואָס אונדזערע אויגן האָבן געזען. מיר רוען אין דער דאָרפישער קרעטשמע, צווישן מענטשן וואָס גייען מיט שטילע טריט און ריידן שטילע רייד. דער באַרג הויערט איבערן דאָרף. אפשר דערפאַר פירן זיך די מענטשן דאָ אַזוי קליין, אַזוי באַשיידן. אין אָנגעזיכט פון דער מאַכטיקייט פון דער נאַטור מוז מענטש פילן זיין אָנמאַכטיקייט.

די שטעטל פערנעי איז דערביי, און אָט זיינען מיר שוין דאָ. די שטעטל האָט זיך צוגעלייגט אַ נאָמען, דעם

נאָמען פון דעם וואָס האָט איר אויסגעווילט און באַשיינט. הייסט דאָס שטעטל היינט פערנעי־וואָלטער.

די נחלה, ווו וואָלטער האָט אָפּגעלעבט דרייסיק יאָר, איז ביים ראַנד פון שטעטל. ניטאָ קיין שילד, קיין אויפשריפט, וואָס זאָל אָנווייזן אויפן וועגל צו דער פאַרם. אין זיין צייט האָבן אָבער אַהער געטראָפן פילאָזאָפן און דיכטער, די גייסטיקע זוכערס פון יענער תקופה. זיי זיינען געקומען צו הערן זיין וואָרט, אים צו זען, זיך צו וואַרעמען אין זיינע ליכטיקע חלומות פאַר דער וועלט. פערנעי איז דאַן געווען אַ גייסטיקער צוציאונגס אָרט פאַר די גלויביקע אין הומאַניזם.

אַ רעגן שפּיזלט דין און קאַלט. איך גיי אַרום דעם פאַרם, וואָס איז פאַרצוימט מיט אַ הויכע וואַנט. דאָס האָט נאָך דער פילאָזאָף אַליין געלאָזט בויען, כדי זיין באַשיצט פון פראַנצויזישן טראָן, פון די מאַכטיקע און שטאַרקע, פון די אַלע וועלכע האָבן אים געוועלט שלעכטס טאָן. אויך די ביימער, וואָס קוקן אַריבער דעם פלויט, האָט ער געלאָזט פלאַנצן. ער האָט זיך אַליין געמיט אין דער לאַנדווירטשאַפט, צווישן איין בוך און אַ צווייטן, צווישן אָנשרייבן אַ דראַמע און אַ ליד, אַן אַרבעט פאַר דער ענציקלאָפּעדיע און אַן אָפּהאַנדלונג וועגן געשיכטע. ער האָט געלעבט מיט דער נאַטור און מיטן כוח פון וואָרט, אין האַרמאָניע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פילאָזאָף.

אַ גרויסער אייזערנער טויער פירט אַריין צום פאַרם. אָבער דער טויער איז פאַרמאַכט. דורך די שפּאַרעס זעט מען דאָס הויז, ווו וואָלטער האָט געלעבט. עס קומט אַרויס אַ פרוי פון דעם וואַך־הויז. זי זאָגט, אַז מען קען ניט אַריין, ווייל די שליסלען געפינען זיך אין זשענעווע, ביים קאָמיטעט וואָס פּאַסט אויף דאָס מוזייאום־הויז. זשענעווע איז אַריבער דער גרענעץ, נאָר עטלעכע טריט פון הי. דערפאַר האָט דאָך וואָלטער דאָ אויסגעקליבן זיין וווין־אָרט. אין זשענעווע האָט מען אים ניט אַריינגעלאָזן און פּאַריז האָט אים פאַרפאָלגט. האָט דער פילאָזאָף געלעבט אַזוי ווי אין אַ „קיינעמס לאַנד״. ווערסאַל איז געווען צופרידן, אַז דער פילאָזאָף, וועמענס געדאַנקען עס זיינען געווען דינאַמיט קעגן טראָן, לעבט כאָטש ווייט פון פּאַריז. און וואָלטער איז דאָ געווען זיכערער מיט זיין פרייהייט. ווייל ווי נאָר ער דערוויסט זיך, אַז דעם קעניגס שליחים קומען נאָך אים — קען

ער זיך אַריבערקריגן די גרענעץ אין זשענעווע, כאָטש אויך דאָרטן גיט מען אים ניט קיין שטענדיקן אַזיל. האָט דער גרעסטער גייסט פון זיין צייט געלעבט אין דעם פאַרוואָרפענעם העק, און פון דאַנען האָבן זיינע אידייען דערגרייכט און באַווירקט מענטשן אומעטום.

אויפן ווייכן זאַמד־וועג ליגן שטיינער. איך נעם אין האַנט אַזאַ שטיין און איך זאָג צו זיך: קען זיין אַז וואלטערס פינגער האָבן אָט דעם שטיין באַרירט — און עס איז אַ גוטער געפיל אַזוי צו טראַכטן.

# אַ לאַנד פון צווייאיקייטן

די איבער אַכט מיליאָן בעלגיער לעבן אין ענגשאַפט. 283 נפשות אויף אַ קילאָמעטער, וואָס מאַכט דאָס לאַנד פאַר דער געדיכט־באַפעלקערטער אין דער וועלט. פונדעסטוועגן האָט בעלגיע ניט געזאָגט „צר לי המקום", אַז עס איז איר ענג, ווען עס איז געקומען אויפצונעמען יידישע פליטים, ערב דער צווייטער וועלט מלחמה. און אָט דאָס איז מיין ארשין, די מאָס מיט וועלכע מען קען היינט מעסטן אייראָפעאישע פעלקער און לענדער: ווי האָבן זיי געהאַנדלט אין צייט פון יידישן אומקום. און ווייל די בעלגיער, ווי אַ כלל, האָבן געהאַנדלט מיט גרויס איינזען צו יידן, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע מדינות, — בין איך דאָ אַ סך זאַכן מוחל...

איך בין מוחל די בעלגיער וואָס זיי האָבן ניט קיין אייגן נאַציאָנאַלן פנים. דער נידעריקער פאָס ערד, וואָס הייסט בעלגיע, האָט אַ קנאַפע נאַציאָנאַלע געשיכטע. במשך פון יאָרהונדערטער איז עס געווען אָפּהענגיק פון פרעמדע חסדים, געווען אַ וואַסאַל פון שפּאַניע, פון פראַנקרייך, פון האָלאַנד, פון עסטרייך. איר אייגענע געשיכטע, פון מדינהשער זעלבסטשטענדיקייט, איז קוים אַלט אַ הונדערט יאָר.

די באַפעלקערונג, ווי דאָס לאַנד, איז אַ צונויפגעצ־שטוקעוועטע. דאָס לאַנד איז אַריינגעקוועטשט צווישן האָלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד. און די באַפעלקע־רונג: איבער אַ העלפט פלעמער, פון האָלענדישער אָפּשטאַמונג, מיט אַ שטאַרקן שפּאַנישן צומיש, און אַ טייל וואַלאָנער, פון פראַנצויזישער אָפּשטאַמונג. און

ביידע טיילן האָבן נאָך ניט שלום געמאַכט צווישן זיך ביז היינט.

אויך קולטורעל איז דאָס לאַנד אַ געמיש. עס איז אַ קאַטויליש לאַנד. פונדעסטוועגן איז דאָ אַלעמאָל געווען אַ גרויסע מאָס פון ליבעראַליזם, און אין די לעצטע צענדליקער יאָרן אַ שטאַרקע סאָציאַליסטישע אַרבעטערשאַפט, מיט באַקאַנטע סאָציאַליסטישע פירער, וועלכע האָבן אויך געהאַט דעם מוט, דעם ווילן און דעם כוח זיך קעגנצושטעלן היטלערס אינוואַזיע, ווי אויך דעם אייגענעם קעניג, וואָס האָט זיך אונטערגעגעבן צו דער דייטשער פאַרגוואַלדיקונג. און אָט אַזוי אויך האָט דאָס לאַנד איינע פון די פיינסטע, דעמאָקראַטישסטע פּאַרלאַמענטן, הגם עס האָט אויך אַ מאָנאַרכיע.

אויב מען זאָל זיך פאַרגריבלען אין דער היסטאָריע פון לאַנד, זיינען די אַרבעטער דאָ געווען אָרגאַניזירט נאָך איידער עס איז אויפגעקומען די קעניגלעכע דינאַסטיע — און דאָס איז, בדרך כלל, אַן אויסנאַם אין איראָפּע. אומעטום איז דער וועג געווען אַ פאַרקערטער. די גילדעס פון די פאַרשיידענע פאַכן האָבן אויפגעשטעלט די ערשטע בנינים אין בריסל — און אָט די בנינים זיינען ביז היינט געבליבן דער שיינדל, דער אַלטער שטאָלץ פון שטאָט. ניט דער קעניגלעכער פּאַלאַץ, נאָר לאָקאַלן פון די גילדעס, די צעכן, אין וועלכע די אַרבעטער זיינען געווען אָרגאַניזירט, דאָס איז דער נאָפּל, פון וועלכע די שטאָט איז אויפגעקומען.

בכלל האָבן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, די פאַכמענער פון פאַרשיידענע בראַנזשעס, געפורעמט און פאָרמירט דעם כאַראַקטער פון לאַנד. אין דעם זין איז בעלגיע אַן אויסנאַם אין איראָפּע. דאָ האָט ניט די שווערד פון פירשטן אויסגעקעמפט פאַר זיך אַ שטיק טעריטאָריע, ווען דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער גאַנג אין איראָפּע. דאָ האָט דער האַמער פון די אַרבעטער אויסגעשמידט דעם אויפקום פון לאַנד. און דאָס איז געבליבן קאָנטיק ביז היינט. אין דער פּאַרלאַמענטאַרישער מאָנאַרכיע, וואָס פירט דאָס לאַנד, איז די ערשטע שטאַרקער, וויכטיקער, חשובער. די מאָנאַרכיע פון דער קליינער בעלגיע איז געוואָרן בעל הבית (אין 1908) איבער דער גרויסער קאָנגאָ אין אַפריקע. אָבער דער פּאַרלאַמענט, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אידייען פון פּאַציפיזם, ליבעראַליזם און

נייטראַליזם, איז אָפּגעטראָטן פון קאָנגאָ; געוועלט אַז דאָרטן זאָל זיין פרייהייט און שלום — און עס איז ניט די שולד פון בעלגיע, וואָס דאָס איז ניט געשען אַזוי.



דער דואַליזם, די דאָפּלטקייט, וואָס ליגט אין יסוד און גאַנג פון די בעלגיער און זייער לאַנד, דריקט זיך אויס בולט קלאָר אין די צוויי שטעט, די וויכטיקסטע פון דעם לאַנד: בריסל און אַנטווערפּן. אַזאַ ווייטקייט, צווישן אַזעלכע צוויי נאָענטע שטעט, ווי דאָס איז דאָ, זעט מען געוויס ניט אין קיין אַנדער אָרט. צווישןביידע שטעט איז אַ האַלבע שעה רייזע — און סיידווי זיינען ביידע ערטער אַזוי צוזאַמענגעבויט שוין, אַז מען זעט ניט די גרענעץ וואָס זאָל זיי אָפּטיילן. אָבער אין דער אַטמאָספערע, אין געמיט פון די מענטשן, אין דער גייסטיקער מיליע, אין אויסזען פון די ערטער — אין דעם אַלעמען איז פאַראַן אַן אומגעהויערער מהלך צווישן ביידע שטעט.

יעדע שטאָט, אומעטום, האָט אַן אייגענע נשמה, ניט נאָר אַן אייגן פּנים. דערפילט מען ניט די אייגנאַרטיקייט פון אַ שטאָט — האָט דער גאַסט אַרויסגעוואָרפן די הוצאות, ווייל דער טוריסט האָט ניט געהאַט קיין מזל, אַז די שטאָט זאָל זיך פאַר אים אַנטפּלעקן.

מיר אינטערעסירן, נאַטירלעך, זייער ווייניק די אַלגעמיינע אונטערשיידן צווישן ביידע שטעט — און געוויס ניט צו שרייבן וועגן דעם. אונדז אינטערעסירן די יידן און יידישע אַספּעקטן. אָבער עס איז כאַראַקטע־ריסטיש ביז גאָר, אַז די אַנדערשקייט פון די שטעט האָט זיך אויך אָפּגעקריצט אויף די יידישע מענטשן אין ביידע ערטער; ווי אַנדערש עס איז בריסל פון אַנטווערפן, אַזוי אַנדערש זיינען די יידן אין ביידע שטעט — אויך די אַפילו, וועלכע זיינען דאָ געקומען ערשט נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה.

אַנטווערפּן האָט אָפּגעדעקט פאַר מיר איר פּנים, אַזוי באַלד ווי איך בין נאָר אַריבער איר שוועל. קען זיין עס איז געווען דערפאַר, ווייל דעם אויסזען פון פונקט אַזאַ שטאָט טראָג איך אין זכרון, פון אַזאַ שטאָט וואָס איז מיר געווען נאָענט אין דער יוגנט. אַ שטאָט

וואָס אַ טייך פליסט דורך איר האַרץ און אַ ים זינגט איר צופוסנס. בין איך אַריינגעקומען אַהער, ווי איינער קומט אַריין אין דער אייגענער היים, נאָך יאָרן וואַנדערן אין דער פרעמד.

און די יידן אין אַנטווערפּן — זיי זיינען מיר געווען אייגענע פון ערשטן שלום עליכם, פון דעם ערשטן יידן וואָס איך האָב אָנגעטראָפן אין ערשטן קאַלטן פרימאָרגן; אַ ייד מיט אַ קאַפּאָטע, מיט באָרד און פאות — אויף אַ וועלאָסיפּעד . . . און אין דער פּעליקאַן גאַס איז א יידישע מדינה . . . יידישע ביכער, ספרים ריידן אַרויס פון אַ סך פענצטער. יידישע געשעפטן, מיט יידישע אויפשריפטן, פון וועלכע עס לייכטן אַרויס צניעותדיקע, חנפולע אויגן פון יידישע טעכטער.

פאַראַן אין שטאָט צענדליקער מאָנומענטן. דאָס איז דאָך די שטאָט פון רובענס, און פון אַ סך אַנדערע קינסטלער, וואָס זיינען געקומען אַהער פון פאַרשיידענע ערטער. שווער צו פאַרשטיין, וואָס עס האָט די קינסטלער געצויגן אַהער גראָד, אין דער שטאָט וואָס איר הימל איז דעם גרעסטן טייל פון יאָר פאַרוואָלקנט. שווער צו פאַרשטיין — ביז מען זעט ניט די שטאָט אַליין, איר אייגנאַרטיקן חן.

צווישן אַלע מאָנומענטן איז פאַראַן אויך איינער פאַר דער לעגענדע פון דעם שטאָט־נאָמען. די לעגענדע דערציילט, אַז די שטאָט האָט געהייסן האַנט ווערפן (וואַרפן), ווייל אין פאַרגעסענעם פאַרצייטן האָט אַ באַצווינגער פון דעם אָרט אָפּגעשניטן די האַנט פון דעם שטאָט־האַר און עס אַריינגעוואָרפן אין טייך שעלדע. דאָס דערמאָנט אַ . . . פּסוק פון שופטים: רמת לחי. דאָרטן האָט מען געוואָרפן אַ באַק־ביין און עס איז אויפגעקומען אַ נאָמען פון אַן אָרט. דאָ האָט די שטאָט געקראָגן דעם נאָמען פון אַ געוואָרפענע מענטשלעכע האַנט — געפעלט מיר דערפאַר ניט דער נאָמען . . . אָבער די שטאָט געפעלט מיר זייער, פאַרגיב איך איר די אַלטע זינד . . .



די שטאָט האָט צוגעצויגן קינסטלער פון אַלע פאָרמען. צווישן זיי פאַרנעמט אַן אומפאַרגעסלעכן אָרט דער בוכדרוקער פון 16טן יאָרהונדערט, קריסטאָפער

פלאַנטין. זיין הויז און זיין דרוקעריי איז היינט אַ וועלט־באַקאַנטער מוזייאום. דאָ זיינען אויסגעשטעלט די קונסט־ווערק וועלכע ער האָט געדרוקט. צווישן זיי אויך דעם תנך, אין פראַכטיקע קונסט־אויסאַרבעטונג. דער חומש, אין לשון הקודש, אין לאַטיין און גריכיש, איז דאָ אַרויסגעגאַנגען אין 1517. דער ספר יחזקאל האָט אויך רש״י, אין רש״י כתב. דער ספר ליגט אונטערן זעלבן גלאָז מיט דער ערשטער ענציקלאָפּעדיע, צונויפגעשטעלט פון דעם פראַנצויזישן פילאָזאָף ד׳אַלעמבערט. פאַראַן דאָ אויך אַ זעלטענער פּלאַקאַט, אויך אין לשון קודש, גריכיש און לאַטיין, וואָס זאָגט אָן וועגן „ישוע הנוצרי מלך היהודים״, וואָס איז געווים צונויפגעשטעלט געוואָרן (אין פּסוקימדיקן לשון קודש) פון אַן אַפּטריניקן יידן, וואָס איז געקומען אַהער מיט די מאַראַנען פון פּאָרטוגאַל — די ערשטע הייפּליך יידן אין בעלגיע. (די מאַראַנען האָבן זיך דאָ לאַנג ניט געהאַלטן און קיין אמתער ישוב פון יידן איז אין בעלגיע כמעט ניט געווען, ביז נאָך דער ערשטער מלחמה, ווען דאָ זיינען געבליבן יידן פון די דורכפאָרערס קיין אַמעריקע).

די גרויסע קינסטלערישקייט פון אָט דעם זעלטענעם בוכדרוקער באַווייזט זיך אין זיין לאַבאָראַטאָריע, אַזוי צו זאָגן; אין דעם צימער וווּ מען האָט געגאָסן די שריפטן. דאָ האָט מען אַליין געמאַכט די פורעמס אויך, אין וועלכע די שריפטן זיינען געגאָסן געוואָרן. אויך די העברעאישע אותיות זיינען אַזוי געמאַכט געוואָרן.

אין אָט דער צייט האָט מען געשניטן אויך העברעאישע אותיות אין איטאַליע, ווו דער העברעאיש־ער אלף בית, ווי אַ שריפט־אות, איז אויפגעקומען. אָבער פּלאַנטין האָט מאָדעלירט זיין אייגענעם העברעאישן כתב. ווייזט אויס אַז די גרויסע קינסטלער־מאָלער וועלכע האָבן דאָ געלעבט האָבן עס געצייכנט פאַר אים דעם העברעאישן כתב, פאַר וועלכע פּלאַנטין האָט געמאַכט פורעמס פון האָלץ, און אין זיי געגאָסן די העברעאישע אותיות.

די לעבעדיקע יידישע אותיות אין דעם הויז פון קריסטאָפער פּלאַנטין און די לעבעדיקע יידן אויף די גאַסן פון אַנטווערפּן רייִדן צו אַ יידן היימישע רייד און פאַרהיימישן אים די שטאָט.



גאָר אַן אַנדער מין שטאָט איז בריסל, און אַזוי אויך זעט אויס איר יידישער קיבוץ, פון אַ פופצן טויזנט, וואָס איז צעשפּרייט איבערן שטאָט און עס איז שווער אָנצוטאַפּן דעם מהות פון ישוב ווי אַ געבונדענעם כלל — און מיר דאַכט אַז אַזוינס איז טאַקע ניט פאַראַן דאָ. ווייל בריסל, ווי איך זע, איז אַ שטאָט אָן אַ נשמה. זי האָט אַ צונויפמענגלויף פון מענטשן, וועלכע לעבן אין איין געאָגראַפישן פונקט, אָבער אָן טיפע פאַרבינדונגען, וועלכע גיבן געוויינלעך דעם אויסזען צו אַן אָרט. קען זיין אַז דערפאַר האָט בריסל אָפט געדינט, און דינט אויך היינט, ווי אַן אויפהאַלט אָרט פאַר אַ סך אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. דאָס וואָס געהערט ניט קיינעם, געהערט צו אַלעמען . . .

אָוונט. איך זיץ אין רעסטאָראַן און קוק אַראָפּ אויף דער שטאָט — און אויף ווייטע מיילן אַוועק פון איר. טויזנטער ליכטער באַלייכטן די שטאָט. אָט דאָ, און אפשר דאָרט, אין אָט דער ליכטיקער כאַטע, אין יענעם אָרט, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ ייִד, אין די טעג ווען יידן האָבן געמוזט באַהאַלטן זייער לעבן אין לעכער, אין פחד פאַר די נאַציסטישע גזלנים. איך בין דאַנקבאַר נאָך איצט די צעלויכטענע שטאָט, וואָס האָט געהאַט אַ מקום מקלט פאַר אַ יידן. אָבער קיין סך געהאָלפן האָט עס פאָרט ניט. פון די נאָענט צו הונדערט טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין בעלגיע ערב דער מלחמה, האָבן זיך געראַטעוועט קוים אַ צוואַנציק טויזנט.

# די צוויי לאָנדאָנער אַדרעסן

אַ סך פון מיין דור האָבן געלערנט יידישע פּאָליטיק נאָך איידער זיי האָבן געלערנט געאָגראַפיע. נאָך פריער ווי מיר האָבן געוווּסט ווו עס „ליגט" לאָנדאָן, האָבן מיר שוין געקענט די צוויי אַדרעסן אין דער ענגלישער מעטראָפּאָליע. ווייל פון די צוויי אַדרעסן איז אָפּהענגיק געווען — אַזוי האָט זיך אונדז געדוכט — דער גורל פון יידישן פאָלק.

די צוויי אַדרעסן זיינען געווען דימענסיאָנאַל קעגנגעזעצטע, צוויי פיינטלעכע לאַגערן. איין אַדרעס איז געווען אונדזערער, אַ יידישער, אונדזער פעסטונג, פון וועלכן מיר שליידערן די קוילן אין שונא׳ס לאַגער — דעם צווייטן אַדרעס.

אונדזער אַדרעס: גרייט ראַסעל סטריט נומער 77.

דעם צווייטן אַדרעס האָבן מיר אָנגערופן מיט שפּאָט, מיט פּראָטעסט קעגן אים, אָפט אויך מיט פיינטשאַפט: דאַונינג סטריט נומער 10.

וועלכער ייד, צווישן ביידע וועלט־מלחמות, האָט ניט געקענט די דאָזיקע צוויי אַדרעסן אין לאָנדאָן!

פון פּלאַטפאָרמעס און בימה׳עס האָט מען אָפט געפייערט קעגן דאַונינג סטריט נומער 10. מיר האָבן געוואָרפן צו אים אונדזערע צאָרנדיקע רייד. אַהין האָבן מיר אויך אָפט געשיקט אונדזער „קאָרעספּאָנדענץ": פּאַרביטערטע רעזאָלוציעס און מאַסן־פּעטיציעס.

דאַונינג סטריט נומער 10 איז געווען פאַר אונדז ווי אַ מאָנסטער מיט אויסגעגלאָצטע אויגן; אַן אונטערערדישע הייל פון פיראַטן . . . אַ פעסטונג מיט פאַרגראַטעוועטע טירן און טויערן . . .

וואָס איז דאַונינג סטריט נומער 10 ?

פּלאַמיקע ציוניסטישע רעדנערס האָבן ניט געהאַלטן פאַר נייטיק אַפילו מסביר צו זיין. יידישע פובליציסטן האָבן נאָר אָנגערופן די גאַס מיטן נומער, וואָס האָט שוין אויסגעדריקט די גאַנצע רשעות קעגן יידישן פאָלק. זאָל

מען נאָר קענען אײַנבּרעכן האָונינג סטריט נומער 10 — און מיר זײַנען געראַטעוועט . . .

ערשט ווען מיר זײַנען עלטער געוואָרן, נישט נאָר אין יאָרן, האָבן מיר אָנגעהייבן זיך באַקענען, נישט נאָר מיט דער פּאָליטיק, נאָר אויך מיט דער געאָגראַפיע; אַז דאַונינג סטריט איז אַ גאַס אין ווייטהאָל, אין דער עיר הבירה לאָנדאָן, און אַז אין ווייטהאָל זיצט די ענגלישע רעגירונג, פון פּאַרלאַמענט ביז דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, און אַז דאַונינג סטריט נומער 10 איז, זינט דעם 17טן יאָרהונדערט, די רעזידענץ פון די ענגלישע פּרעמיערס.

לייכטער שוין האָבן מיר באַנומען אונדזער צווייטן אַדרעס אין לאָנדאָן. דאָס איז געווען פּשוטער, כמעט יידישלעך, — ווייל אונדזער אייגנס. און אַז מיר זײַנען עלטער געוואָרן, זיך געקענט אָריענטירן אין דער געאָגראַפיע, האָבן מיר שוין אויך געוווּסט, אַז אונדזער פּעסטונג ליגט האַרט לעבן בריטישן מוזעאום, און אַז דאָס איז „פּאָלג מיך אַ גאַנג" פון ווייטהאָל — אויך אין שטח. אָבער די צוויי אַדרעסן זײַנען פּאַרט געווען פּאַרבונדן, פּאַרבונדן אין קאַמף, אויף טויט און אויף לעבן.

גרייט ראַסעל סטריט נומער 77 איז געווען אונדזער אַדרעס, אונדזער פּראָנט־פּאָזיציע.

אמת, ניט אַלעמאָל האָבן אַלע פון אונדז מסכים געווען מיט דעם וואָס ווערט געטאָן, אָדער ניט געטאָן, אין גרייט ראַסעל סטריט. אָבער עס איז געווען אונדזער שטאָב. דאָ איז געזעסן אונדזער קריגס־פירונג — קעגן דאַונינג סטריט.

דאָס אַלץ איז שוין היינט געשיכטע. אָבער איך האָב ליב געשיכטע. און ווער רעדט נאָך אַז מען איז אַזוי פּאַרקאָכט געווען אין דער דאָזיקער געשיכטע, אַז עס איז אַ שטיק פון אייגן לייב־און לעבן.

און אָט בין איך, צום ערשטן מאָל, אין לאָנדאָן.

אין האַרץ, ניט נאָר אין געדאַנק, איז פּאַראַן אַ ווילן: באַזוכן „מיינע" צוויי אַדרעסן.

אויפן טראַפּאַלגער סקווער קומט פּאָר אַ פּראָטעסט מיטינג. איך לייג צו אַן אויער — ווי גוט וואָס דער ענין האָט ניט קיין שייכות צו מיר. אַמאָל איז עס אַנדערש געווען. אויף דעם אָרט זײַנען פּאָרגעקומען אָפט פּראָטעסט־מיטינגען, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטע שייכות צו מיר און צו דיר.

אָט שפּרייט זיך ווייטהאָל, מיט אירע גאַסן, סקווערן, פּאַרקן, די הויז אָוו קאָמאָנס, מאָנומענטן. אַלץ איז ניי — און פּאָרט גוט באַקאַנט. דאָ בין איך געווען „אויסגעבונדן" מיט יעדער ווינקעלע, פון דיזראַעליס מאָנומענט ביזן קעניגלעכן פּאַלאַץ, פון קריגס מיניסטעריום ביז — אָט איז דער אַדרעס: דאַונינג סטריט נומער 10.

איך שטיי ביי אַן אַלטער געביידע — אונדזער „פּיינט" פון יאָרן.

ענגלענדער גייען פאַרביי, ווייזן אָן זייערע קינדער מיט יראת הכבוד אויף דאַונינג סטריט נומער 10.

יאָ, דאָס איז עס. נישט מער. אַן אַלטע הויז, וואָס ווערט איצט רענאָווירט — אַפילו די ענגלישע אימפּעריע מוז זיך שוין איבערבויען.



„קום היינט אַריבער אויף גרייט ראַסעל סטריט, עס איז אַ ציוניסטישער באַנקעט". אַזוי פאַרבעט מיך אַ חבר.

איך שלאָג זיך מיט דער דעה, אויב אָנעמען די פאַרבעטונג. ווייל אויף דעם אַדרעס מיינעם וויל איך קומען מיט שטילע טריט, און מיט אַ שטילן געמיט, ניט בשעת אַ פאַרזאַמלונג. באַשליס איך: קומען פריער.

איך זוך די יחוס־געביידע, און שטויס זיך אָן אויף אַן אָפּגעבליאַקעוועטע גרינע טיר. גלויב יאָ, גלויב ניט, עס איז פּאָרט דער נומער. איך עפן די טיר — אַ דומפּע טונקלקייט. גיט אַ זעץ. אין קאָרידאָר וואַלגערן זיך קאַסטנס. איך שטעל אַ טראָט — עס שרייט אויף מיטן געסקריפּ פון אַלטע דילן.

דאָ איז געזעסן מאַקס נאָרדוי. דאָ איז געשטאַנען זיין שרייב־טיש. אויך איצט שטייט דאָ נאָך אַ טישל. איז עס דער זעלבער?

דער טרעפּ הוסט, קרעכצט, ווי עס וואָלטן אים געבראָכן אַלע גלידער.

עס פאַנגען אָן צונויפקומען די באַנקעט־געלאַדענע. אויך זיי אַלט, ווי דער טרעפּ.

גרויע קעפּ, געבויגענע רוקנס, דורכגעשפּרענקלט מיט עטלעכע יונגנטלעכע באַאַמטע, טרינקען קאַלטע טיי.

אויף די ווענט בילדער, די געשיכטע פון ציוניזם.

מאָדנע, אויך בילדער אויף די ווענט קענען ווערן אַלט . . .

# אין אַלעמענס לאַנד

דער נאָמען ש ו ו י י ץ האָט פאַר מיר אַ מונטערן קלאַנג און, מיר דוכט, פאַר אַ סך אַנדערע מענטשן אַזוי. וואָס ציט אַהער טוריסטן פון דער גאָרער וועלט? איז עס נאָר די שיינקייט פון די שווייצאַרישע אָזערעס, די גרינע לאַנען אין זומער, די שניי־באַדעקטע בערג? (וועגן וועלכע שלום עליכם האָט זיך געחכמה׳ט, אַז זיי פאַרשטעלן די שיינקייט פון לאַנד . . . ). אפשר ציט אַהער מענטשן צוליב דעם, ווייל שווייץ האָט באַקומען אַ נאָמען, מיט רעכט אָדער ניט, ווי אַן „אַלעמענס לאַנד״, און מענטשן ווילן, בעצם, זיין פאַרחבר׳ט, לעבן אין אַ דורכמיש פון קולטורן, אין אַ קאָסמאָ־קולטורעלער געזעלשאַפט.

מיין אייגענער ווילן צו זען די שווייץ גייט צוריק אויף אַ סך יאָרן.

איך האָב פאַרבראַכט דעם בין הזמנים אין דער ליטווישער שטאָט וואָס ביים ים. עס איז געווען אַ הייסער טאָג, וואָס האָט פאַרטריבן די מענטשן אין זייערע היימען, אָדער צום ברעג ים. איך האָב געבלאָנקעט אַליין, אין אָפגעלעגענע גאַסן, פאַרטאָן אין זיך און אין יוגנטלעכן „וועלט שמערץ״. נאָר אָט זיינען די אויגן געפאַלן אויף אַ שילד מיט יידישע אותיות: „כאן מקבלים חינם ספרים בלשון הקודש״. ווי קומען אַהער, ווייט זייער פון די יידישע גאַסן, אַזעלכע אייגענע אותיות, און וואָס מיינט דער אָנזאָג? די יונגע נאַיוויטעט פאַרשטייט זיך ניט אויפן נעץ און דער חשק צו ספרים פירט אַריין אין קעלערדיקן געשעפט. דערזען די סחורה, פאַרשטיי איך שוין דעם מיין. אָבער עס סטייעט ניט קיין מוט ניט צו נעמען מיט זיך די ביכלעך, און די נייגעריקייט רייצט אויך.

אין דעם געשעפט איז פאַראַן אַ יונגע פרוי. געווייִנט איז מען אַראָפצולאָזן די אויגן ביים פאַרבייגיין

אַ פרוי, און אַפילו מיט דער אייגענער מאַמען איז שווער פאַר אַ ישיבה מאַן צו ריידן פריי. ווערט שוין דאָ דער צונג אינגאַנצן פאַרשטייפט. מורמל איך עפּעס אָפּ, פון יוצא וועגן, און וויל אַרויסגיין. אָבער די יונגע פרוי איז דווקא צוגעלאָזן און באַריידעוודיק. זי פאַרשטייט זיך אויף דעם „קליענט" און האָט דערפאַרונג מיט גוטע רייד. זי דערקענט, לויטן הילוך געוויס, אַז איך בין „אַ תלמוד סטודענט". שפּילט זי אויף דער אייטלקייט, אויף דער אונטערדריקטער גאווה, וואָס דער יונגער מוסרניק האָט נאָך אַלץ ניט אַרויסגעריסן פון זיך. „פאַר וואָס זאָל איך ניט אַריינקומען, אין אַ פרייער שעה, איר באַקענען מיטן תלמוד, וואָס זי באַגערט זייער צו וויסן וועגן דעם". איך פאַרשטיי זייער גוט, אַז דאָס שפּילט דער יצר הרע, אַז דאָס איז אַ שליח פון גיהנום. ציטערן די קני און דאָס מויל פּרעפּעלט: יאָ, טאַקע, פאַר וואָס ניט, ווען נאָר זי האָט צייט . . .

דער שכל ווייס, פאַרשטייט און וואָרנט: גיי ניט מיט דיין יונגען גוף אין פינצטערן שאול אַריין, וואָס דו זעסט באַשיינפּערלעך אַז עס איז די שוועל פון אָפּגרונט. אָבער דאָס האַרץ וויל נישט הערן און זוכט תירוצים: אדרבא, אַ ייד דאַרף ווייזן אַז ער איז שטאַרק, אַז ער ווערט ניט נתפּעל און אַנטלויפט ניט פון נסיון . . . האָב איך איר דערציילט וועגן דער שיינקייט פון תלמוד, און זי מיר — וועגן דער שיינקייט פון שווייץ, פון וואַנען זי איז אָט איצט געקומען, און ווו זי פאָרט באַלד צוריק. זי לערנט דאָרטן אין אַ ביבל שול, פון דער סעקטע צו וועלכער זי געהערט, אַ כיתה אַזאַ וואָס גלויבט שטאַרק אין דער הייליקייט פון חומש — „פון דעם זעלבן חומש אין וועלכן יידן גלויבן", אָבער זי גלויבט אין דעם אויף אַן אמת, אין חומש און „אַלץ וואָס די ביבל לערנט" . . .

איך ווייס ניט צי איך האָב איר איבערצייגט אין דער קלוגשאַפט פון תלמוד, אָבער זי האָט מיך איבער־צייגט, אַז די שווייץ איז דער שענסטער אָרט אויף דער וועלט . . .



עס זיינען אַוועק אַ סך יאָרן, און דורך די יאָרן זיינען געקומען געשעענישן אַזעלכע, וואָס האָבן צונישט

געמאַכט אַ סך שיינע חלומות וועגן דער שיינער וועלט.

אין מאַי 1963 בין איך צום ערשטן מאָל געווען אין דער שווייץ, און דאַן פֿאַרצייכנט ביי זיך אומגעפֿער אַזוי:

דער עראָפּלאַן שוועבט איבער די שניי־באַדעקטע אַלפּן, און אָט שוין איבער גרינע וועלדער, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ פֿון די בערג, פֿאַלן צו צו ברייטע וואַסער־שטראָמען. מיר זיינען אין דער שווייץ.

אַהער האָב איך געזאָלט קומען אַ יאָר פֿאַר דער מלחמה.

נאָך דער מלחמה בין איך דאָ עטלעכע מאָל אַריבערגעפֿלויגן, אַפֿילו זיך איינמאָל אָפּגעשטעלט, טאַקע דאָ, אויפֿן זעלבן ציריכער אַעראָדראָם. אָבער דעם עראָפּלאַן האָט מען דאַן אָפּגעקערעוועט וויטלעך פֿון הויפּט־אַעראָדראָם. אַראָפּגיין אין שטאָט, באַטרעטן די פֿרייע שווייצאַרישע ערד — ניט פֿאַר אַזאַ איינעם וועמענס „פּאַספּאָרט" האָט די ווערט פֿון אַ פּאַריאָריקן לוח, ווייל עס דערציילט דעם יחוס פֿון בעל הפּאַס: „דיספּלייסד פּערסאָן". מיט אַזאַ דאָקומענט, אַרויסגעגעבן פֿון דער אַמעריקאַנער מיליטער מאַכט אין דייטשלאַנד, פֿאַר עטלעכע יידן נאָר, „יחסנים", קען מען אַרומפֿאָרן אין דער נאָך־מלחמה'דיקער, צעטומלטער אייראָפּע; מיט דעם קען מען פֿאָרן קיין ארץ ישראל, וואָס איז אין סאַמע ברען פֿון מלחמה. אָבער אַריינקומען מיט דעם אין דער רואיקער שווייץ? — דאָ פֿירט מען אָפּ דעם עראָפּלאַן אויף אַ זייטיקער ליניע . . .

און אָט בין איך אין דער שווייץ.

דער אַעראָדראָם־באַאַמטער וויל וויסן: „איר האָט עפּעס צו דעקלאַרירן"?. איך וואָלט אים אפשר געדאַרפֿט אויסלייגן מיין גאַנצן „באַגאַזש", וואָס איך פֿיר שוין יאָרן לאַנג קיין שווייץ. אָבער גיי דערקלער אַזאַ לאַנגע געשיכטע. גיב איך פֿאַר אים אַ לייג־אַוועק מיין ליכטיקן פּאַספּאָרט מיט די צאַצקעדיקע שטעמפּלען, און שוין בין איך פֿון יענער זייט באַריער.

דער כוח פֿון פּאַפּירלעך.

אַזוי האָב איך דאַן ביי זיך פֿאַרצייכנט. און אָט בין איך דאָ ווידער, אין דעם לאַנד וואָס איז געוואָרן אַ כמו „אַלעמענס לאַנד" — אויב מען האָט נאָר אַ פּאַספּאָרט . . .

— ● —

דער וועג האָט היינטיקס מאָל אַריינגעפֿירט קיין זשענעווע. עס איז גוט צו רעוויזיטירן אַן אָרט, ווו דו

האָסט איבערגעלאָזן דעם עכאָ פון דיינע טריט. און זשעזשעווע האָט איר אייגענעם מאַגנעט, צוליב איר חן און צוליב איר געשיכטע.

אָט די קליינע, שיינע שטאָט פאַרנעמט זינט יאָר־הונדערטער אַ גרויסן אָרט. פאַר די לעצטע צענדליקער יאָר איז זי אַ מעטראָפּאָליע פון דער וועלט. דאָ האָט געהויזט דער פעלקער בונד צווישן ביידע וועלט מלחמות. און מיט אַלע פעלערן און דורכפאַלן, פון וועלכע די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט געליטן, איז עס פאַרט געווען איינע פון די שענסטע מענטשלעכע פאַרמעסטונגען; אַ פאַרמעסט און אַן אויסדרוק פון אַ גרויסן ווילן, פון אַ שכלדיקן פאַרלאַנג און אַ הומאַני־טאַרן דראַנג, אַז פעלקער און לענדער זאָלן זיך באַמיען צונויפּריידן. אויך די יורשטע פון פעלקער בונד, די איצטיקע פאַראייניקטע פעלקער אָרגאַניזאַציע, האָט דאָ נאָך אירע הומאַניסטישע אָפּטיילונגען. די פּאָליטישע אינסטאַנצן האָבן זיך איבערגעטראָגן קיין ניו־יאָרק, און די הומאַניטאַרע זייגען געבליבן הויזן אין דער שטילער שווייץ, אין זשענעווע. דאָ איז אויך אויפגעקומען און געפינט זיך די הויפּט אָנפירונג פון אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ. און דאָ איז אויך דער זיץ־אָרט פון דער פרייער אַרבעטער פעדעראַציע, און פון נאָך אינטערנאַ־ציאָנאַלע קערפּערשאַפטן. פאַר וואָס האָבן זיי זיך גרופּירט גראָד דאָ? איז עס נאָר צוליב דער שיינקייט פון דעם אָרט?

אַ שוואַרצער, טריבער רעגן גיסט היינט דעם גאַנצן טאָג. דער רעגן שפּיזלט אין דער אָזערע, ווי עס וואָלט געוועלט אַרויסשטעכן דעם בלויען אזשור פון דעם וואַסער. איך טראַכט: עס איז אפשר דער סימבאָל פון אַלע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן זיך דאָ איינקוואַרטירט; זיי אַלע האָבן אַ בלויען חלום פון פעלקער־פאַרשטענדיקונג, וואָס טריבע וועלט־שטורעמס ווילן פאַרשוואַרצן און פאַרשווענקען.



דער סימבאָל גייט צוריק אויף הונדערטער יאָרן. אין דער קליינער זשענעווע האָבן זיך אָפּגעשפּילט גרויסע דראַמאַטישע קאַפּיטלען פון דער וועלט־געשיכ־טע. דאָ האָבן געלעבט און דורכגעוואַנדערט צענדליקער

פילאָזאָפן, אָנהייבנדיק פון עראַזמוס און וואָלטער. דאָ איז געבוירן געוואָרן זשאַן זשאַק רוסאָ. דאָ האָבן אָנגעשלאָגן גרויסע גייסטער פון רענעסאַנס. שווער צו פונאַנדערפלאָנטערן די געשיכטלעכע צופאַלן, וואָס האָבן געקערעווועט די טריט פון דענקער, פּאָעטן און וויסנ־שאַפטלער גראָד אַהער, הגם די קאַנטאָן־פּאָטערס זיינען געווען קעגן יעדן פּאָרשריט.

אָבער דאָ האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַ סך גייסטיקע קאָנטראַסטן. זשענעווע איז די היים־שטאָט פון קאַלווי־ניזם. דאָ האָט קאַלווין איינגעוואָרצלט זיין לערע, ווי אַן אָפּצווייג פון פּראָטעסטאַנטיזם, וואָס איז באַלד געוואָרן אַ באַזונדערע סעקטע, מיט פיינטשאַפט צו מאַרטין לוטערס לערע. געדאַרפט האָט עס לכתחילה הייסן, אַז יאָהאַנעס קאַלווין האָט אַ מער פּראָגרעסיווע שיטה אין קריסטנטום, ניט נאָר קעגן קאַטאָליציזם פון רוים, ווי לוטער, נאָר טאַקע פאַרן גייסט פון דער נייער צייט, וואָס האָט געהאַלטן אין אויפקומען. באַלד אָבער ווי קאַלווין האָט זיך פאַרוואָרצלט אין זשענעווע, (נאָכן פאַרטריבן ווערן און צוריקומען), איז דער פאַרפאָלגטער אַליין געוואָרן אַ פאַרפאָלגער, — ווי דאָס געשעט אַזוי אָפט מיט פאַרשיידענע אידייען־ברענגערס, אויך פּאָליטישע אין פריידענקערישע. דער אידיאַל וואָס דערגייט צו מאַכט ווערט ברוטאַל, אין ווילן אָנצוהאַלטן די דעראָבערטע פּאָזיציעס. דאָס זעלבע איז געשען מיט קאַלווינען. דער גערודפטער „כופר“, ווי דער פּאַפּסט פּעאוס דער פינפטער האָט אים גערופן, איז געוואָרן אַ פאַנאַטישער יעגער פון „אומגלויביקע“. דער וואָס האָט מורא געהאַט פאַר די יעזואיטן און פאַר דער אינקווי־זיציע פון רוים, איז אַליין געוואָרן אַן אינקוויזיטאָר.

ווען קאַלווין איז געווען אַ געיאָגטער, האָט ער אַפּעלירט צו טאָלעראַנץ, ווי דער דרך איז. אָבער אַזוי גיך ווי ער איז געקומען צו אַ פּאָזיציע פון קראַפט, איז ער דערגאַנגען צו אכזריות, אין דער לערע זיינע און אין זיינע מעשים. קיין קריסטלעכע סעקטע האָט ניט געעפנט אַזוי די פייערן פון גיהנום פאַר דער מענטש־הייט, ווי דאָס האָט געטאָן דער קאַלוויניזם, וואָס האָט געפּרעדיקט, אַז דאָס רוב מענטשן זיינען פרעדיסטינירט צו גיין אין גיהנום אַריין, נאָך איידער זיי זיינען געבוירן געוואָרן, און אַפילו קיין תשובה העלפט ניט. דאָס איז געווען אַ גרויזאַמע לערע. און דערביי נאָך האָט דער

קאַלוויניזם אָנגענומען, אַז דער שטאַט דאַרף אויספירן דעם ווילן פון דער קירך, ווייל „אַזוי איז געשריבן" אין חומש און אין נייעם טעסטאַמענט, וואָס קאַלווין האָט געפּרעדיקט צו נעמען ווערטליך. צענדליקער זיינען דערפאַר אומגעבראַכט געוואָרן אויף שייטערהויפנס אין דער שיינער זשענעווע, ווו אין דער זעלבער צייט האָבן אויך געלעבט אין שטאָט פרייהייטס דענקער און עס האָט עקזיסטירט אַ פרייהייטלעכע גרופּע „ליבערטיס". אָבער קאַלווין האָט מנצח געווען אין ברענגען צו די פלאַמען פון שייטערהויפן אַפילו דעם פילאָזאָף מיכאל סערוועטוס, וועלכער איז אויך געווען אַ מעדיצינישער וויסנשאַפטלער, דער באַגרינדער פון בלוט צירקולאַציע (און אויך אַ יידן־פריינד, אַ קענער פון לשון הקודש). סערוועטוס האָט ניט געלייקנט אַ סך וויכטיקע עיקרים פון קריסטנטום, פונדעסטוועגן האָט ער ניט געקענט אויסמיידן קאַלווינס אכזריות, און איז פאַרברענט געוואָרן (1553) אויפן צאַמפּעל באַרג, לעבן זשענעווע. און דער קאַלוויניזם, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געגלויבט אין „אַלטן טעסטאַמענט", האָט יידן ניט אַריבערגעלאָזן די שוועל פון זיין ציטאַדעל, אין זשענעווע.

היינט שטייען די פיגורן פון קאַלווין, צווינגלי, נאָקס און די אַנדערע פון דער „אויסדערוויילטער קאָמפּאַניע", (ווי די פּאַטערס פון קאַלוויניזם האָבן זיך גערופן) אַריינגראַווירט אויף אַ וואַנט פון אוניווערסי־טעט הויף — און די מערהייט אין זשענעווע זיינען קאַטאָליקן. דאָ דערביי בויען אויך יידן אַ נייע שול. און אויפן צאַמפּעל בערגל איז אויפגעשטעלט אַ ווירדיקער מאָנומענט פאַר מיכאל סערוועטוס. און אין שטאָט דאָ הויזן אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע וואָלטן געווען טריף אין די אויגן פון קאַלווין און זיינע מיט־גייער.

אַזוי זיינען די דרכים פון דער מענטשלעכער געשיכטע. נעכטיקע פּרינציפּן און אייזערנע אמונות, פאַר וועלכע מען האָט געשטרעקט דאָס אייגענע לעבן און מקריב געווען אַנדערע — בעיקר מקריב געווען אַנדערע — ווערן פאַרבלאַסט פון דער צייט און עס בלייבט קוים אַ זכר פון זיי, פאַרקריצט ערגעץ אויף אַ וואַנט. וואָרום דער היינטיקער קאַלוויניזם איז שוין ווייט, זייער ווייט פון דעם וואָס קאַלווין האָט געפּרע־דיקט. אָבער ביז מען דערגרייכט צו אַ ליכטיקערן

שטראַל — שלעפּט זיך די געשיכטע דורך בלוט און דורך בלאָטע.

דער רעגן שמייסט נאָך אַלץ, אָבער עס קען ניט דערטרינקען דעם בלויען אַזשור אין דער אַזורע . . .



דאָס אָרט, וווּהין מיר צילן, הייסט סאַטו דע, ניט ווייט פון וועלט־באַקאַנטן קור אָרט ג׳שטייג. איבערן גאַנצן וועג זיינען צעוואָרפן דערפער, איינציקע הייזער, אויפגעטורעמטע אויף בערג, פּאַרקנאָספּערירט אין באַרג־שפּאַלטן, אַריינגעביסענע ביי אָפּהאַנגען פון פעלדזן. וועלכער כוח האָט דאָ אַרויפגעשטופּט די מענטשן, צום לאַנד פון שניי און זון? שוין הונדערטער יאָרן ווי די שווייצער האָבן ניט געפירט קיין מלחמות, — גראָד זיי וועלכע האָבן לאַנגע יאָרן צוגעשטעלט געדונגענע סאָלדאַטן פאַר אַלע אַרמייען אין איראָפּע. און אָט אַזוי, אין רואיקייט, מיט געמאָסטענע שווערע טריט, האָבן די שווייצאַרישע פּויערים איינגענומען די בערג, פאַרלייגט בריקן, איינגעהאַלטן שטראָמען, זיך אַראָפּגעלאָזן אין די טאָלן. זיי האָבן אויסגעבויט אַ קאָמוניקאַציע, וואָס דערגרייכט צו אַלע פאַרוואָרפענע ווינקעלעך און פאַרבינדט זייערע צעטיילטע קאַנטאָנען. גראָד פון די שווערעקייטן אין זייער לאַנד האָבן זיי אַרויסגעשלאָגן אַ ברכה פאַר זיך און עס פאַרוואַנדלט אין אַ צוציִאונג פאַר דער וועלט.

דער פריער פאַרנאַכט פאַלט צו אויף די שויבן פון גייענדיקן באַן. פון אַלע הייזער אויפן וועג, פאַרלייגטע צווישן שניי, גייען אויף בלויע רויכן, וואָס דערציילן פון וואַרעמע היימען, פון גוטער מנוחה אין איינגעזאַפּענער רואיקייט. און אין מיר גייט אויף אַ שטילע קינאה צו די קעזמאַכערס און זייגערמאַכערס, וואָס לעבן דאָ אין זייערע הימלדיקע אַלפּן. אפשר וואָלטן מיר זיך אַ ביסל געביטן? זאָלן זיי זיך נעמען אויף אַ ווײַלע דעם באַרג סיני, — מיט דער שנאה וואָס דאָס האָט אונדז געבראַכט — און זאָלן יידן, כאָטש אויף אַ דור, צוויי, זיך אָפּרוען אין די אַלפּן — און „לויפן״ אויף סקי . . . זאָלן זיי אויף אַ ווײַלע אַראָפּזינקען אין „ים פון תורה״, און מיר וועלן אַביסל אַרויפקלעטערן אויף זייערע בערג. לאָמיר מאַכן

אַ היסטאָרישן בייט: דעם באַרג סיני פאַרן מוינט בלאַנק . . .

געוויס, זיי וועלן נישט איינגיין אויפן בייט. אָבער צו לויגט זיך טאַקע אויסבייטן משה רבינו, ישעיה און עמוס, דעם ווילנער גאון און דעם בראַצלאַווער, מסדה און וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, פיר טויזנט יאָר יידישע וווּנדער־געשיכטע פאַר אַ קאַלטן באַרג . . .

אין דער שווייץ זיינען טיף פאַרקאַרבט שפּורן פון דער נאַציאָנאַלער יידישער אויפלעבונגס באַוועגונג. „אין באַזעל האָב איך געשאַפן די יידישע מדינה". אַזוי האָט דאָ פאַרשריבן הערצל. אין באַזעל, גענף, ציריך, בערן, מאָנטרעי און לוצערן זיינען פאָרגעקומען ציוניס־טישע קאָנגרעסן. טאָ אפשר האָבן די ציוניסטישע בעלי חלומות אויך געחלומט, אַז די נייע יידישע מדינה וועט זיין אַ שלומדיקע, רואיקע שווייץ אין מיטעלן מזרח. געוויס האָט אַזוי געטרוימט הערצל. אין די שווי־פּענצטער פון אָט די שטעט, ווו עס זיינען פאָרגעקומען יענע קאָנגרעסן, זעט מען איצט אויסגעשטעלט סחורות און פּרוכטן פון מדינת ישראל — און אויך דאָס איז אין דער צייט פון יענע קאָנגרעסן געווען אַ ווייטער חלום.



אַ שמאָלער שטעג פירט צו אַ פליסנדיקן טייך, וואָס ליגט פאַרגראָבן אין אַ טיפן תהום. אויף דעם באַרג, ווו עס הויערט די שטעטל, רוישט פון די סקי־פאָרערס. אויפן צווייטן באַרג, אַריבערן טייך, איז פאַראַן אַ טיפער וואַלד. איך שפּאַציר אַהער אַלע טאָג, אין פאַרנאַכט, צום פליסנדיקן שטראָם. דאָ שטייען עטלעכע בענק. מענטשן קומען געוויס אַהער אין זומער. נאָר איצט דערגייט קיינער ניט אַהער, ווו די קעלט איז שטאַרקער. מיך ציט אַהער דער טיפער שטראָם, אויף וועלכן דער פראָסט האָט ניט קיין שליטה. מיך ציט אויך אַהער דער הענגענדיקער בריקל, וואָס איז פאַרוואָרפן אַריבערן תהום, און וויגט זיך אין אַלע זייטן ווי נאָר מען שטעלט אַרויף אַ פוס אויף אים. איך וויל אַריבערגיין דעם בריקל און די שרעק לאָזט ניט. די שטילקייט פון אַרום פאַרשטאַרקט נאָך דעם פחד. אָבער גראָד דערפאַר שטייגט אויך די טראַציקייט. שוין אַ וואָך צייט ווי איך פיר דאָ אַלע טאָג מיין שטילע מלחמה, פון קיינעם אַ

ניט־געזעענע. איך פרוביר זיך דערגרונטעווען צום וואָרצל פון מיין נאַרישן ווילן. פון יענער זייט בריקל איז דער טיפער וואַלד, איינגעדעקט אין טיפן שניי, און מען קען דאָרט סיווי ניט שטעלן קיין טראָט. טאָ וואָס ציט מיך אַהין. פאַראַן געוויס אַ פאַרגעסענע רעפּרעסיע, אַ ניט־דערגאַנגענער ווילן פון מיט יאָרן צוריק. איך קוק אַריין אין זיך, און שטויס זיך אָן וואָס דאָס קען זיין.

עס איז געווען מיט פינף־און צוואַנציק ווינטער״ס צוריק. מיר זיינען געווען אויף יענער זייט פון דעם באַרג, אָדער פון אַן אַנדער באַרג. און דאָרטן איז געווען דאַכאו. און מיר האָבן אַרויפגעקוקט צו די בערג אַהער, וואָס האָבן געמיינעט אין ווייטן האָריזאָנט. אייניגע דאָרטן האָבן געמאַכט חשבונות, געשפונען חלומות, צו גרייכן די בערג אַהער. וואָלטן מיר זיי געגרייכט — און געקענט „דעראָבערן״? . איצט, אין שטילע פאַרנאַכטן דאָ, זוכט עס נאָך געוויס אַן ענטפער צו יענער פראַגע.

עס איז דער לעצטער טאָג. מאָרגן פאָר איך שוין פון הי אַוועק. געזעגנונג מיט מיין שטילן אָרט. איך מאַך אַ טראָט אויפן בריקל. דער בריקל טוט זיך ווידער אַ וואַקל. איך פאַרמאַך די אויגן, ניט צו זען דעם טיפן אָפגרונט. איך שפאַן. נאָך אַ טראָט. נאָך אַ וואַקל. דער אייזערנער אָנהאַלט גליט מיין נאַקעטע האַנט. אונטן רוישט דאָס וואַסער און הייבט אויף אַ שפּריי־רעגן אַרויף. נאָך אַ טראָט. האַלט אויס. דו מוזט! אָט איז דער וואַלד. דערגאַנגען. לאָמיר זיך איילן צו מאַכן דעם וועג צוריק, איידער דער פראָסט און די שרעק וועלן מיך דאָ פאַרגליווערן אין טיפן ווייסן וואַלד . . .

איך גיי צוריק. לעצטע טריט דאָ.

באַלד וועט קומען די זון און דער זומער און אויפשמעלצן די שפורן פון אַלע פאַרפאָראָרענע טריט אין שניי. דער שניי וועט צעגיין. די צייכנס וועלן פאַרשווינדן. פון צעטייעטן שניי וועלן ווערן ריטשקעלעד וואַסער. דאָס וואַסער וועט אַריינפליסן אין תהומיקן טייך און אַוועקטראָגן דעם אָפדרוק פון די טריט, צוזאַמען מיט אַלע חלומות און אַלע שרעקן, אין ווייטן ים אַריין . . .

— ● —

„אַלע וועגן פירן קיין רוים״. נאָר אָט דער וועג, פון שווייץ קיין איטאַליע, אויף וועלכן מיר פאָרן, איז א שמאָלער און ניטאָ פון אים קיין אָפצווייגונגען. פון

ביידע זייטן טורעמען די אַלפּן. גלעטשערס און שניי.

אין אַן אַריינדריי פון בערג ליגט אַ קליינער דאָרף, אַריינגעפּרעסט ווי אַן אָדלער נעסט. אַן אַלטע גרויע קירך. אַ פּאָר געשעפטן. אַ האָטעל און אַ שענק. אַלץ אַריינגעשניטן צווישן באַרג און באַרג.

מיר הייבן זיך צום שפּיץ פון באַרג, אין אַ גלייכער ליניע, ביז מיר דערגליטשן זיך צו דעם לעצטן ישוב, האַרט פאַר דער שווייץ־איטאַליענישער גרענעץ. יעדע לעצטקייט, ווי יעדע ערשטקייט, טראָגט אין זיך דעם אָטעם פון מיסטעריע. דאַכט זיך וואָס? וואָס מיינט אַ גרענעץ? און נאָך מער: וואָס מיינט אַ גרענעץ דאָ; ווער האָט איינגעשטעלט אַ גרענעץ צווישן שניי און שניי, פאַר דעם שניי וואָס ווייס ניט פון קיין גרענעץ, און פאַלט אויף ביידע זייטן מיט דער זעלבער ליכטיקייט. און דאָך, דער אָנזאָג אַז דאָ איז די גרענעץ פון לענדער, אַז דאָ געזעגנסטו זיך מיט עפּעס, אַז עס איז געקומען אַ סוף צו עפּעס — מאַכט טרויעריק, מיטן טרויער וואָס עס טראָגט אין זיך יעדער סוף, יעדע געזעגנונג.

דער וועג גייט כסדר אַריין צווישן צעמענטענע ווענט, וואָס האָבן אויך אַ דאַך, ווי מען וואָלט געפאָרן דורך אַ הויז. דער וועג איז פאַרוואָרפן איבער טיפע אָפּגרונטן און די צעמענטענע הייזער דאַרפן עס שיצן פון די אָפטע שניי־לאַווינעס. אָט די תהומות האָבן זיך דורכגעקראָגן אַרמייען, אין פאַרשיידענע צייטן, כדי באַפאַלן פון איין לאַנד אויף אַ צווייטע, כדי פירן מלחמות. טויזנטער אַזעלכע קריגס־לייט זיינען אַדורך די אָפּגרונטן, זיך אַרויפגעדראַפּעט צו די פעלדזען, דורכגעשניטן טייכן, פראָסט און זאַווערוכעס, און זיך געמאָרדעט. היינט איז דאָ שטיל. דער טרוקענער שניי האָט שוין לאַנג פאַרשאָטן דאָס בלוט און די גופים פון אַלע קריגס־לייט, פון די געווינער און פון די פאַרשפּי־לער, וואָס זיינען געפאַלן אין יענע מלחמות. און גיי זוך אין די פאַרשטויבטע בלעטער פון דער געשיכטע, כדי זיך דערוויסן פאַר וועמענס גלאָריע און פאַר וועלכע הייליקע צילן זיי זיינען געפאַלן.

— באָן וואָיאַזש.

— באָנאַ סעראַ.

מיר זיינען אין איטאַליע.

וואָס איז אַ גרענעץ? וואָס מיינט אַ גרענעץ? אַזוי האָבן מיר געפרעגט. אָבער זע: אַ קופּע שוואַרצע

הייזלעך, ווי צוזאַמענגעפּלויגענע שוואַרצע קראָען, הענגען אויפן באַרג. דאָס איז דאָס ערשטע בילד, מיט וועלכע עס באַגריסט דאָ איטאַליע. און דאָרטן, אויף דער צווייטער זייט, זייַנען די היימען געווען אַזעלכע ציכטיקע. אויך דער שניי פאַרשווינדט, ווערט אַ שוואַרצע מאַסע.



טאָרן.

אַמאָל איז אין דער שטאָט געווען אַ קאָנטיקע ייִדישע קהילה. היינט? האָט זיך ווער פון זיי געראַטעוועט, אָדער זייַנען די נאָענטע אַלפּן געווען צו ווייט און צו הויך פאַר ייִדישער רעטונג?

מיר פאָרן אין דער נאַכט. די דערפער און שטעטלעך אויפן וועג דערמאָנען מיט זייער אויסזען אַמאָליקע דאָרף־היימען אין ליטע, ווי זיי געדענקען זיך, פינצטערע, עלנטע, אָרעמע. מיר פאַרפאָרן אין אַלעסאַנדריאַ, צו רוען די נאַכט. די שטאָט, וואָס טראָגט געוויס דעם נאָמען פון אַ קעניגין פון די מידיציס, זעט אויס ווי אַ רוימישע פעסטונג. שמאָלע גאַסן, אָן טראָטואַרן, און ברייטע טויערן, וואָס פירן צו פינצטערע הויכע הייזער. איך קוק אַרייַן אין אַזאַ הייף, און די אָרעמקייט גיט אַ שפּאַר פון אַלע שטאָקן, פון אַלע טירן און באַלקאָנען, באַהאָנגען מיט וועש און מיט קולות פון קינדער. עס איז אומהיימלעך צו גיין אין גאַס, צווישן די ענגע ווענט, ווי מען וואָלט זיך געפונען אין אַ גרויסע תפיסה. איך הייב די אויגן צו דערבליקן דעם הימל, צו געפינען לופט, ווי כ׳וואָלט געליטן פון קלאַסטראָפאָביע. פון אַלע זייטן קוקן אַראָפּ פאַרשיידנאַרטיקע צלמים. און אָט, צווישן די צלמים, אַ שילד, וואָס האַלט זיך קוים: „קאָמוניסטישער פּאַרטיי־לאָקאַל“. נישט קיין וווּנדער וואָס אין דער קאַטוילישער איטאַליע איז אויפגעקומען דער פאַשיזם, און וואָס איצט איז דאָ פאַראַן די שטאַרקסטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אייראָפּע. די אָרעמקייט טרייבט צו עקסטרעמען און זוכט טרייסט, זוכט הילף, אין קאַטוילייציזם, אין פאַשיזם, אין קאָמוניזם — עפּעס אַן אמונה, אַז מאָרגן וועט זיין בעסער.

— פאַראַן דאָ היבראַיוס?

מיין שאלה ברענגט דעם האָטעל־באַזיצער אין פאַרלעגנהייט. ער שטאַמלט: „יאָ, געווען, געווען. היינט

ווייס איך ניט, מיר דוכט פֿאַראַן". אַז עס איז געווען ווייס איך. געווען דאָ אַמאָל אויך אַ ישיבה, אַ שיינע שול. אַלץ געווען. היינט? איך האָב אַן אַדרעס. לאָז איך זיך אַוועק זוכן. דריי טריט פֿון האָטעל איז די שול, און דער האָטעל אייגנטימער ווייס עס ניט, ווייל קיינער פֿרעגט ניט מער אויף דעם. יידן שטעלן זיך דאָ געוויס זוייניק אָפּ.

די שול — אַריינגעמויערט אין צייל הייזער פֿון דער גאַס, לאָזט זיך ניט דערקענען פֿאַר אַ פֿרעמדע אויג. מיר דערקלאַפּן אַן אָפּרוף פֿון אינעווייניק. אַן עלטערע פֿרוי, מיט אַ טיף טונקלען פּנים, ענטפֿערט מיט פֿריינדשאַפֿט אויף אונדזער „שלום". „שלום" איז געוואָרן דער שיפֿער, דער געהיימער פּאַס־וואָרט, וואָס לאָזט דערקענען אַ יידן צו אַ יידן אין אַ סך ערטער פֿון היינטיקן אייראָפּע, וווּ עס זיינען געבליבן איינציקע יידן. „שלום", „שמע ישראל". דאָס זיינען די געהיימע שפּרוכן, די שפּראַך פֿון אנוסים, וואָס גיבן זיך צו דערקענען, וואָס דערציילן וועגן גורל־שותּפֿות, פֿון פֿאָלקס אָנגעהעריקייט.

די פֿרוי האָט זיך געראַטעוועט אַהער פֿון טריפּאָלי. זי רעדט אַראַביש. ריידן מיר אויף תּרגום לשון, און דאָס וואָס זי דערעדט ניט — ווייזט זי אויס. פֿאַרשטייען מיר שוין אַלץ. אירע טרערן דערציילן: זי איז אַנטלאָפֿן פֿון טריפּאָלי. די אַראַבער, די רשעים, האָבן פֿאַרטריבן. „רשעים" איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער וואָרט פֿאַר יידן. אין טריפּאָלי איז געווען „טוב", גרויסע שולן, יידן האָבן געלערנט תּורה. „תּורה" איז אויך אַן אינטערנאַציאָנאַל וואָרט. און ווידער אַ פּאָר טרערן — פֿאַרשטייט מען שוין אַלץ גאָר קלאָר. דאָ איז זי די שמש'טע. אָבער דאָ קומען די יידן ניט דאַווענען. זיי קומען איין מאָל אַ יאָר, צוויי מאָל אַ יאָר, ראש השנה, פּסח. פֿונדעסטוועגן זעען מיר, לויט די מעלדונגען אויפֿן וואַנט־טאָוול, אַז די דרייסיק משפּחות האָבן אַ ציוניסטיש יוגנט־אָרגאַניזאַציע און אַז די קהילה האָט אַפֿילו אַ רב. מיר גייען אַרויף אין דער שול, וואָס געפֿינט זיך אויפֿן צווייטן שטאָק, און איז געבויט אין אַראַביש־ספֿרדישן סטיל. דער שיין־געשניצטער ארון הקודש הייבט שוין אָן צעפֿאַלן. אַלץ איז פֿאַרשטויבט, אָפּגעלאָזן. די זון שיינט איצט אַריין דורך די קאָלירטע פֿענצטער און דער שטויב אויף די בענק, אויפֿן ארון הקודש ליכטיקט ווי בראָנז. די דינע, ברוינע שטויב־זיילן ציען זיך ווי דאָס פֿלאַם פֿון יאָרצייט־ליכט אין דער סומנעקייט פֿון נעילה.

# בײַם קלײנעם ים

דער אַרײַנפֿאָר אין גענואַ, דורך די ליגוריאַן בערג, פֿירט איצט איבער צענדליקער בריקן און דורך נאָך מער טונעלן. בשעת דער רוימישער אימפּעריע, ווען די בוכטע דאָ האָט געשפּילט אַזאַ גרויסן באַדײַט פֿאַר די קריגערישע אַרמייען, איז דער צופֿאָר געווים געווען בעיקר דורכן ים. די רוימער זײַנען אָנגעשוווּמען מיטן ים און זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויף די בערג. אויף די בערג־הויכקייטן הענגען הײַזער, ווי אויף משקולות. דאָס זײַנען נאָך אַ זכר פֿון רוימישע פּאַלאַצן, ווו עס האָבן געלעבט די פּאַטריציער. אונטן שימערירט די גרינע בוכטע, וועלכע עס האָט באַזונגען דאָ פּעטראַרקאָ, פֿאַרגלײַכנדיק דעם ים צום הימל.

גענואַ איז אַמאָל געווען דער האַפֿן פֿון דער וועלט. און דאָ האָט פֿאַרבראַכט זײַנע יונגסטע יאָרן (און אפֿשר אויך דאָ געבוירן געוואָרן) קריסטאָפֿער קאָלומבוס. דער האַפֿן איז איצט אָנגעפּראָפּט מיט שיפֿן, ווי די שטאָט דאָ איז אָנגעפֿילט מיט געשיכטע, פֿון דער אַנטיקער צײַט, פֿון מיטלאַלטער און פֿון רענעסאַנס. נאָר גראָד דאָס פֿאָלק פֿון וועלט־וואַנדערער האָט זיך דאָ קיינמאָל ניט פֿאַראַנקערט. ייִדן האָט מען דאָ ניט געלאָזן זיך אײַנבירגערן. אײנציקע ייִדן האָבן יאָ געשאַפֿן צווייגן פֿון זייערע האַנדלס־משפּחות אין ווינעציאַ, פֿון פֿלאָרענס, פֿון רוים און ליסאַבאָן. אָבער אין אָט דער שטאָט, ווו מען האָט ייִדן ניט געלאָזן זיך אַרײַנשרײַבן מיט אַ קאָנטיקן קאַפּיטל, האָט געלעבט אײנער פֿון די גרעסטע פֿאַרשרײַבערס פֿון דער ייִדישער געשיכטע. דאָס איז געווען יוסף בן יהושע הכהן, דער מחבר פֿון „עמק הבכא“ און פֿון אַנדערע וויכטיקע ספֿרים וועגן ייִדישער היסטאָריע און

היסטאָריאָגראַפיע. אויף אים האָט מען געמעגט זאָגן „מיוסף עד יוסף לא קם כיוסף" — און ער האָט טאַקע אַליין געמאַכט דעם פאַרגלייך (אין דער הקדמה צו זיין ספר „דברי הימים למלכי צרפת ולמלכי בית אוטומאַן התוגר") צו יוסף בן מתתיהו (יאָזעפוס פלאַוויוס), וועלכער איז געווען דער גרויסער פאַרשרייבער וועגן יידישן לעבן אין יהודה און ישראל ביז צום חורבן. יוסף בן יהושע האָט געפילט, אַז ער איז ממשיך דאָס דערציילן די יידישע געשיכטע.

ביידע יוסף׳ס האָבן טאַקע אַ סך פאַרשריבן פון דעם וואָס זיי אַליין האָבן אַדורכגעלעבט, געשעענישן צו וועלכע זיי זיינען געווען עדות, אָדער וועגן וועלכע זיי האָבן באַקומען פאַרטרוילעכע ידיעות. און ביידע האָבן געשריבן די יידישע געשיכטע אין איטאַליע. דער ערשט־ער אין רוים. און יוסף הכהן אין, אָדער אַרום, גענוע. אין גענוע איז ער געקומען אַלס קינד, מיט דער משפחה וועלכע האָט אָפּגעשטאַמט פון די גולי ספרד. אין גענוע האָט ער געלערנט און דאָ באַרימט געוואָרן ווי אַ מעדיקער, אַ שרייבער, אַ פיטן, וועמענס קינות אַ טייל קהילות פלעגן אַלע יאָרן זאָגן תשעה באב. יוסף הכהן האָט געוויס אַרויסגעקוקט צו די אַרומיקע פעלדזן, ווען ער האָט געוויינט מיט די ווערטער פון די נביאים: „על ההרים אשא בכי ונהי" (אויף די בערג וועל איך אויפהייבן מיין געוויין און געקלאָג), ווייל „קויתי לשלום ואין" (נישטאָ די געהאָפטע רו).

צוויי מאָל האָט גענוע פאַרטריבן דעם היסטאָריקער, צוזאַמען מיט אַלע יידן. אָבער אויך אין וואַנדער האָט ער ניט אויפגעהערט שרייבן יידישע געשיכטע, וועגן דעם וואָס איז געשען צו פריערדיקע דורות, און וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט יידישע קהילות אין זיין אייגענער צייט. און מאָדנע: נאָך צוויי מאָל פאַרטריבן ווערן, איז ער פאָרט צוריקגעקומען אין גענוע, הגם אַנדערע ערטער האָבן אים געוועלט אויפנעמען ווי אַ דאָקטאָר.

היינט זיינען ווידער פאַראַן איינציקע יידישע משפחות אין גענוע. אָבער די יידישע פאָן פלאַטערט אויף ישראלדיקע שיפן אין האַפן. וועגן דעם האָט אפשר געחלומט דער באַשרייבער פון די ביטערע, בלוטיקע גזירות קעגן יידן אין גלות, יוסף הכהן, וואָס איז (אין 1575) דאָ געשטאָרבן. אָבער די הערשער פון שטאָט, וועלכע האָבן געראַנגלט יידן, האָבן געוויס ניט צוגעלאָזן

דעם געדאַנק, אַז עס וועט פלאַטערן אַ באַפרייטע יידישע פאָן אין זייער האַפן . . .



מיר לאָזן זיך מיט דער ריוועראַ. דער שמאָלער וועג, הויך איבערן ים, בויגט זיך און קאָרטשעט זיך אין יעדן איינשניט און קאָנטור פון ים, ווי אַ מענטש וואָס איז אין קראַמפּן. די הויכקייט און דאָס דרייען זיך פאַרשווינדלט ווי אויף אַ קאַרוסעל, אַז עס פאַרגייט דער אַפּעטיט צו אַריינעמען די שיינקייט. און שטעלט מען זיך אָפּ — דוכט זיך אַז יעדער אָרט איז דער שענסטער. אָבער פון אַנטקעגן איבער מאָניעט גלייך אַ באַרג, אין וועלכן דער ים האָט אַרויסגעביסן אַ שטיק פלייש, און די בוכטע רופט צו זיך מיט ניינעם כישוף.

אָט דעם קליינעם ים איז עס צו פאַרדאַנקען אַלע מלחמות, וואָס עס האָבן געפירט רוים און אַטענס, די איינעמערס פון ווייטע לענדער. ביי די ברעגעס פון דעם ים האָבן זיך געשיפט אַרמייען, צו פירן מלחמות. אָבער געטריבענע אין דראַנג צו באַהערשן ווייטע לענדער, האָבן די מלחמות אויך דערנענטערט פעלקער; צוליב די מלחמות האָבן זיי זיך באַגעגנט און, במילא, זיך אויך אומגעביטן מיט קולטורן און מיט אידייען. ווייל רוים און אַטענס געפינען זיך ביי דעם קליינעם ים, האָבן זיי געקענט אַוועקרודערן קיין מצרים, געקענט גרייכן ארץ ישראל, און אַלע ווייטע ברעגן פון מיטללענדישן וואַסער, און צו די טייך־איינגוסן, וועלכע פליסן אַריין אין דעם ים. רוים און אַטענס זיינען אַזוי דערגאַנגען קיין אַלעקסאַנדריאַ און קיין יפו. רוימישע מאַכט און אַטענישע חכמה האָט זיך באַגעגנט מיט ישראלס תורה און ביזאַנטישע קונסט. אויף די כוואַליעס פון אָט דעם ים האָבן זיי זיך אַלע געטראָגן. דער זעלבער וואַסער האָט זיי געבערט, זיי דורכגעמישט און געוואַשן. און פון אָט דעם ים האָבן אויך אַוועקגערודערט וואַסקאָ דע גאַמאַ און קאָלומבוס צו געפינען נייע וועלטן. און אין די רייזעס האָבן אויך יידן געהאַט אַ דירעקטן חלק. די יידישע לערע, אין לבוש פון קריסטנטום, איז מיטגעגאַנגען מיט אָט די ערשטע וועלט־רייזנדער. און די מאַפּעס פון אַסטראָנאָם און מאַטימאַטיקער אברהם זכות האָבן געדינט וואַסקאָ דע גאַמאָ און קאָלומבוסן. זכות האָט

געצייכנט דעם גאַנג פון די שטערן און זיי באַשריבן (1473) אין לשון קודש. אָבער דאָס איז באַלד איבערזעצט געוואָרן אין לאַטיין (אַלמאַנאַך פּלאַנעטאַריום), כדי די ים־רייזנדע זאָלן זיך קענען מיט דעם באַנוצן.

דער מיטלענדישער ים, דאָס איז די מוטער פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע, וואָס האָט זיך איבער־געטראָגן און באַווירקט אין אַזיע, אין אַפריקע און אַמעריקע. און מיט אַלע פעלערן, דורכפאַלן און צוריק־פאַלן, וואָס אָט די ציוויליזאַציע האָט געליטן, און ליידט, איז זי פאָרט די איינציקע וואָס באַשטימט דעם גאַנג פון אַלע פעלקער, פון דער גאַרער וועלט. און די ציוויליזאַצ־יע איז אַ געמיש פון אַלע די קולטורן, וועלכע זיינען אויפגעקומען ביי די ברעגעס פון אָט דעם ים.



די נאַכט וואַרט אונדז אָפּ אין דער שוועסטער־שטאָט פון גענואַ, וואָס ליגט אין אַ צווייטן איינבויג פון דער זעלבער בוכטע, און טראָגט דעם זינגענדיקן נאָמען: לאַ ספּעציאַ.

די געשעפטן דאָ זיינען פול, ווי אין גענואַ, מיט די שענסטע פּרוכטן פון דער גאָרער וועלט, וואָס אַזוינס זעט מען נאָר אין די גרויסע האַפן־שטעט. אין די גאַסן שפּאַצירן מאַטראָזן, געאָרעמט מיט צעשמייכלטע איטאַל־יענערינס. דאָס איז זייער שותּפות־פריינדשאַפט אין „נאַטאָ״ . . .

מיט וואָכן פריער האָבן מיר געזען די הויפּט קוואַטיר פון די „נאָרד אַטלאַנטישע פּאַקט־מדינות״, וואָס געפינט זיך נעבן בריסל. דאָרטן איז דער מוח פון „נאַטאָ״. דאָ זעט מען אַ טייל פון דעם כּוח, פון דער מאַכט, וואָס די פּאַקט־מדינות האָבן אויפן וואַסער. די ים־מאַכט באַהאַלט זיך דאָ אויס, אין דער נאַטירלעכער און פאַרשטעלטער בוכטע. די מאַטראָזן גיבן הייטערקייט די שטאָט, אַ געפיל ווי אויף אַ רוישיקן וואָקזאַל. און דאַך דוכט זיך, אַז די מענטשן גייען אום מיט פאַרפרעסטע ליפּן, און אַנשטאָט רייד שענקען זיי ווילינגער אַ שמייכל. די פאַרטיידיקונגס־מאַכט, וואָס שטייט אין זייערע גרענעצן, האָט אויסגעלערנט שווייגן, געוויס אַזוי מיט אַ פרעמדן, כדי ניט געשטרויכלט ווערן מיט אַן איבעריק וואָרט. אָבער די שטאָט איז שיין אַזוי ווי אַ מעשהלע, און פיל־קאָלירק,

— איז צו וואָזשע דאַרף מען ריידן . . .

ניט ווייט פון האַפן, איז אַ טראַטאָריאַ, אַ רעסטאָראַן מיט עכט איטאַליענישע מאכלים. איך גיי אַריין אין אַ שמועס מיטן שפּייזער. ער איז געווען אַ מאַטראָז, אויסגעווען אַ וועלט, ווי עס פּאַסט פּאַר אַ זון פון זיין פּאָלק. דערציילט ער ווו דער ים האָט אים אַלץ אַרומ־געפירט, און אויסטערלישע מעשיות, וואָס עס איז אַלץ מיט אים געשען, און דער ים דערגעבן פּרעפּלט צו אויף זיינע וווּנדער־וואַנדער געשיכטעס „אמן". אָבער אַ ייד קומט פון אַלע וואַנדערונגען צוריק צו יידן. פרעג איך אין דער שפּעטער שעה פון נאַכט די אַלטע שאלה: פאַראַן דאָ יידן? און איך באַקום דעם אַלט־נייעם ענטפער: געווען, פאַר דער מלחמה געווען, זיינען געקומען די דייטשן און — מיין שפּייזער לאָזט אַראָפּ די בליקן. נאָך גוט וואָס איינער שעמט זיך.

באַגינען. די זון איז אויפגעגאַנגען, אַריבערן ים, אַריבער די בערג, אַריבער די קריגס־שיפן, וואָס אַנקערן דאָ. די זון שטייט איצט אין מיין פענצטער, אַ גליענדיקע קויל. דאָס איז די שיינקייט פון דער נאַטור, וואָס קען אונדז כסדר באַגייסטערן אַזוי, אַז מיר זאָלן יעדעס מאָל טראַכטן: אַזוינס האָבן מיר נאָך ניט געזען. איך גיי אַרויס אין גאַס, לענגאויס דעם האַפן, — און וויל ניט אַוועק־פאָרן פון הי. אָט ערשט נעכטן געקומען, און שוין האָט זיך די שטאָט צוגעטאָן צו דיר, ווי דער ים צו די ברעגן, ווי אַ שיף צום באָרטן. אַריבערן גרינעם ים קרייזן ווייסע פייגל. מיר דוכט איך הער אין זייער פליגל־פּאָך אויס־שפּילן דעם געזאַנגיקן נאָמען: לאַ, לאַ ספּעציאַ, לאַ ספּעציאַ.



פּיזאַ ליגט אויף אונדזער וועג, וואָס צילט קיין פלאָרענץ. דער פּאַלנדיקער טורעם, וואָס וויל ניט איינפאַלן, ציט טוריסטן פון דער גאַנצער וועלט. אָבער מיך ציט אַהער גאָר — דער בית עולם, וואָס איז אַמאָל, גאָר אַמאָל, געווען אויסגעלייגט מיט ערד פון ארץ ישראל.

אונדזערע פרומע זיידעס, פאַרבענקטע צו דער ערד פון ארץ ישראל, פלעגן זיך אַנגרייטן זעקעלעך ארץ ישראל ערד, מען זאָל עס אונטערלייגן זיי צוקאָפּנס אין

קבֿר, עס זאָל זיך זיי לייכטער שלאָפֿן. אַז זיי האָבן ניט געקענט גיין מיט לעבעדיקע טריט אויף דער אייגענער ערד, האָבן זיי געוועלט אַז די אייגענע ערד זאָל זיי כאָטש טרייסטן אין גאַנג צו יענער וועלט. איז אפֿשר האָט אַזאַ ייִד, אַ פֿאַרבענקטער צו ארץ ישׂראל, עס איינגעפֿירט דעם מנהג דאָ, אויך פֿאַר די ניט ייִדן, און באַשאָטן דעם בית עולם מיט ערד פֿון ארץ ישׂראל. אפֿשר איז עס טאַקע געווען דער ייִד, וועמענס נאָמען איז געבליבן פֿאַרגעדענקט אין דער געשיכטע, וואָס האָט געהייסן יחיאל מפּיזאַ. נאָר צו ס'איז טאַקע נאָך פֿאַראַן ארץ ישׂראל ערד אויפֿן בית עולם לאָזט זיך ניט דערקענען. אָבער אויף די ווענט, וועלכע רינגלען אַרום די שטאָט, זײַנען געבליבן אַלע שפּורן פֿון די אַלטע מאַלערײַען, וואָס פֿירן אַרײַן אין אַ לאַנג־פֿאַרגאַנגענע וועלט.

דער איינגעהויקערטער טורעם אויף דער שטאָטישער פּיאַטצאַ דערציילט די מעשׂה, וואָס עס ווייסן הײַנט אַלע, אַז דאָ אויבן איז געשטאַנען גאַליליי און געוואָרפֿן קײַקלעך אַראָפּ, כּדי מעסטן די גראַוויטאַציע. פֿאַר אָט דער אַפּיקורסות האָט די קירך אים געלייגט אין חרם. איצט זעט מען דאָ נאָך אומגיין הונדערטער גלחים, ווי זיי שפּאַצירן, אין די לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט אַראָפּגעלאָזענע פֿאַרפֿרומטע בליקן. אָבער מענטש פֿליט צו דער לבֿנה, — אַדאַנק דעם וואָס גאַליליי האָט געעפֿנט דעם ברייטן וועג פֿון וויסנשאַפֿט. און ווי האָט ער עס געזאָלט זאָגן: די ערד באַוועגט זיך פֿאָרט . . .

אינהאַלט:

## ערשטער טייל: אין אַמעריקע



## צווייטער טייל: פון קייפ צו קאַיראָ

## דריטער טייל: אַרום אינדישן אָקעאַן



## פערטער טייל: אויף אויסגעטראָטענע וועגן